מ. פּיסיוק

# אויפן שוועל פון טויט

פערטער באַנד

פאַרלאַג „אחיספר" ביי געז. „צענטראַל" וואַרשע

# קאַפּיטל I

דער באָלשעוויזם אין ראָוונע. — אַלץ איז רויט. — די לאַגע פון „בורזשוי“. — דער 3-טער אינטערנאַציאָנאַל שטעקט אומעטום אריין די נאָז. — מיין בעטלס ארויפצוכאַפּן קיין קיעוו. — א פּראָפּעט, וואָס ברענט ווי מיט פייער. — א שמועס מיט די באַנ־באַמטע. — די מוראדיקע צוג-אַטאַקעס. — אויף די דעכער פון די וואַגאָנעס. — מיין נסיעה אין „שטאַבוואַגאָן“. — דאַך-מוזיק אין פּראָפּט. — אין שעפּעטאָווקע. — מען נעמט אונז מיט שטורעם. — די ראָל פון אויוונהייצער. — פאַרשאָלטענע בורזשויעס. — באַפּירקן אין קאָקאָלאַד, וואָס באַרואיקן. — מויטשרעק פון א צאַריזן אָפיציר אָן עפּאָלעטן. — אין בערדיטשעוו. — א מעשה מיט א דיקן באָבע, וועלכן מען ציט אַראָפּ די נייע שטיוול פון די פיס. — עס ווילט זיך נישט לאַכן און עס לאַכט זיך. — אין פאַסטאָוו. — מ והסדיקע אוקראַינישע דעלעגאַטן. — זעלנער באַשיצן אונז.

ווי מען האָט זיך געקענט ריכטן, האָט זיך אויך ראָוונע סוף-כל-סוף געמוזט פאַרוואַנדלען אין א באָלשעוויסטישער שטאָט מיט אַלע פּיטשעווקעס. אַנדערש האָט עס גאָרנישט געקענט זיין. דער באָלשעוויזם האָט זיך אריינגעכאַפּט אין אַלע אָרגאַניזאַציעס, אין אַלע אינסטיטוציעס — צי מען האָט עס געוואָלט, צי מען האָט עס נישט געוואָלט.

עס זענען מיטאַמאָל אויסגעוואַקסן געוואָרן ר ו י ט ע אָט־ריאַדן, עס זענען אָנגעפאָרן ר ו י ט ע אָראַטאָרן, עס זענען געגאַנגען ר ו י ט ע דעמאָנסטראַציעס. דאָס גאַנצע לעבן איז געוואָרן ר ו י ט. די שטאָט איז פאַרשאָטן געוואָרן מיט לענינס און טראָצקיס בילדער.

איצט איז שוין גלאַט געווען געפערלעך צו זיין אַ בורזשוי, אַ פאַבריקאַנט, אַ סוחר, אַ הויזבאַזיצער. אויב אַזאַ איינער האָט פריער געהאַט קעגן זיך די באַנדיטן און צעיושעטע רעשטלעך פון פראָנט, האָט ער שוין איצט בכלל נישט געוואוסט, וואו עס הייבט זיך אָן און וואו עס לאָזט זיך אויס זיין שונא, זיין פריינט, זיין קעגנער. ער האָט געהאַט צו קוקן אין אַלע זייטן, וואָרים אויך די לופט, די אומשולדיקע לופט איז אַזוי ווי געווען קעגן אים.

דער 3־טער אינטערנאַציאָנאַל האָט טריאומפירט. ער האָט אומעטום אַריינגעזאָגט זיין דעה, אומעטום אַריינגעשטעקט די נאָז, און די מיטלען, וועלכע ער האָט אָנגעווענדט, זענען על־פי־רוב געווען זייער דעצידירנדיקע...

מיר האָט עס נישט געשמעקט. די מאַכט פונם 3־טן אינטערנאַציאָנאַל איז געפאַלן אויף מיר, ווי אַ משא, וועלכע האָט מיך געקענט דערשטיקן. זיין רעזשים איז פאַר מיר געווען סם. די אָפטע רויטע דעמאָנסטראַציעס מיט די שאַרפע אויסרופן: „נידער מיט די בורזשויען!“ „אַ טויט די בורזשויען!“ האָבן מיר געגעבן צו שפירן, אַז איך דאַרף מיך וואָס גיכער אָפטראָגן פונדאַנען. דאָ, אין ראָוונע, איז נישטאָ פאַר מיר קיין אָרט.

איך האָב באַשלאָסן אַרויסצופאָרן מיט מיין פרוי קיין קיעוו, אַ שטאָט, וואָס האָט נאָך דערווייל גאַנץ ווייניק טועם טעם געווען פון באָלשעוויזם. בשעת אַ מענטש וויל זיך ראַ־

טעווען, באַגרינדעט ער נישט זיין באַשלוס, ער דרינגט זיך אין אים נישט אַריין. יעדער רעיון זיינער, ווי יעדע באַוועגונג, וואָס ער מאַכט, איז אַן אינסטינקטיווער, אַ געצוואונגענער, אַן איבערגעשראָקענער...

וואָס איז אין פלוג דער אונטערשייד צווישן קיעוו און ראָוונע? אויב דער רויטער אָפּשיין פון באָלשעוויזם איז נאָך נישט געהאָנגען איבער קיעוו, ווערט ער דאָרט שפּעטער הענ-גען. שוין זשע האָט דידאָזיקע שטאָט געקענט זיין אַ ישועה פאַר מיר? איך האָב מיך אָבער געדאַרפט ראַטעווען און האָב דעריבער נישט געקענט אַלץ גענוי איבערטראַכטן און איבער-מעסטן און איבערוועגן.

אינדרויסן האָט געברענט דער פראָסט. ס'איז געווען איינער פון יענע פרעסט, וואָס גיסט אייך אָפּ די הענט, די פיס, דאָס פנים מיטן העלישן פייער... פונדעסטוועגן בין איך אַוועק צו דער באַן און האָב דאָרט איבערגעשמועסט מיט אַ פּאָר באַן-באַאַמטע.

איך האָב זיי געפרעגט:

„צי איז מעגלעך ביי דעם מאָמענט אַרויסצופאָרן קיין קיעוו?"

דערויף האָט מיר איינער געענטפערט:

„דאָס איז זייער אַ שווערע אונטערנעמונג. די צוגן זע-נען איבערגעפּאַקט מיט זעלנער און ציווילע. מען שלאָגט זיך ממש פאַר אַן אָרט און מען שטעלט איין דאָס לעבן אין סכנות".

ער האָט אָבער צוגעגעבן:

„פאַראַן אַ מיטל..."

„דהיינו?"

ער האָט דערקלערט:

„איר פאַרשטייט, ווען דער צוג איז שוין אַן אָנגעפּאַקטער און אַן איבערגעפּאַקטער, טשעפּעט מען צו צו דעם לעצטן וואַגאָן נאָך אַ וואַגאָן פון צווייטן קלאַס. דערדאָזיקער וואַגאָן ווערט אָנגערופן שטאַבוואַגאָן. אין אים פאָרן אָפיצירן מיט בלומרשטע ארכיוו;, פּאַפּירן, קאָמאַנדיראָווקעס... מיר וועלן אייך באַזאָרגן מיט אַ קופּע אין דעמדאָזיקן וואַגאָן און איר וועט קענען אַרויספאָרן... קיין אַנדער מיטל איז נישטאָ און אויף אַן אַנדער שטייגער וועט איר זיך קיינמאָל נישט קענען אַרויסרייסן קיִין קיִעוו...”

עס פאַרשטייט זיך, אַז דאָס האָט געדאַרפט קאָסטן גוט געלט, אָבער ווער קוקט עס אויף דעם, בשעת דו פילסט, אַז דו גייסט אַרום אויף אַ וואולקאַן.

מיין ווייב האָט אַלץ געזאָגט:

„ס'איז אַ ריזיקע צו פאָרן”.

און זי איז געווען גערעכט. אָבער ס'איז דאָך פאָרט געווען אַ געפאַר צו פאַרבלייבן אין ראָוונע, וואו יעדער איינער האָט מיך געקענט. אויך די אַרומיקע פויערים, וואָס זענען איצט אַרויס פון גדר, האָבן מיך גוט געקענט: די האָבן געאַרבעט אין מיין זאַוואָד, יענע האָבן מיר געפירט גערשטן, אייז... און יעדער איינער פון זיי האָט איצט געפונען די פּאַסיקסטע צייט — זיך אָפּצורעכענען מיט אַ בורזשוי.

איך האָב געהאַלטן, אַז איך מוז טוישן ראָוונע אויף קיעוו און אַז מיר מוזן אַרויספאָרן. דאָרט, וואו די מאַכט אַליין איז קעגן מיר, איז דאָך נישט שייך, טאָר מען דאָך קיין איין איבעריקע מינוט נישט פאַרבלייבן.

און אָט האָט זיך אונטערגערוקט דער מאָמענט, ווען מיר האָבן זיך הייס צעזעגנט מיט די, וועלכע מיר האָבן איבערגע.

לאָזט, מיט די היימישע און נאָענטע, האָבן גענומען אונזערע פעק און זענען אַוועק אין אַ גרויסן פראָסט צו דער באַן.

נאַטירלעך, האָבן מיר גוט געפרווירן ביז עס איז אָנגעקומען דער צוג, וואָס איז געגאַנגען קיין קיעוו. וועגן דער געפערלעכער אַטאַקע פון די זעלנער אויף די וואַגאָנעס איז, מיין איך, איבעריק צו שרייבן. ס'איז גענוג צו זאָגן, אַז עס איז געוואָרן אַזאַ מענטשן-זאַוויערוכע, אַז ס'איז ממש פינסטער געוואָרן אין די אויגן און פון די קולות און געוואַלדן האָט מען געקענט טויב ווערן...

מען איז געקראָכן אין די וואַגאָנעס פון די טירן, פון די פענסטער און פונוואַנען עס האָט זיך נאָר געלאָזט און נישט געלאָזט. מען האָט פאַרכאַפּט אַלע דרויסנדיקע ברעטלעך, טרעפּלעך, אַרויסגערוקטע וואַגאָן-אייזנס און צולעצט זענען אויך באַזעצט געוואָרן די וואַגאָנדעכער...

דער פראָסט האָט געברענט און געבראָטן. ווי אַזוי וועלן די מענטשן, וועלכע האָבן זיך צוגעקלעפּט ווי פליגן צו דער וואַנט און צו די דעכער פון די וואַגאָנעס, אויסהאַלטן דעם שטעכעדיקן ווינט און דעם ברענענדיקן פראָסט? אַרום זיי האָט שוין באַצייטנס אַרומגעשפּאַצירט דער טויט...

אַ מינוט פאַר דעם, ווי דער צוג האָט געדאַרפט אָפּגיין, האָט מען צוגעטשעפּעט דעם „שטאַבוואַגאָן", און מיר האָבן זיך הענדום-פּענדום אַריינגעכאַפּט אין אַ קופּע. אין קופּע איז געזעסן אַן אָפיציר אָן עפּאָלעטן, ווי דער שטייגער איז דעמאָלט געווען. דער אויוונהייצער האָט באַלד געדאַרפט פאַרשליסן דעם וואַגאָן.

אין יענער צייט האָט מען אָבער נישט געקענט זיין קיין בריה. ווי שנעל דאָס אַלץ איז נישט צוגעגאַנגען — כמעט ווי

אין אַ פילם: באַלד צוגעטשעפּעט דעם װאַגאָן, באַלד זענען מיר אַריינגעלאָפן און באַלד איז דער אויװנהייצער געלאָפן מיטן שליסל צו דער טיר – פונדעסטװעגן האָבן זיך אַריינגע־כאַפּט אַ פּאָר צענדליק זעלנער...

זיי האָבן זיך אַריינגעכאַפּט מיט געשרייען, מיט טומל, ווי באַלעבאַטים און נישט ווי אומגעבעטענע געסט...

אַרויסוואַרפן זיי האָט מען אוודאי נישט געקענט און מען האָט נאָר געדאַנקט גאָט, ווען זיי זענען צולעצט אַנטשוויגן געוואָרן. גיכער האָבן זיי אונז געקענט אַרויסוואַרפן, און ס׳איז טאַקע געווען אַ נס, וואָס זיי האָבן דאָס נישט געטאָן...

אַפילו אויפן דאַך פון צוגעטשעפּעטן וואַגאָן האָבן זיך אַרויפגעדראַפּעט זעלנער. מיר האָבן געהערט, ווי זיי מאַכן זיך דאָרט „באַקוועם...״

צולעצט האָט זיך דער צוג גערירט אין וועג אַריין. ס׳איז געווען אַן אומעטיקע, אַן אומהיימלעכע נסיעה. קיעוו, האָט זיך געדאַכט, איז געלעגן ערגעץ ווייט, ווייט, און גאָט ווייס, ווי אַזוי מיר וועלן קומען אַהין. דער פראָסט האָט באַ־לייגט מיט אייז די פענסטער. די זעלנער האָבן געזונגען און געשמועסט, געשמועסט און געזונגען...

יעדעס מאָל, ווען דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ סטאַציע, האָבן די איבערשטע שכנים אונזערע, דאָס הייסט די זעלנער, וואָס זענען געפאָרן אויפן דאַך און זענען גוט געפרוירן געוואָרן, גענומען טאַנצן אויפן דאַך־בלעך, כדי זיך אָנצוואַרעמען אַ ביסל, און יעדעס מאָל האָבן מיר געמיינט, אַז דאָס בלעך וועט זיך איינברעכן און זיי וועלן אַריינפאַלן צווישן אונז אין קופּע...

דידאָזיקע דאַך־מוזיק האָט געקענט אָנפילן אַ האַרץ מיט

דעם גרעסטן פיין. דאָס האַרץ איז אָבער פאַרן צווייטן אינ־גאַנצן פאַרגליווערט געוואָרן. מען האָט פאַרלאָרן דאָס געפיל פון רחמנות. מען האָט בלויז געזאָרגט פאַר זיך...

„טאַנצוויוט"... האָבן די זעלנער צוגעוואונקען מיטן אויג צום סופיט.

מיר האָבן געשוויגן.

איך בין זיכער, אַז די דעכער פון די וואַגאָנעס האָבן געגעבן אַ סך קרבנות. דער פראָסט האָט זיך כסדר געשטאַרקט, און די פאַרגליווערטע קערפּער פון די דערפרוירענע זעלנער האָבן זיך נישט געקענט דערהאַלטן אויף דעם קליינינטשקן דאַך־אינזעלע. זיי האָבן געמוזט אַראָפּפאַלן.

אַזוי זענען מיר דערפאָרן ביז שעפּעטאָווקע.

ביז אַהער האָט אונזער כוואַטישער אויוונהייצער אויף יעדער סטאַציע העלדיש פאַרטיידיקט אונזער אָרעמען וואַגאָן פאַר די דרויסנדיקע זעלנער־כוואַליעס. ער האָט געהאַט פאַרשיי־דענע מיטלען דערצו. צמאָל פלעגט ער שרייען, אַז ס'איז אַ שטאַבוואַגאָן און קיינער טאָר זיך, חלילה, נישט צורירן צו אים. ער איז הייליק.

„וואוהין רייסט איר זיך, ווי די וועלף?!" פלעגט ער מאַכן קולות. „ס'איז אַ שטאַבוואַגאָן! קיין שום זייטיקער מענטש טאָר דאָ נישט אַריינקומען. אַזאַ באַפעל!"

אויף די זעלנער פון די קליינע סטאַציעלעך פלעגט עס דאָך מאַכן אַ רושם. זיי פלעגן אַראָפּלאָזן די נעז און מיט אַ דרייגאָרנדיקן מי שברך זיך לאָזן זוכן אַן אָרט ערגעץ אין אַן אַנדער וואַגאָן און האָבן אים, נאַטירלעך, נישט געפונען. נישט געקענט געפינען.

אַמאָל, ווידער, פלעגט ער שרייען, אַז דער וואַגאָן איז

איבערגעפּאַקט און קיין שום מענטש וועט זיך נישט קענען אַריינקריגן אין אים. און אויב מען האָט אים דאָך נישט געהערט און מען האָט געפּרוווט אויפרייסן די טיר, האָט ער זיך אַזוי לאַנג געראַנגלט מיט די דרויסנדיקע זעלנער, ביז דער צוג איז אָפּגעגאַנגען און ער האָט אויסגעפירט. אין וואַגאָן האָט קיינער נישט אַריינגעדרונגען.

אין שעפּעטאָווקע אָבער האָט זיך די לאַגע געענדערט. דאָרט האָט אַ כוואַליע זעלנער פּשוט גענומען שטורעמען דעם וואַגאָן. דעם אויוונהייצערס אַרגומענט, אַז דאָס איז אַ שטאַב-וואַגאָן האָט קיינעם נישט איבערגעשראָקן.

איך האָב געהערט, ווי מען שרייט צו אים פון דרויסן מיט בייזע קולות:

„טי, בראַט, זאַשטשישטשאַיעש פּראָקליאַטיך בורזשויעוו, האַ? פּאָדאָזשדי, פּאָשטשיטאַיעמסיאַ ס טאָבאָי!"*).

איך האָב געפילט, אַז דאָסמאָל וועט אונזער אויוונהייצער גאָרנישט מאַכן מיט זיי. די זעלנער-כוואַליע איז געווען אַ צו גרויסע און אַ צו שטורמישע. ס'איז מיר באַלד געוואָרן קאַלט און וואַרעם. ווען זיי זאָלן זיך אַריינרייסן אין וואַגאָן און אונז דאָ געפינען, קענען מיר זייער שלעכט אָפּשניידן. אַזאַ מין שפּיל קען זיך ענדיקן מיט דעם, וואָס מען זאָל אונז פּשוט נעמען און אַרויסוואַרפן דורכן פענסטער און אַ האָן וועט אַפילו נישט אַ קריי טאָן...

מיר זענען געשטאַנען פאַר דער גרעסטער געפאַר. די זעלנער האָבן געריסן די טיר, דער אויוונהייצער האָט זיך געראַנגלט מיט זיי. צולעצט האָבן מיר דערהערט אַ מוראדיקן

*) דו פאַרטיידיקסט, ברודער, די פאַרשאָלטענע בורזשויעס, האַ? וואַרט נאָר צו אַ ביסל, מיר וועלן זיך אָפּרעכענען מיט דיר

טראַסק, פונקט ווי דער גאַנצער וואַגאָן וואָלט זיך אויפגעריסן, און דער זעלנער-המון האָט זיך מיט גרויס נצחון צערייסגעריסן אינעווייניק...

מען האָט זיך אַריינגעריסן נאַטירלעך, מיט דעם הויכן מי שברך, מיט דעם ריכטיקן רעש און געפילדער און מיט אַ כוואַליע פראָכט, וואָס האָט זיך געטראָגן פון זייערע שינעלן. די רויטע פאַרפרוירענע פנימער און פאַרפרוירענע וואָנסן, באַהאָנגען מיט שטיקלעך אייז, האָבן געמאַכט אַן איינדרוק פון אמתע רוצחים.

„וויש, זאַבראַלי סיעבע וואַגאָן, בורזשואי פּראָקליאַטיע, אַ נאַם מערזנוט נאַ קרישע!" *) האָט מען שוין גענומען שרייען אויף אונזער אַדרעס.

דער אָפיציר אָן די עפּאָלעטן איז געוואָרן בלאַס. אין יענער צייט איז ער נאָך געווען טריפער פון אַ בורזשוי. זיין לעבן איז פשוט געהאָנגען אויף אַ האָר. אַ בלאַסער, האָט ער אַראָפּגעלאָזט די אויגן און האָט פאַרהאַלטן דעם אָטעם.

מען האָט זיך געדאַרפט תיכף ראַטעווען, פאַרכאַפּן דעם מאָמענט, ביז די זעלנער וועלן אַריינפאַלן אין דער אמתער רציחה. אַזוי ווי איך האָב געהאַט מיט זיך פּאַפּיראָסן און שאָקאָלאַד, בין איך באַלד געוואָרן אַ פילאַנטראָפּ און האָב גענומען מכבד זיין די אויפגערעגטע זעלנער מיט דעמדאָזיקן כיבוד. דאָס דאַרף מען מאַכן אי שנעל אי מיט אַזאַ מינע, אַז עס זאָל נישט אויסזען, ווי איך וואָלט זיי געוואָלט דערמיט אונטערקויפן...

קענטיק, אַז איך האָב עס געמאַכט נישט שלעכט. דער

*) זעסט אַ ביסל, די האָבן זיך צוגענומען אַ וואַגאָן, די פאַרשאָלטענע בורזשויעס, און מיר דאַרפן פרירן אויפן דאַך.

עולם האָט גענומען רויכערן, ליבן די פּאַפּיראָסן און קייען דעם שאָקאָלאַד... און דאָס בייזע הארץ איז זיי באַלד אָפּגע־גאַנגען.

איך האָב דערזען, אַז עס גייט אויף אַ דרך, האָב איך מיך אָנגערופן צו זיי, אַז איך וועל יעדן איינעם פון זיי באַ־פרידיקן, ווען מען וועט אָפּהיטן דעם וואַגאָן און נישט אַריינ־לאָזן אַהער מער קיין זעלנער.

„לאַדנאָ!" האָבן זיי געזאָגט און האָבן זיך טאַקע באַלד פאַרוואַנדלט אין טרייע וואַגאָן־שומרים... איצט האָט מען שוין גוט אָפּגעהיט דעם בורזשוי, קעגן וועלכן מען איז נישט לאַנג אַרויסגעטרעטן מיט אַזעלכע קולות און געוואַלדן.

דער צוג איז ווייטער געגאַנגען. דורך דעם איינגעפרוי־רענעם פענסטער האָבן מיר דערקענט דעם שטאַרקן פראָסט אינדרויסן. מיר זענען געזעסן אויף דער באַנק און זיך מע־כאַניש אומגעוויגט. איך האָב פאַרלאָרן דעם אַפּעטיט צום עסן, צום שלאָפן. דאָס האַרץ איז ווי פאַרגליווערט געוואָרן.

אין בערדיטשעוו האָט זיך אָנגעהייבן אַ פרישער שטו־רעם אויף אונזער וואַגאָן. מען האָט זיך מיט ווילדע קולות געריסן אין טיר, געסטראַשעט, געקלאַפּט מיט די פויסטן און פיס. די וואַגאָן־זעלנער האָבן זיך אָבער נישט איבערגעשראָקן און קיינעם נישט אַריינגעלאָזט. קענטיק, אַז מיט זעלנער קע־נען זיך ראַנגלען נאָר זעלנער...

צו די פענסטער פון דעם דערבייאיקן וואַגאָן איז צוגע־גאַנגען אַ רוסישער פּאָפּ און האָט זיך גענומען בעטן מיט תחנונים ביי די זעלנער, זיי זאָלן אים אַריינגעמען אין וואַגאָן.

„זעסט דאָך, ס'איז דאָך קאָפּ אויף קאָפּ", האָבן יענע געזאָגט, „ווי אַזוי קען מען דיך אַריינגעמען, באַטיושקאַ?"

„דורכן פענסטער״, האָט ער זיך געבעטן, „דורכן פענ־סטער, קינדערלעך...״

האָט מען געעפנט דאָס פענסטער. דער פּאָפּ האָט אַריינ־געשטעקט דעם גרויסן האָריקן קאָפּ אין פענסטער־חלל, די זעלנער האָבן אים אָנגעכאַפּט פאַר די הענט און מען האָט אים גענומען שלעפּן ווי אַ פלאַכטע אין וואַגאָן אַריין. ער איז אָבער געווען זייער דיק און דערצו נאָך גוט אָנגעפּעלצט און איז געבליבן שטעקן אינמיטן — מיטן קאָפּ אין וואַגאָן און מיט די פיס אינדרויסן...

„רעביאַטאַ!״ האָבן די זעלנער געשריען, „גיט אים נאָר, דעם סוחר, אַ גוטן שלעפּ אין וואַגאָן אַריין!״

האָט מען אים גענומען ווייטער שלעפּן פאַר די אַקסלען, פאַר די הענט. ער רירט זיך אָבער נישט פון אָרט. האָבן זיך מרחם געווען די דרויסנדיקע זעלנער און האָבן אים גענומען שטופּן פאַר די פיס, ווי אַ קלין אין וואַגאָן אַריין. מען האָט דעם פּאָפּ געשטופּט און געשטופּט, ביז מען האָט אים פאָרט אַריינגעקוועטשט אינעווייניק. ער האָט אָבער דערביי פאַרלאָרן אַ פּאָר נייע שטיוול. די דרויסנדיקע שטופּער האָבן אים ביי דער אַרבעט אַראָפּגעצויגן די שטיוול פון די פיס און זענען באַלד נעלם געוואָרן מיט זיי... וואָס וועט ער איצט טאָן אין אַזאַ פראָסט אָן שטיוול אויף די פיס?

עס איז געווען אַ טראַגיקאָמישע סצענקע, און ווי עס איז נישט געווען ביטער אויפן הארצן, האָט מען דאָך געמוזט אַ לאַך טאָן דערביי.

דער צוג איז ווייטער געגאַנגען.

אין פאַסטאָוו האָבן מיר געהאַט נייע שרעק. דער וואַגאָן האָט געמוזט געעפנט ווערן פאַר אוקראַינישע דעלעגאַטן, וועלכע

זענען געפֿאָרן קיין קיעוו. עס איז שוין כּלומרשט געווען אַן ענין פֿון דער רעגירונג, און דאָ האָבן שוין נישט געהאָלפֿן קיין שום טענות.

ווען די דעלעגאַטן זענען אַריין אין וואַגאָן, האָבן מיר געזאָלט זיין די ערשטע קרבנות. מען האָט אונז תּיכּף־ומיד געוואָלט אַרויסשליידערן פֿון וואַגאָן. פֿאַר אונז האָבן זיך אָבער איינגעשטעלט די זעלנער און האָבן נישט דערלאָזט דערצו. אויב זיי האָבן געמוזט עפֿענען דעם וואַגאָן פֿאַר די אוקראַינישע דעלעגאַטן, האָבן זיי אָבער געהאַט אַ כּוח נישט צו דערלאָזן, אַז מען זאָל עמעצן אַרויסוואַרפֿן פֿונדאַנען.

אַזוי, מיט אַזעלכע יסורים, האָבן מיר זיך פֿאַרשלעפּט קיין קיעוו. דידאָזיקע נסיעה איז איינגעקריצט געוואָרן אין זכּרון אויפֿן גאַנצן לעבן.



# קאַפּיטל II

אין קיעוו. — מען קריגט נישט קיין דירות. — אין אַ באַקאַנטן הויז. — אין קיעוו איז נישט בעסער ווי אין ראָוונע. — כאַאָס און אַנאַרכיע. — אין דער גאַנצער שטאָט שיסעריַיען. — עס ווילט זיך צוריק אַהיים. — ווידעראַמאָל ביַי דער באַן. — מען וואַרפט זיך ווי אַ פיש אין וואַסער. — אַ נסיעה מיט אַ קינד פון ניַין טעג. — די היפּנאָטיזירנדיקע ווירקונג פון אַן עופּעלע אויף צעוישעטע זעלנער. — דער צוג גייט שוואַך און די נערוון זענען צעשרויפט. — אין זדאָלבונאָוו. — ניַיע שרעק. — אַ מלחמה אין ראָווגע. — זדאָלבונאָוו אַ מלחמה־לאַגער. — אין רעכטן קנויל פון קריג. — מען פייערט פון אַלע זייטן. — אַ זינגענדיקער מיליטערלאַגער. — אַ ייִד, וואָס איז זיך מוסר־נפש. — וואָפּנשטילשטאַנד. — גוט אָפּגעשניטן. — די באָלשעוויקעס באַשיסן קיעוו. — פּופּצן טעג אין קעלערס. — ווידער אַ שטאָט אָן אַ מאַכט. — יונגע שיסן און אַלטע קרעכצן. — מען בענקט נאָך משיחן.

קיעוו איז געווען געוואַלדיק רוישיק, טומלדיק און איבערגעפּאַקט מיט מענטשן. עס איז נישט געווען וואו צו קריגן אַ צימער, כאָטש בלייַב אויף דער גאַס אין פראָסט. וואו דו גייסט און וואו דו פרעגסט זיך — אַלץ איז באַזעצט, פאַרנומען, איבערגעפּאַקט.

איך האָב מיך דערמאָנט אין אַ באַקאַנט הויז און בין

צריינגעפֿאָרן צהין מיט מיין פֿרוי. דער באַלעבאָס פֿונם הויז, אַ שיינער ייד און אַ שטיקל כחותן אונזערער, האָט אונז גאַנץ פֿיין אויפֿגענומען.

איך האָב אים געזאָגט:

„מיר פֿאָרן שוין אַרום אַ האַלבן טאָג איבער קיעוו און קענען בשום אופֿן נישט קריגן קיין צימער. מיר זענען גאָר אויסער זיך".

ער האָט אונז באַרואיקט:

„וועט איר זיין דערווייל ביי מיר, ביז איר וועט געפֿינען אַ צימער. מען דאַרף נישט זיין אויסער זיך".

מיר האָבן אַזוי געטאָן.

געקומען קיין קיעוו, אָנגעזאַפּט מיט פּחדים און איבערלעבונגען פֿון ראָוונע, האָב איך מיך ביסלעכווייז צוגעקוקט צום קיעווער לעבן, און האָב באַלד איינגעזען, אַז אין קיעוו איז אויך נישט זייער פֿייגלדיק.

אַלע פֿאַרנאַכט הייבט זיך אָן אַ מוראדיקע שיסעריי אין שטאָט, עס פֿאַלן קוילן, ווי האָגל, און מען קען אַזוי, פּלוצלונג, נישט מיר, נישט דיר, זיך איבערפּעקלען פֿון דניעפּר אויפֿן עולם האמת...

אין שטאָט איז זייער אומרואיק. עס גייען אַרום פֿאַרשיידענע קלאַנגען. נישט געקוקט דערויף, וואָס איך הער אַרום זיך לאַכן, פֿונדעסטוועגן איז יעדער איינער שטאַרק אָנגעשטרענגט. מען איז נישט זיכער מיטן מאָרגן, מיטן ביסל האָב און גוטס, מיטן לעבן.

דער באַנדיטיזם לאָזט זיך דאָ אויך שטאַרק פֿילן. מען באַפֿאַלט אין די הייזער, אין די גאַסן. עס איז רעכט, אַז מען שטעלט אָפּ אין רעכטן מיטן גאַס און מען ציט אַראָפּ ביי איי-

נעם דעם פוטער, דאָס גאָלדענע זייגערל, מען טאַפּט אים דורך די קעשענעס און מען זאָגט אים האַרב אַריין:

„גיב אָפּ דאָס געלט, וואָס דו האָסט, אַנישט איז דער טויט אויפן אָרט!“

איך בין, זעט אויס, געלאָפן פון פייער אין וואַסער און האָב שטאַרק חרטה געהאַט אויף מיין נסיעה. קיעוו איז איצט נישט געווען אַזאַ שטאָט, וואו מען האָט געקענט געפינען אַ ביסל מנוחה. מען דאַרף זאָגן, אַז אַזאַ מין שטאָט איז דעמאָלט בכלל נישט געווען בנמצא אויף די שטחים פון רוסלאַנד. אומעטום האָט געהערשט כאַאָס און אַנאַרכיע.

און דעמאָלט איז מיר איינגעפאַלן, ווי עס טרעפט טייל־מאָל מיט אַ קינד: מען דאַרף פאָרן צוריק, צוריק... אויב אומעטום איז שלעכט, איז דאָך די היימישע שלעכטקייט אַ בעסערע, ווי די פרעמדע...

אַזוי האָב איך מיר געטראַכט און האָב באַשלאָסן צו פאָרן וואָס גיכער אַהיים. מיין פרוי איז אַפילו געווען קעגן דעם. זי האָט געהאַט גערעכטע טענות און איינווענדונגען. מיין טאָכטער האָט ערשט נישט לאַנג געבוירן אַ קינד אין קיעוו; נישט פריער ווי נעכטן, איז געווען דער ברית. היינט ווי אַזוי פאָרט מען אַרויס פון קיעוו מיט אַזאַ עופעלע אין אַזאַ פראָסט און אין אַזאַ ענגשאַפט צווישן צעבושעוועטע זעלנער, וואָס האָבן אינגאַנצן פאַרלאָרן דעם פּרצוף פון אַ מענטשן? די יונגע קינפּעטאָרן האָט זיך אויך קוים געהאַלטן אויף די פיס...

איך האָב מיך אָבער איינגעשפּאַרט.

„מיר מוזן אַרויספאָרן פונדאַנען!“ האָב איך אַנטשלאָסן געזאָגט. „קיעוו איז פאַר אונז נישט קיין אָרט. אַהיים! אַהיים!

איך בין אװעק צו דער באַן און האָב אָנגעהייבן אונטער־האַנדלען מיט די באַנטרעגער, װאָס האָבן בעסער, װי אַלע, געװאוסט, װי אַזוי מען דאַרף איינאָרדענען אַ נסיעה אין אַזאַ צייט. זיי האָבן מיר געזאָגט װאָס און װי מען דאַרף טאָן, װעמען מען דאַרף עקסטרע צוצאָלן און מיט װאָסער צוג מען קען מאַכן די נסיעה.

איך האָב געדאַרפט משלם זיין דעם װאַגאָן־קאָנדוקטאָר און דעם אויװונהייצער און ביידע האָבן מיך פאַרזיכערט, אַז זיי װעלן אונז צושטעלן בשלום קיין ראָװנע.

איך האָב מיך געװאָרפן, װי אַ פיש אין װאַסער. די נסיעה פון ראָװנע קיין קיעװ איז מיר נאָך געלעגן, װי אַ קאָשמאַר אויף דער נשמה און אָט האָבן מיר זיך מכין געװען װידעראַמאָל אין װעג אַריין...

אין אַ מזלדיקער שעה האָבן מיר זיך אַלע אַריינגעזעצט אין װאַגאָן, און דער צוג איז אַרויס פון קיעװ. די ענגשאַפט איז דאָסמאָל נישט געװען אַזוי גרויס. דער עיקר איז געװען ענג אין די צוגן, װאָס זענען געגאַנגען פון דער פּראָװינץ אין די צענטערס. דער כאַאָס האָט כסדר געשלעפּט די מענטשן פון פּראָװינץ אין צענטער אַריין, פונקט װי יעדער איינער װאָלט דאָרט, אין צענטער, מיטאַמאָל באַגליקט געװאָרן.

מיר זענען געפאָרן גאַנץ רואיק, נאָר אין פאַסטאָװ האָט מען אונז געװאָלט אַרויסװאַרפן פון װאַגאָן. עס איז אַריינגע־פאַלן אַ כװאַליע זעלנער און עס האָבן זיך אָנגעהייבן די באַ־קאַנטע געשרייען:

„בורזשוי!..״

מיט נסים זענען מיר פאַרבליבן אויף אונזערע ערטער אין װאַגאָן.

דאָס קליינע צופעלע, וואָס איז אינגאַנצן אַלט געווען ניין טעג, האָט אונז אַ סך מאָל אַרויסגעהאָלפן. אַ מערקווירדיקע זאַך: די צעיושעטע זעלנער, וואָס האָבן, דאַכט זיך, פאַרלאָרן יעדעס מענטשלעכע געפיל, האָבן זיך תמיד דערבאַרעמט איבער דעם קליינעם עופעלע. ווי נאָר זיי האָבן זיך גענומען שפּאַרן מיט זייערע געזונטע עלנבויגנס און שרייען מיט די דורכגעפרוירענע הייזעריקע העלזער, און מען האָט זיי באַוויזן דאָס פּיצעלע קינד, זענען זיי עפּעס באַלד אָפּהענטיק געוואָרן, אַראָפּגעלאָזט די אויגן, ווי פאַרשעמט, ווי היפּנאָטיזירט, און גענומען ווייך מורמלען צווישן זיך:

„רעביאָנאָטשאָק... מאַליוטקאַ... אָסטאַוו...” *).

און זיי האָבן אונז אָפּגעלאָזט.

מיר זענען זייער לאַנגזאַם געפאָרן. דער צוג האָט זיך געשלעפּט, פּונקט ווי עמעץ וואָלט אים צוגעהאַלטן. וואָס מער מיר האָבן פאַרלאָרן די געדולט, אַלץ לאַנגזאַמער איז געגאַנגען דער צוג. אפשר האָט זיך אונז אַזוי געדאַכט: זענען מיר דאָך געפאָרן מיט צעשרויפטע נערוון, מיט אומרויִקע הערצער.

צולעצט זענען מיר אָנגעקומען קיין זדאָלבונאָוו, די לעצטע סטאַציע פאַר ראָוונע.

דער פראָסט האָט געפּלאַצט. ס'איז געפאַלן אַ גוס-רעגן. עס האָט אונז פאַרשמעקט מיט ראָוונע.

„מיר זענען באַלד אינדערהיים!” האָבן מיר זיך געפרייט.

עס איז אָבער געווען אַ צו פריענדיקע שמחה. אין זדאָלבונאָוו זענען מיר געוואָר געוואָרן, אַז אין ראָוונע קומט פאָר אַ פאָרמעלע מלחמה צווישן די אוקראַינער און די באָלשעווי-

*) אַ קינד... אַן עופעלע... לאָז אָפּ...

קעס. מען האָט אונז אויך דערציילט, אַז דעם פעלדשערס אַן איידעם איז אַוועקגעפאַלן פון די שיסערייען אין די גאַסן.

וואָס טוט מען איצט? דער צוג איז שוין ווייטער נישט געגאַנגען. אומבאַהאָלפענע האָבן מיר זיך אַרויסגעזעצט פון וואַגאָן מיטן פיצל קינד און אַריין אין וואָקזאַל. דער רעגן האָט געגאָסן און געגאָסן, פונקט ווי אין הערבסט.

דער וואָקזאַל איז געווען פאַק און פול מיט אוקראַינער און אוקראַינישע זעלנער. זיי האָבן, קענטיק, פאַרכאַפּט די סטאַציע, ווייל עס האָט זיך געהערט אַ געדיכטע שיסעריי פון אַלע זייטן. אַזויאַרום זענען מיר אַריינגעפאַלן אין רעכטן קנויל פון מלחמה, אין אַ מלחמה־לאַגער...

קיין מלחמה־שטימונג האָבן מיר אָבער אין וואָקזאַל נישט געטראָפן. די קריגערישע אוקראַינער האָבן געזונגען נאַציאָנאַלע לידער און אַנדערע האָבן אַפילו צוגעהאָפּקעט. בכלל איז עס געווען אַ פריילעכער געזעמל פון מענטשן, וואָס האָבן געמאַכט אַן איינדרוק פון צופרידענע מחותנים, וועלכע פאָרן אויף אַ רייכער חתונה...

נישט מער, אינדרויסן, אין גיס־רעגן האָט מען שטאַרק געשאָסן פון אַלע זייטן. אַ נס, וואָס מען האָט נישט געפּייערט פון הארמאַטן. זיי וואָלטן דאָ אַוודאי געמאַכט אַ קאַשע פון אונזערע גופים.

דאָס פיצל קינד האָט אונז דאָ ווידעראַמאָל אַרויסגעהאָלפן. דערזען דאָס עופעלע, האָבן די בעלי־המלחמה געמאַכט אַן אָרט פאַר אונז און מיר האָבן זיך אַנידערגעזעצט אין דער שווערער לופט פון שמוציקע שינעלן, זינגענדיקע זעלנער, אונטער דער שיסעריי אינדרויסן...

איך האָב אָבער נישט געקענט איינזיצן. די נערוון האָבן

מיך געהייבן פון אָרט. בין איך צוגעגאַנגען צום משרת פון בופעט און האָב אים געגעבן צען רובל אין גאָלד, אז ער זאָל מיר ברענגען אַהער דעם אָרטיקן פאָרשטייער פון אונזער ביר, ר' חיים פּ.

דער משרת איז אַוועק און האָט מיר געבראַכט ר' חיימען. דער לעצטער האָט זיך ממש מוסר-נפש געווען און איז געקומען צו אונז אונטער אַ האָגל פון קוילן. עס פאַרשטייט זיך, אז מען האָט באַלד גענומען אויספרעגן איינאַנדער און די צונג איז גאָרנישט מיד געוואָרן פון פראַגן און תשובות. שפּעטער, ווען די שיסעריי איז עטוואָס שטילער געוואָרן, האָט ער אונז באַזאָרגט אין אַן אַכסניא, וואו מען האָט געקענט כאָטש אָפּכאַפּן דעם אָטעם.

איבערגעקומען די נאַכט, זענען מיר צומאָרגנס אינדערפרי געוואָר געוואָרן, אז ביידע קעמפנדיקע צדדים, די אוקראַינער און די באָלשעוויקעס, האָבן געשלאָסן אַ צייטווייליקן שלום און אַז אין ראָוונע איז לעת-עתה רואיק. מיר זענען אויך געוואָר געוואָרן, אז מען האָט אונז אַרויסגעשיקט פורן פון ראָוונע און אַז מיר קענען אַרויספאָרן אַהיים.

מיר האָבן אָבער איינגעפונען, אַז ס'איז געפערלעך צו פאָרן מיט די פורן. מיט זיי האָט מען געקענט אַריינפאַלן גלייך צו די באַנדיטן אין די הענט אַריין, אָדער אין בעסטן פאַל — צו די וואַנדערנדיקע באַוואָפנטע זעלנער, וועלכע האָבן אָבער געקענט די מלאכה פון גזילה און מאָרד נישט ערגער פון באַנדיטן. מיר זענען אַרויסגעפאָרן מיטן צוג קיין ראָוונע און בשלום אָנגעקומען אַהיים.

פון קיעוו זענען מיר אַרויסגעפאָרן דעם 30-סטן דעצעמבער 1917. איך מיין, אַז מיר האָבן גוט געטאָן, וואָס מיר

האָבן זיך פון דאָרט אַרויסגעכאַפּט אַפילו מיט אַן עופּעלע אויף די הענט. וואָרים צומאָרגנס, דעם 31-סטן דעצעמבער, האָבן די באָלשעוויקעס באַשאָסן די שטאָט מיט גרויסע האַר-מאַטן אונטער דער אָנפירונג פון דעם באָלשעוויסטישן קאָמאַנ-דיר מוראַוויאָוון.

פופצן טעג איז די קיעווער באַפעלקערונג געלעגן אין די קעלערס!

הונגעריקע און פאַרמאָרעכטע, האָט מען אין די קעלערס געהערט, ווי עס רייסן זיך די שראַפּנעלן אויף די דעכער, אויף די שטיינער פון ברוק... מען איז געלעגן אין די קעלערס, ווי לעבעדיק באַגראָבענע און מען האָט מורא געהאַט אַרויס-צושטעקן דעם קאָפּ. אַזוי ווי איך האָב מיך פאַר דעררדאָזיקער צייט געזעגנט אָנגעגעסן מיט מורא און פחד, האָב איך מיר, מיין איך, געקענט פאַרגינען נישט צו זיין בעת מעשה אין קיעוו...

אין קיעוו איז געזעסן די אַזויגערופענע „ד י ר ע ק ט אָ ר י ע", אַ מלוכה-מאַכט וואָס האָט געהאַט אַ שוואַכן באָדן אונטער זיך. זי איז נישט געווען בכוח צו אָרגאַניזירן דאָס אוקראַינישע פאָלק, נישט געקוקט דערויף, וואָס איר פּראָגראַם האָט גע-שמעקט מיט סאָציאַליזם. די דירעקטאָריע איז אין כלל געווען מער דעקאָראַציע, ווי מאַכט.

די באָלשעוויקעס זענען אַריין אין קיעוו, און די דירעק-טאָריע איז אָפּגעטראָטן קיין וויניצע. אין דעררדאָזיקער מהומה איז ראָוונע ווידעראַמאָל געבליבן אָן אַ מאַכט. זי האָט אויס-געזען עפּעס ווי אַ שפּילכל, וואָס וואַלגערט זיך אַרום אויף די וועגן פון מלוכות... קיינער הייבט עס נישט אויף, מען האָט עס מורא אין האַנט צו נעמען...

אין שטאָט האָבן זיך געפונען ביי אַ 30—40 מיליציאַנטן, אונטער דער לייטונג פון אונזער חשובן אַדוואָקאַט ל. ק. דער אַרבעטער- און סאָלדאַטנראַט האָט קוים געזשיפעט. ער האָט געאָטעמט, ווי אַ פיש, וואָס ווערט אַרויסגעצויגן פון וואַסער. זיינע כוחות האָט ער פאַרלאָרן אין די וואַקלענישן פון דער באַפעלקערונג און אין די וואַקלענישן פון דער מאַכט.

דערפון איז אָבער לגמרי נישט געדרונגען, אַז אין ראָוונע האָט מען נישט געטאָרט שיסן, ווייל דאָס האָט, חלילה, געקענט עמעצן שאָדן אָדער איבערשרעקן. ניין, אין ראָוונע האָט מען נאָך אַלץ געפייערט פון רעוואָלווערן סיי בייטאָג און סיי ביינאַכט. מען האָט געפייערט אָן אַן אויפהער. איך מיין, אַז דערמיט האָט מען בלויז געגעבן צו וויסן דער וועלט, אַז ראָוונע לעבט נאָך, גאָט צו דאַנקען.

אַ שטאָט אָן אַ מאַכט האָט דאָך געדאַרפט האָבן אַ שטיקל פאַרבינדונג מיט דער וועלט, און אָט די פאַרבינדונג איז, אַפנים, געמאַכט געוואָרן דורך דער שיסעריי, ווי, אַ שטייגער, אַ פאַרבלאָנדזשעטע שיף, וואָס האַלט אין איין סיגנאַליזירן אויף די ימים, אַז זי האָט זיך פאַרבלאָנדזשעט...

די יונגע האָבן געשאָסן, די אַלטע האָבן געקרעכצט, געאיקעט, געקראַצט זיך אין די גרויע בערד אַריין און געזוכט אַלץ מיטן רעיון אַזאַ הנחה, וואָס זאָל קענען פאַרענטפערן דידאָזיקע צייט.

„ווער ווייס, וואָס עס וועט נאָך זיין", האָבן זיי מרה-שחורהדיק געטרייסלט מיט די קעפּ. „עס ווערט נישט גרינגער... עפּעס אַזוי ווי אַ חולאת וואָלט אין אַלעמען אַריין און מען קען צו זיך נישט קומען... עס וועט אַוודאי דערגיין דערצו, אַז מען וועט שוין גאָרנישט קריגן וואָס צו עסן. אַ פונטל ברויט וועט מען נישט קריגן פאַר מיליאָנען... די הלבשה וועט

צעפוילט ווערן אויפן גוף און נייע סחורות ווען נישט זיין בנמצא... און מען וועט אַרומגיין הויל און נאַקעט, הויט און ביינער..."

„נו, דעמאָלט וועט משיח קומען..." האָט אַן אַנדער זקן צוגעוואָרפן, „און צו משיחן וועט אַ ייד נישט צולייגן... ער וועט שוין אונז פאַרגיטיקן פאַר אַלץ"

אַך, די אַלטע האָבן שטאַרק געבענקט נאָך משיחן! כלעבן, עס איז זייער, זייער שווער איבערצוטראָגן אויף די אַלטע ביינער אַ וועלט-מלחמה און אַ רעוואָלוציע און אַ בירגערקריג. אַזוינס טאָר מען אַפילו דעם גרעסטן שונא נישט ווינטשן...



# קאַפּיטל III

די דירעקטאָריע און די דייטשן. — אַ געצוואונגענער שידוך צווישן אַ שטאַרקן און אַ שוואַכן צד. — דער דייטשער אָנזאָג צו דער עקזעקוטיווע פונם אַ״בעטער״ און סאָלדאַטנראַט. — די שמחה אין שטאָט. — דינסטיק, דעם 7-טן פעברואַר. — דער איינדרוק פונם דייטשישן מיליטער. — די ראַנגער סטראַטעגיקער. — די אָרדע-נונג אין שטאָט. — מען רייניקט די הויפן און די גאַסן. — מען קען רואיק שלאָפן. — דער דייטש שטעקט אומעטום אריין דאָס אויג. — אַ פאַרשפעטיקטער צוג מיט באָלשעוויסטישן מילי-טער. — אַ נאַכט אין פראָסט. — ווי אַזוי די דייטשן באַשטראָפן אַמאָל. — אוקראַינע און דייטשלאַנד. — מען זייגט די פעטע שפּחים פון אוקראַינע. — גראַף טשערנינס חשבון. — אוקראַינע האַלט אויס דייטשלאַנד און עסטרייך. — אַ פאַרמלחמהדיקע שטיל-קייט אין שטאָט. — אַ מיינונג פון אַן איבערגעשראָקענעם קרע-מער. — דער טעם פון שלאָפן רואיק.

די צעניזקטע דירעקטאָריע האָט זיך סוף-כל-סוף פאַרבונדן מיט די דייטשן. די דירעקטאָריע האָט געזוכט ביי די דייטשן מיליטערישע הילף, די דייטשן האָבן געזוכט ביי דער דירעק-טאָריע שפּייזפּראָדוקטן, עסנוואַרג. דערדאָזיקער שידוך האָט זיך, קענטיק, פאַרביידן געלוינט.

די דייטשן האָבן זיך גענומען אויסשפּרייטן איבער וואָלין

און אוקראַינע. דעם 6-טן פעברואַר 1918 איז דורך די דייטשן, וואָס זענען געשטאַנען אין קאָוועל, אָנגעזאָגט געוואָרן דער ראָוונער עקזעקוטיווע פונם אַרבעטער- און סאָלדאַטנראַט, אַז דער לעצטער דאַרף זיך אָפּטראָגן פון דער שטאָט ביז דעם 7-טן פעברואַר 2 אַ זייגער בייטאָג, אויב מען וויל אויסמיידן אַ צוזאַמענשטויס. די דייטשן גייען אַריין אין ראָוונע אויפן גרונט פון אַן אָפּמאַך צווישן זיי און די אוקראַינער.

דידאָזיקע ידיעה האָט זיך בליצשנעל פאַרשפּרייט איבער דער שטאָט.

בענקענדיק נאָך אַ ביסעלע מאַכט, נאָך אַ טראָפּעלע שוץ, נאָך אַ קאַפּעטשקע מנוחה, איז די שטאָט גאָר אויפגעלעבט געוואָרן. אַלע אויסגעמוטשעטע, פאַרשמאַכטע און איבערגעשראָקענע האָבן אויפגעהייבן די מידע אויגן צום הימל...

„נו, מיר האָבן לאַנג געוואַרט, אָבער זיך פאָרט דערוואַרט!" האָט מען זיך מיט פרייד געזאָגט.

„מיר האָבן אַ גוטן גאָט אין הימל!"

„דער גאָט, וואָס איז אין הימל, איז אויך אויף דער ערד".

„מען וועט קענען לעבן רואיק..."

„שלאָפן רואיק..."

„עסן רואיק..."

„מיר האָבן שוין גאָר פאַרגעסן, ווי אַזוי דאָס אַלץ זעט אויס. עפּעס גלויבט זיך גאָרנישט, אַז אויף דער וועלט איז נאָך דאָ אַזאַ סדר, ביי וועלכן מען קען שלאָפן רואיק... צי איז עס נישט אַן אויסגעטראַכטע מעשה?.."

אַזוי האָט מען זיך אַדורכגעשמועסט און מען האָט זיך געריבן די הענט פאַר שמחה.

דינסטיק, דעם 7-טן פעברואַר, פאַר 2 אַ זייגער, האָבן

זיך ארויסגעצויגן פון דער שטאָט אַלע רוסישע זעלנער, דער אָפּגעשוואַכטער אַרבעטער- און סאָלדאַטנראַט, ווי אויך די אַלע מאָגערע שיריים, וואָס האָבן געהייסן „מאַכט" אין ראָוונע.

אַנדערע פון זיי האָבן געקריצט מיט די ציין און האָבן מיט גרויס רציחה צוגעוואָרפן דער באַפעלקערונג איינדרויסן:

„מיר וועלן זיך נאָך זען. מיינט נישט, אַז דאָס איז שוין דער סוף... צום סוף איז נאָך ווייט".

איך ווייס נישט, צי עמעץ האָט געהאַט געדולט זיך צוצוהערן צו דידאָזיקע ווערטער. מען האָט געלעכצט נאָך די דייטשן. מען האָט געציילט די מינוטן.

און אָט זענען זיי טאַקע אַריין אין שטאָט. עס איז געווען אַ שיינער טאָג. אַ טאָג מיט זון און פראָסט. אין דער קלאָרער לופט האָט זיך צוערשט געצויגן אַ לאַנגע שורה וועלאָסיפּעדן-זעלנער, שיינע יונגען, וואָס האָבן אַפילו אין די שווערע מלחמה-יאָרן נישט פאַרלאָרן זייער עלעגאַנץ.

באַלד נאָך זיי האָט אַריינגעמאַרשירט די דייטשישע קאַוואַלעריע. שיינע זאַטע ציכטיקע פערד. לייכט-וויגנדיקע, שטאָלצע, ערנסטע רייטער מיט לאַנגע פּיקעס אין די הענט. די פּנימער גלאַט אויסגעראַזירטע, די מונדירן זויבערע, כמעט נייע... יידן האָבן שטאַרק געהאַלטן פון די דייטשישע גבורות אין דער וועלט-מלחמה, מען האָט אָבער משער געווען, אַז דער אומדערטרעגלעכער הונגער אין דייטשלאַנד האָט אַוודאי געמוזט אַרויפלייגן זיין חותם אויף דער דייטשישער אַרמעע. עס איז דאָך קלאָר: ווי אין לאַנד — אַזוי אין דער אַרמעע. מען האָט זיך פאָרגעשטעלט אויסגעהונגערטע און פאַרוואָרלאָזטע זעלנער, אומצופרידענע פּנימער, בייזע אויגן...

דעמדאָזיקן חותם האָבן מיר אָבער נישט געזען. פאַרקערט, קעגן די דייטשן האָט גאָר פאָנקע אויסגעזען אַ פאַרמוטשעטער,

אַן אויסגעהונגערטער און אַן אָרומגעפּליקטער, פּונקט ווי דער ערשטער וואָלט זיך די גאַנצע צייט גוט געגערט און דער צווייטער וואָלט כּסדר געפאַסט תעניתים...

די ראָוונער סטראַטעגיקער האָבן געטשמאָקעט מיט די ליפּן:

„איר קוקט נאָר אָן זעלנער: איינער אין איינעם! און ס'אָרא פיינע מאַגנאַטישע פּנימער..."

„נישט פאָנקע, האַ?"

מען האָט געקוקט און מען האָט נישט געקענט אָפּרייסן די התפּעלותדיקע אויגן פון די דייטשישע זעלנער.

נאָך די קאַוואַלעריסטן איז געפאָרן די אַרטילעריע מיט אירע האַרמאַטן, וואָס האָבן האַרט געקלאַפּט אויפן ראָוונער ברוק און נאָכדעם איז געגאַנגען די אינפאַנטעריע...

אמת, די אינפאַנטעריע האָט שוין נישט אויסגעזען אַזוי כוואַטיש, געשיקט און יונג, ווי די קאַוואַלעריע און אַרטילעריע. עס זענען געגאַנגען בערדיקע מענטשן, מאַנכע מיט פאַרזאָרגטע פּנימער, אַנדערע מיט גרויסע שפּאָקולן אויף קורצזיכטיקע אויגן... אין כּלל אָבער האָט אויך די דייטשישע אינפאַנטעריע געמאַכט אויסערלעך אַ בעסערן איינדרוק פון די רוסישע „פּעכאָטינצעס".

„פאָרט קולטור", האָט זיך אָנגערופן אַ ראָוונער יונגערמאַן פון די אינטעליגענטערע. „מען זעט מענטשלעכע פּנימער... זעלנער מיט מענטשלעכע פּנימער".

זייער אַריינמאַרש אין שטאָט איז אַדורכגעגאַנגען גאַנץ רואיק, אָן שום פּאַסירונגען, פּונקט ווי עס וואָלט אַריינגעמאַרשירט אַן אייגענע אַרמעע.

איבעריקנס, זענען זיי קענן מיר באַגאַנגען אַ גרויסע הזירייי. זיי האָבן אויף מיין זאָוואָד צוגענומען אַ פּאָר גוטע

פערד און איבערגעלאָזט אַ פּאָר אַלטע שקאַפּעס, דערבײַ האָבן זיי אַרויסגעגעבן עפּעס אַ קוויטל, אונטערגעשריבן: פּריץ. די זאַך האָט אויסגעזען ווי אַ מין „ראַבונעק" און מיין זון איז אַוועק אין די קאַזאַרמעס מיט אַן אָנקלאָג. מען האָט אים דאָרט אָבער ברוטאַל געענטפערט און מען האָט אים נאָכגעיאָגט מיט אַ רעוואָלווער אין דער האַנט...

די זאַך האָט מיר אַפילו זייער פאַרדראָסן, אָבער איך האָב שוין געזען עפּעס ערגערס פון דעם. זעלנער זענען דאָך זעלנער. אין אַלגעמיין האָבן זיך די דייטשן אויפגעפירט גאַנץ אָרטיק. פאַר אַלץ, וואָס מען האָט געקויפט, האָט מען געצאָלט אָדער מיט דייטשישע מאַרקן אָדער מיט רוסיש געלט, וואָס זיי האָבן, קענטיק, געהאַט לרוב. מען האָט נישט געכאַפּט, נישט געשלעפּט, נישט געראַבעוועט. מען האָט אויך נישט גע-הערט אין די גאַסן די שווערוואָגיקע מי שברכס...

די דייטשן האָבן באַלד פאַרנומען דעם מאַגיסטראַט, איינגעאָרדנט אַ קאָמענדאַנטור און גענומען באַלעבאַטעווען איבער דער שטאָט מיט אַזאַ געניטקייט, פּונקט ווי זיי וואָלטן דאָ געוואוינט הונדערטער יאָרן.

די ראָוונער באַלעבאַטים האָבן זיך באַצייטנס גענומען צו די שמוציקע פאַרלאָזטע הויפלעך און, מחילה, קלאָזעטן. זיי האָבן נישט געוואַרט ביז דער דייטש וועט אַרויסגיין מיט זיינע האַרבע התראות וועגן דעם ענין.

ראָוונע האָט דערווייל אָראָפּגעוואָרפן פון זיך אַ היפּש ביסל שמוץ, וואָס האָט זיך אָנגעזאַמלט פאַר די לעצטע מלחמה-יאָרן. מען האָט געוואוסט, אַז דער דייטש איז אַ גרויסער מקפּיד אין די ענינים פון ריינקייט און אַז ער לייגט אַרויף אַ האַרבע שטראָף פאַר דאָס קלענסטע ביסל שמוץ. האָט מען זיך געריייניקט, געשייערט, געפּוצט, ווי ערב פּסח.

דער דייטש האָט קיין שום שינויים נישט געמאַכט אין די שטאַטישע אינסטיטוציעס. אין דער פּאָליציי און אין דער שטאָט-דומע האָבן געאַרבעט דיזעלבע מענטשן, וואָס פריער. עס האָט זיך אָבער באַלד דערפילט דער כּוח פון אַ פעסטער מאַכט. מען האָט טאַקע געקענט רואיק שלאָפן. די באַנדיטן, וואָס האָבן פריער מיט אַזאַ חוצפּה געוועלטיקט איבער דער שטאָט, זענען כּהרף-עין נעלם געוואָרן. מען האָט געקענט גיין אין גאַס מיט געלט און מען האָט זיך בעת מעשה נישט גע-דאַרפט אַרומקוקן אין אַלע זייטן מיט איבערגעשראָקענע אויגן. אויך די שיסערייַ אין די גאַסן איז מיטאַמאָל איינגעשטילט געוואָרן...

געהאַלטן האָבן זיך די דייטשן כּלומרשט ווי נישט אָקו-פּאַנטן, נאָר ווי פאַרבינדעטע פון די אוקראַינער. אינדעראמתן אָבער זענען זיי געווען די גאַנצע באַלעבאַטים פון דער שטאָט. זיי האָבן אומעטום אַריינגעשטעקט זייער אויג און האָבן או-מעטום געהאַט זייערע אינפאָרמאַטאָרן. זייער ווילן האָט פּאַ-וואָליע, שריט נאָך שריט, דערשטיקט דעם ווילן פון די או-קראַינער, וואָס האָבן לגבי זיי נישט געקענט אַרויסשטעלן קיין שום ממשותדיקע קראַפט...

דער שידוך, וועגן וועלכן איך האָב אויבן גערעדט, איז אין פלוג געווען נישט קיין גלייכער. עס איז געווען אַ שטאַר-קער צד און אַ שוואַכער צד. דער שוואַכער האָט ווייניק גע-נאָסן פון דעם שטאַרקן, דער שטאַרקער האָט אָבער אַ סך גע-נומען פון דעם שוואַכן...

איך דערמאָן מיך: אין דעם באַרימטן דינסטיק, ווען די דייטשן זענען אַריין קיין ראָוונע, איז אינאָוונט אָנגעקומען פון סאַרנע אַ צוג מיט באָלשעוויסטישן מיליטער. די פירער פונעם מיליטער האָבן, קענטיק, נישט געוואוסט, אַז די דייטשן זענען

אריין אין שטאָט. זיי זענען אַרויסגעשפּרונגען פון די וואַגאָנעס מיט די ביקסן אין די הענט, אָבער זיי זענען באַלד אָפּגעשטעלט געוואָרן פון אַ הייפעלע דייטשן...

דאָס איז געשען פאַר זיי אַזוי אומגעריכט, אַז זיי האָבן זיך אינגאַנצן פאַרלאָרן. אָן שום ווערטער האָבן זיי אָפּגעגעבן דאָס געווער דעם הייפעלע דייטשן און האָבן זיך געלאָזט אַוועקפירן פון זיי, פונקט ווי קעלבער...

די דייטשן האָבן אַ גאַנצע נאַכט געהאַלטן די באָלשעוויקעס אויף דער גאַס אין פראָסט. דאָס איז געווען זייער אַ שווערע אָפּקומעניש. ערשט צומאָרגנס אינדערפרי האָט מען זיך דערבאַרעמט איבער זיי און מען האָט זיי האַלב-דערפרוירענע איבערגעשיקט אין געפאַנגענלאַגער...

דאָס האָבן געקענט די דייטשן. זיי האָבן טיילמאָל באַשטראָפט אָן דער אויסערלעכקייט פון שטראָף. מען האָט געלאָזט אַ מענטשן ליידן, און עס האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון צופעליקע יסורים.

אוקראַינע איז נאָך אַלץ געווען אַ פעט לאַנד און די דייטשן האָבן געוואוסט, ווי עס אויסצוזייגן. מען האָט איינגעהאַנדלט אין אוקראַינע אַלץ, וואָס עס האָט זיך נאָר געלאָזט און מען האָט עס אַרויסגעשיקט אין דעם אויסגעהונגערטן דייטשלאַנד. תבואה, גרינוואַרג, צוקער זענען געווען די הויפּט-אַרטיקלען, וואָס זענען געליפערט געוואָרן אין גרויסע קוואַנטומס פון אוקראַינע קיין דייטשלאַנד.

פון אוקראַינע האָט אויך געשלעפּט עסטרייך, נאַטירלעך, אַ סך ווייניקער, ווי דייטשלאַנד. מען קען זיך פאָרשטעלן, וויפל, אַ שטייגער, האָט דייטשלאַנד אַרויסגעפירט פּראָדוקטן פון אוקראַינע, ווען איר שוואַכער שותף, עסטרייך, האָט לויט, גראַף טשערנינס חשבונות, אַרויסגעפירט פון אוקראַינע בלויז

פֿאַר איין יאָר (1918) צוויי און פערציק טויזנט וואַגאָנעס מיט פֿאַרשיידענע שפּייזפּראָדוקטן!

„ערגעץ אַנדערש וואָלטן מיר נישט באַקומען די דאָזיקע שפּייזפּראָדוקטן”, שרייבט גראַף טשערנין אין זיינע מעמואַרן. „מיליאָנען מענטשן זענען אַ דאַנק זיי ניצול געוואָרן פֿון אַ הונגערטויט”.

הוצדעם, האָט כמעט יעדער דייטשישער זעלנער געהאַלטן פֿאַר זיין הייליקן חוב איינצוהאַנדלען, וואָס עס לאָזט זיך נאָר אין אוקראַינע, מאַכן פֿון דעם אַ פּעקעלע און אָפּשיקן נס אַהיים.

אַזוי ווי דער ערזאַץ האָט פֿאַרנומען אין דייטשלאַנד דעם אָרט פֿון אַלע נאַטורפּראָדוקטן און אַלע פֿאַבריק־אַרטיקלען, האָבן די דייטשישע זעלנער אַרויסגעשיקט פֿון אוקראַינע אַהיים נישט בלויז וואורשט, ברויט, פּרוכטן, פּאַסאָליעס, גרויפּן א. ד. גל., נאָך אויך זייף, קעמלעך, קנעפּלעך, וועש... אָנגעלאָדענע וואַגאָנעס זענען כסדר געגאַנגען פֿון אוקראַינע קיין דייטשלאַנד און קיין עסטרייך. דאָס, וואָס גראַף טשערנין האָט געשריבן וועגן עסטרייך אין פֿאַרבינדונג מיט אוקראַינע, האָט אַ דייטשישער אויסערנמיניסטער מיט מער רעכט געקענט זאָגן וועגן דייטשלאַנד.

ס'איז געווען צו זאָגן, אַז בלויז פֿון איין ראָוונע אַליין פֿלעגט יעדן טאָג אָפּגיין קיין דייטשלאַנד אַ צוג מיט פֿערציק אָנגעלאַדענע וואַגאָנעס...

ווי דאָס איז — אין ראָוונע איז אָבער געווען שטיל מיט יענער סטאַבילער שטילקייט, פֿון וועלכער מיר האָבן אפשר געוואָסן פֿאַר דער מלחמה. איך זאָג „אפשר”, ווייל די רוסישע

מאַכט איז נישט געווען אַזאַ גרויסע בריה און אַזאַ געוואַלדיקע אויפטוערין אין הלכות מנוחה...

„באַ, דער דייטש קען די מלאכה", האָבן ראָוונער יידן געשמועסט. „ס'איז שטיל... מען דאַרף זיך נישט טרייסלען, נישט צאַפּלען. נו, און פון באַנדיטן הערט מען עפּעס נישט..."

„און מען וועט פון זיי אויך נישט הערן. דער דייטש האָט פיינט די קינצן", רופט זיך אָן אַ קרעמער, וואָס האָט זיך אין די שווערע אומרואיקע טעג תמיד געטרייסלט פאַר זיין קאַסע און פאַר זיין גוף. „עס איז געקומען אַ באַלעבאָס און האָט געמאַכט אַן אָרדענונג..."

„אַ באַלעבאָס ?"

„זאָל זיין נישט קיין באַלעבאָס", האָט דער קרעמער נאָכגעגעבן, „אָבער איך האַלט תמיד פון דעם, וואָס האָט ליב אַן אָרדענונג און וואָס ווייס ווי צו מאַכן אַן אָרדענונג".

באמת, פון יענעם דינסטיק אָן, ווען מיר האָבן צום ערשטן מאָל דערזען די דייטשישע וועלאָסיפּעדן-זעלנער, פון יענעם זוניק-פּראָסטיקן און קלאָרן טאָג, דעם 7-טן פעברואַר, האָבן מיר, פרידלעכע און איבערגעשראָקענע מענטשן, אָנגעהייבן צו שלאָפן רואיק.

מען האָט אויך אויפגעהערט צו גיין מיט רעוואָלווערן אין גאַס. איך האָב מיך שוין מער נישט גענויטיקט אין מיין פּערזענלעכער שמירה...



# קאַפּיטל IV

די צענטראַלע ראַ״ע און די דייטשן. — די דייטשישע מלוכה־פירער און די דייטשישע מלחמה־פירער. — דער מצב פון דייטשלאַנד. — אַן אויסצוג פון גראַף טשערנינס מעמואַרן. — די קאָמבינאַציעס פון די דייטשישע מלחמה־פירער. — די דייטשישע פּאָליטיק אין וואָלין און אוקראַינע. — די רעקוויזיציעס אין דאָרף. — קעגנזייטיקע אויסראָטונג. — דער העטמאַן סקאָראָפּאַדסקי. — די באַציונג פון דער אוקראַינישער ראַדיקאַלער אינטעליגענץ צו די דייטשן. — אין די שטעט איז שטיל. — וויפל דאַרף האָבן אַ מענטש, אַז ער זאָל פאַרגעסן די יסורים. — די מוראַ טאָמער גייט אַוועק דער דייטש. — אַ פרעמדע אָנגעהאָרפּענע מאַכט, וואָס ברענגט מיט זיך אָרדענונג. — ווידעראַמאָל די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע. — די צוציונגסקראַפט פון ארץ־ישראל. — באַלפורס דעקלאַראַציע. — חלומות ביי די אַלטע, ענערגיע און ווילן ביי די יונגע. — די מפּלות פון די דייטשן אויפן מערב־פראָנט.

פאַר דער צייט, ווען די דייטשן האָבן זיך גענומען רוקן טיפער אין וואָלין און אוקראַינע, איז אין קיעוו אַנטשטאַנען די „צענטראַלע ראַדע״ מיט אַ יידישן מיניסטער וועגן יידישע ענינים. די פּראָגראַם פון דער „צענטראַלער ראַדע״ איז אָבער געווען צו לינק פאַר די דייטשן, וואָס האָבן זיך איצט שוין געפילט פאַר די גאַנצע באַלעבאַטים אין לאַנד. זיי האָבן באַ־

זעצט די גאַנצע באַנליניע ראָוונע — קיעוו און האָבן זיך גע־פירט ווי אמתע אָקופּאַנטן, הגם מיט אַ לייטישערער באַפּאַר־בונג. די אָקופּאַציע איז דאָך דורכגעפירט געוואָרן עטוואָס „איי־דעלער”, ווי ערגעץ אַנדערש.

די ערשטע זעקס חדשים פון יאָר 1918 האָבן בלויז די דייטשישע מלוכה־פירער אויסגעצייכנט געוואוסט, וואו מען האַלט אין דער וועלט. זיי האָבן געוואוסט, אַז דייטשלאַנד האָט פאַרשפּילט די מלחמה, אַז דאָס לאַנד שטייט פאַר אַ קאַטאַ־סטראָפע, אַז דער שאָטן פון רעוואָלוציע הענגט אין לופטן, אַז ווילהעלמס בענקל איז אין אַ סכנה. ווען עס האָט זיך גע־האַנדלט וועגן דעם „שידוך” מיט אוקראַינע, האָט די דייטשי־שע מלוכה־פירונג געזען אין אים נישט מער ווי אַ מיטל צו לינדערן דעם הונגער אין דייטשלאַנד.

פאַרקערט, די דייטשישע מיליטערישע אָנפירונג האָט זיך נישט אָפּגעגעבן קיין גענויעם חשבון וועגן דעם מצב פון דייטשלאַנד. זי האָט לגמרי נישט געוואוסט וואָס עס טוט זיך אין לאַנד. לודענדאָרף און הינדענבורג האָבן געהאַלטן, אַז די מלחמה איז נישט פאַרשפּילט, און זיי זענען נאָך אַפילו נישט פאַרטיק געוואָרן מיט דער פראַגע וועגן אַנעקסיעס און קאָנ־טריבוציעס.

דער אויבנדערמאנטער גראַף טשערנין, וואָס האָט זיך באַ־טייליקט, אַלס עסטרייכישער אויסערנמיניסטער אין די בריסקער אונטערהאַנדלונגען וועגן שלום, פאַרצייכנט דעם 5־טן פעברואַר 1918 אין זיינע מעמוּאַרן:

„איך האָב געהאַט עטלעכע שאַרפע צוזאַמענשטויסן מיט לודענדאָרפן. חוץ דער אויפקלערונג וועגן דער טאַקטיק ווערט אין בריסק אויפגעהייבן די פראַגע וועגן דעם, אַז מען דאַרף סוף־כל־סוף פעסטשטעלן שריפטלעך, אַז מיר זענען מחויב

צו פיין דעם קריג בלויז דערפאר — צו דערהאלטן די פאר-מלחמהדיקע גרענעצן פון דייטשלאנד. ליודענדארף איז שארף ארויסגעטרעטן קעגן דעם און האט געזאגט: אויב דייטשלאנד וועט שליסן א שלום אן רייוח, וועט עס הייסן, אז עס האט פארשפילט די מלחמה".

די דייטשישע מלחמה-פירער האבן גאנץ אפטימיסטיש געקוקט אויפן מצב פון דייטשלאנד אין פארבינדונג מיטן פראנט. און פאר זיי איז אוקראינע געווען א לאנד נישט בלויז פון מאסן פראדוקטן, נאר אויך אן ענין פאר פארשיי-דענע מלוכה-פלענער און מלוכה-קאמבינאציעס. צוליב דידאזיקע קאמבינאציעס האט מען אויך ארויפגעזעצט אויפן בענקל דעם העטמאן סקאראפאדסקי און די צענטראלע ראדע האט זיך אויפגעלייזט. געשטיצט פון די דייטשישע באגנעטן, האט דער העטמאן געקוקט אויף זיך, ווי אויף א מלך...

ביסלעכווייז האט זיך אלץ שטארקער און שטארקער גע-נומען פילן די שווערע מיליטערישע דייטשישע האנט. די אפטע רעקוויזיציעס האבן ארויסגעפירט דעם אוקראינישן פויער פון געדולט. ער האט פארשטאנען, אז די פרעמדע מאכט, וואס האט זיך אויסגעפוצט מיט אן אוקראינישן העטמאן און דער אוקראינישער העטמאן, וואס שטיצט זיך אויף דער פרעמדער מאכט, מיינען נישט זיין טובה. אלץ, וואס דאס פעלד האט אים געגעבן א דאנק זיין שווערער פראצע, האט ער גע-מוזט פארקויפן די דייטשן פאר אזא פרייז, ווי זיי האבן פארלאנגט, ווי זיי האבן באשטימט, און טאמער איז ער נישט איינגעגאנגען אויף אזא מין „טראנזאקציע", האט מען אים אן שום טענות רעקווירירט זיין קארן, זיין האבער, זיין ווייץ, זיין היי...

עס האט זיך אנגעהייבן א קעגנזייטיקע אויסראטונג. דער

דייטש האָט פאַרברענט גאַנצע דערפער, וואו די פויערים האָבן אים געשטעלט אַ ווידערשטאַנד. דער פויער האָט זיך גוקם געווען אין יעדן דייטשישן זעלנער און האָט אים דערהרגעט באַלד אויפן אָרט, וואו ער האָט נאָר געקענט און וואו עס האָט זיך נאָר געלאָזט. די באַציִונג צום פויער און דער אומ־געלומפּערטער העטמאַן־טראָן האָבן אויך איבערגעבראַכט די אוי־קראַאינישע ראַדיקאַלע אינטעליגענץ. זי האָט געקוקט אויפן דייטש, ווי אויף אַ שווערן אָקופּאַנט און האָט נאָר אָפּגעוואַרט דעם מאָמענט, ווען מען זאָל אים קענען אַראָפּוואַרפן פון זיך.

איבעריקנס, איז אין די שטעט אויסערלעך געווען רואיק. אין די שולן האָט מען געלערנט, אין די געשעפטן האָט מען געלייזט, אין די פאַבריקן האָט מען געאַרבעט.

ביי אונז אין ראָוונע האָט מען אַזוי ווי פאַרגעסן די מלחמה. ווען נישט דער דייטש מיט זיין אומבאַקאַנטער מילי־טערישער הלבשה, וואָס האָט זיך אַזוי מאָדנע געוואָרפן אין די אויגן, וואָלט מען געקענט מיינען, אַז אויף דער גאַנצער וועלט איז שוין לאַנג שלום געוואָרן...

וויפל דאַרף האָבן אַ מענטש, אַז ער זאָל פאַרגעסן די יסורים? איין פרייע גוטע וואָך. איין לייכטער גוטער חודש... און, ווידער, פאַרקערט: איין שלעכטע שעה, איין שלעכטער טאָג דעקט אויף און פרישט אָפּ די אַלטע וואונדן, די איבער־געבליבענע יסורים...

מען האָט געמיינט אין ראָוונע, אַז דער דייטש וועט שוין אַזוי אייביק דאָ פאַרבלייבן, פונקט ווי ער וואָלט פאַרלירן זיין היימלאַנד. מען האָט זיך איינגעשמועסט, בעסער: מען האָט זיך געוואָלט איינשמועסן, אַז דער דייטש האָט נישט וואָס צו פאַרלאָזן אוקראַינע. און וואָס טאַקע פעלט אים דאָ? ער האָט

דאָ געגוג צו פרעסן און צו טרינקען און קיין שום כוח קען דאָ נישט צוימען זיין מאַכט.

אַנדערע נאַיווע באַלעבאַטים האָבן מיט גרויס קוראַזש אויפגעוויזן, אַז דער דייטש קען כלל נישט אַוועקגיין פונדאַנען, ווייל ער האָט געשלאָסן אַן אָפּמאַך מיט דער דירעקטאָריע, אַז ער דאַרף דאָ זיצן ניין און ניינציק יאָר...

„וואָס הייסט, ער וועט אַוועקגיין?" האָבן זיי געטענהט. „וואָסער שוטה זאָגט זיך דאָס אָפּ פון אַ פעטן ביסן?"

אַן אַנדערער האָט צוגעגעבן:

„מען שיקט אַלץ אַהער אַזויפיל צוגן מיט מיליטער, מיט געווער. ווען דער דייטש וואָלט נישט געהאַט בדעה דאָ לאַנג צו זיצן, וואָלט ער זיך אַזוי נישט פאַרפעסטיקט..."

די דייטשישע מאַכט אין אוקראַינע איז זיכער געווען אַ פרעמדע אָנגעוואָרפענע מאַכט. אָבער זי האָט געבראַכט מיט זיך אָרדענונג אין אַזעלכע שטעט, וואָס זענען געווען בלויז כאָאָס און אַנאַרכיע, און דעריבער קען מען נישט באַשולדיקן די אָרטיקע באַפעלקערונג, ווען זי האָט געוואָלט, אַז דידאָזיקע מאַכט זאָל נישט אַוועקגיין.

מען האָט זיך אינסטינקטיוו געהאַלטן פאַרן דייטש, ווייל דאָס, וואָס מען האָט איבערגעלעבט, איז געווען צו פיינלעך, צו שרעקלעך. מען האָט געפילט, אַז דאָס, וואָס מען האָט איבערגעלעבט, וועט פאַרן דייטש מער נישט זיין. מען האָט אויך געמיינט, אַז דאָס איז שוין דער סוף, אַז די יסורים וועלן זיך מער נישט איבערחזרן. אָך, ווי מען האָט זיך טועה געווען. הינטערן רוקן פון יעדן איינעם איז געשטאַנען אַ פּעקל פּחד און אַנגסט, וואָס האָבן דערנאָך איבערגעוואויגן די פריערדיקע...

דערווייל אָבער, ווי געזאָגט, האָט זיך געלעבט נאָרמאַל.

די שלעכטע דייטשישע פּאָליטיק אין אוקראַינע איז די מיטעלע קלאַסן פון דער באַפעלקערונג נישט אָנגעגאַנגען און האָט זיי נישט געקענט אָנגיין. דידאָזיקע קלאַסן האָבן זיך געגויטיקט אין רו און פּרנסה, און פאַרן דייטש האָבן זיי דאָס דערגרייכט.

די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט זיך אין יענער צייט שטאַרק צעוואַקסן. די ציוניסטישע פאַרזאַמלונגען זענען געווען זייער אימפּאָזאַנט, די דעמאָנסטראַציעס (באַזונדערס לכבוד באַלפורס דעקלאַראַציע) האָבן ממש פאַרכאַפּט דאָס אויג. עס האָט געמאַכט דעם איינדרוק, ווי דאָס גאַנצע פאָלק, קליין און גרויס, רייך און אָרעם, וואָלטן זיך באַטייליקט אין זיי.

קיינמאָל האָבן נאָך ציוניסטישע רעדנער נישט גערעדט מיט אַזאַ באַגייסטערונג, מיט אַזאַ התלהבות, ווי דעמאָלט און קיינ-מאָל האָט נאָך דאָס יידישע האַרץ נישט געקלאַפּט מיט אַזויפיל האָפענונג, ווי אין יענע טעג.

מען האָט נישט געפילט פון ווייטן ארץ-ישראל — נאָר מען האָט עס אַזוי ווי אָנגעטאַפּט מיט די הענט. עס איז מיט-אַמאָל געוואָרן אונזערס, מיינס, דיינס, און עס האָט נאָר גע-וואַרט אויף אונזערע הייסע טרייע מחנות, וועלכע שפּאַנען מיט מוטיקע טריט פון גלות אַהיים...

דאָס מוראדיקע בלוטבאָד, וואָס האָט פאַרגאָסן גאַנץ אייראָפּע, האָט זיך פונדעסטוועגן געדאַרפט פאַרענטפערן, האָט זי אַרויסגעוואָרפן די לאָזונג:

„באַפרייונג און זעלבשטענדיקייט פון די קליינע פעלקער!"

יידן זענען אַריינגעפאַלן אין זיסע חלומות.

„יעדעס פאָלק ווערט אַ באַלעבאָס איבער זיין לאַנד",

האָט מען געשמועסט ביי אונז. „מיר באַקומען ארץ-ישראל...

צוויי טויזנט יאָר האָט מען זיך געוואַלגערט אינדערפרעמד, צוויי טויזנט יאָר האָט מען טאָג-טעגלעך דערמאָנט מיט ווײ-

טיק, מיט פיין דאָס לאַנד פון אונזערע אבות און איצט זענען מיר בײם ציל... אונזער דור איז אַ גליקלעכער דור... אמת, מיר האָבן איבערגעלעבט דאָס שרעקלעכסטע, וואָס קען אויס־פאַלן אויף אַ דור, אָבער די ליידן האָבן זיך באַצאָלט... מיר שטייען אויפן וועג צו דעם לאַנד, וואָס איז הייליקער פון אַלע לענדער אויף דער וועלט...

די שמועסן וועגן ארץ־ישראל האָבן זיך קיינמאָל נישט אויסגענומען. די פאַנטאַזיע האָט זיך אַלץ מער און מער צע־היצט ביי די שמועסער.

„און איך", רופט זיך אָן אַן אַלטער ייד מיט אַן אָנגע־האָדעוועטן הויקער פון נויט און פראַצע, „איך וואָלט נאָר גע־וואָלט זען אין ארץ־ישראל דער מוטער רחלס קבר... מער וויל איך גאָרנישט. איר רעדט אייך דאָ פון מלוכות און אַנדערע גוטע זאַכן. איך בין עס אייך מוחל. איך וויל נאָר איין זאַך: זען מיט די אייגענע אַלטע אויגן דער מוטער רחלס קבר... אַ קוק טאָן דערויף איין מאָל און נאָכאַמאָל און אַ דריט מאָל און נאָכדעם אָפּזאָגן ווידוי און זיך אַראָפּלאָזן דערביי אויף דער ערד און צומאַכן די אויגן און אָפּגעבן דעם רבונו־של־עולם די נשמה... מער דאַרף איך נישט..."

דערדאָזיקער חלום האָט זיך, קענטיק, אַריינגעזעצט אין דעם יידן, ווען ער איז נאָך געווען אַ קינד און האָט אים נישט פאַרלאָזט דאָס גאַנצע לעבן, ביז דאָס קינד האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַן אָרעמען זקן מיט אַ הויקער אויפן רוקן. דערדאָזיקער חלום שטאַמט נאָך פון יענע צייטן, ווען יידישע קינדער האָבן נאָך נישט געטריקנט קיין זומפּן, נישט געבויט קיין וועגן, נישט באַאַרבעט די האַרטע פאַרלאָזטע ערד פון ארץ־ישראל...

די יונגע ציוניסטן אונזערע האָבן שוין נישט געחלומט

פון דער מוטער רחלס קבר. די פּאָעטישע מוטער רחל, וואָס איז געווען אַזוי שיין, אַזוי גוט און אַזוי גליקלעך-אומגליקלעך, איז זיי אינגאַנצן אַרויסגעפאַלן פון זכרון. אָנשטאָט איר האָבן זיי געטראַכט פון דער מוטער ע ר ד, פון שווערער פּראָזאישער פּראַצע, פון פעלדאַרבעט, פון געפּערלעכע זומפּן, וואָס דאַרפן אויסגעטריקנט ווערן...

די חלומות זענען געבליבן ביי די אַלטע, ענערגיע און ווילן ביי די יונגע...



דער מצב פון די דייטשן אויפן מערב-פראָנט האָט זיך מיט יעדן טאָג פאַרערגערט. די אַנטאַנט האָט כסדר אַריינגע-פירט אין קאַמף פרישע כוחות. אירע אַמוניציע-זאַפּאַסן זענען מיט יעדן טאָג באַרייכערט געוואָרן.

די דייטשן האָבן זיך לגבי דער אַנטאַנט אויסגעשעפּט סיי אין מענטשן, סיי אין אַמוניציע. ווערדען האָט די דייטשן געקאָסט אַ שלל מיט מענטשלעכע לעבנס און ווערדען איז נישט גענומען געוואָרן. די לעצטע אָפענסיווע אויף פּאַריז, אין וועלכער די דייטשן האָבן אַריינגעלייגט די גאַנצע גבורה זייערע און ממש געשטעלט אין קאָן דעם גורל פון דער דייטשישער מלוכה, האָט זיך אויסגעלאָזט מיט גאָרנישט.

די תמיד פאָרויסגייענדיקע דייטשן האָבן צום ערשטן מאָל גענומען אָפּטרעטן...

די פייערלעך, וועלכע האָבן אָנגעצונדן די רוסישע רע-

וואָלוציע, האָבן זיך תחילת ביסלעכווייז איבערגעוואָרפן קיין דייטשלאַנד און נאָכדעם אויפן פראָנט.

דער דייטשישער זעלנער, וואָס האָט ביזאַהער ווייניק געטראַכט און האָט זיך מיט לייב און לעבן אַריינגעוואָרפן אין פייער פון מלחמה, האָט גענומען מורמלען, פאַרקנייטשן דעם זעלנערישן שטערן, פרעגן קשיות. ער איז אָפּהענטיק געוואָרן און האָט אינגאַנצן פאַרלאָרן זיין קריגערישקייט.

און די אַנטאַנט האָט זיך אַלץ מער און מער געריקט פאָרויס. זי האָט איצט גענומען צאָלן דעם אָפּגעשוואַכטן דייטש מיט די הויכע קלעפּ פון טאַנקען, מיט דעם שווערן געדיכטן רויך פון די גיפטיקע און אַלץ פאַרדעקנדיקע גאַזן...



# קאַפּיטל V

די לעצטע ידיעות אין די צייטונגען. — מ'ט די דייטשן האַלט שלעכט. — דער ראָונער סטראַטעגיקער. — עס גלויבט זיך נישט, אַז מען קען באַזיגן דעם דייטש. — פון מפּלות צו אומרוען. — עס ברעכט זיך די דייטשישע דיסציפּלין. — אויף די בערלינער גאַסן. — די רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד. — דער רושם אין וואָלין. — דער רושם אויפן דייטשישן מיליטער. — אַ גלייכגילטיקע מאַכט. — פונדאַסניי באַנדיטיזם. — דער געוואַלדיקער מאָרד קעגן דער משניות-שול. — מען באַווייַנט די טויטע און מען באַווייַנט זיך. — דייטשישע זעלנער קעגן די אייגענע אָפיצירן. — אויסצוגן פון דעם דייטשישן קרוינפּרינצס מעמואַרן. — ווילסאָן און פּאַפּ. — אַ מוסטער פון אומגעהאָרכזאַמקייט. — „לעבט דאָס פייער!" — אַ קריגערישער אָנהייב און אַ טרויעריק-וואָכעדיקער סוף.

נישט געקוקט בעַרויף, וואָס די ידיעות אין אונזערע צייטונגען זענען קאָנטראָלירט געוואָרן פון דער דייטשישער מאַכט, פונדעסטוועגן האָבן מיר אַרויסגעזען פון דידאָזיקע ידיעות, אַז דער מיליטערישער באָדן אונטער די דייטשן האָט זיך שטאַרק אַ טרייסל געטאָן.

„די דייטשן גייען צוריק!"

„די דייטשן קריגן געשלאָגן!"

„מיט די דייטשן האַלט שלעכט!“
„די אַנטאַנט גרייפט אָן“.
עס האָבן זיך אַפילו געפונען אַזעלכע סטראַטעגיקער אָפּטימיסטן, וואָס האָבן געהאַלטן, אַז דער דייטש איז אומבאַזיגבאַר.
„מענטש איינער“, האָט זיך אַזאַ איינער אויסגעטענהט מיטן צווייטן, אָננעמענדיק יענעם ביים לאַץ פון דער מאַרינאַרקע, „דו פאַרשטייסט נישט יעקעס מיליטערישע שפּיצלעך. ער האָט זיך לאַנג געשלאָגן ביי ווערדען, ווייל ער האָט געוואָלט אָפּציען די פראַנצויזישע כוחות פון פּאַריז, וואו ער האָט זיך מכין געווען צו געבן דעם דעצידירנדיקן קלאַפּ דער אַנטאַנט... ווערדען אַליין איז אים סוף־כל־סוף ווייניק אָנגעגאַנגען. ווען ער האָט דערגרייכט זיין ציל, דאָס הייסט ווען די פראַנצויזן האָבן טאַקע אָפּגעצויגן זייערע הויפּט־כוחות פון פּאַריז און געוואָרפן זיי גלייך אויף ווערדען, האָט דער דייטש פאַרלאָזט די פעסטונג און האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויף פּאַריז... דו פאַרשטייסט, וואָס מען רעדט מיט דיר?
„טאָ פאַרוואָס איז ער אַוועק פון פּאַריז?“ פרעגט יענער מיט אַ ביטערע שמייכעלע. „אויב אַזוי, האָט ער דאָך טאַקע געדאַרפט גלייך אַריין אין פּאַריז...“
„ער איז אַוועק פון פּאַריז, ווייל ער האָט אַ וויכטיקערן פונקט צו נעמען. פּאַ דע קאַלע איז וויכטיקער, ווייל פונדאַנען דראָט ער דירעקט אויף ענגלאַנד... מען דאַרף דאָך פאַרשטיין, וואָס מען רעדט“, זאָגט דער סטראַטעגיקער מיט גאווה.
נאָר דער דייטש גייט דאָך אינגאַנצן אַוועק פון דער פראַנצויזישער טעריטאָריע... ער ליידט דאָך כסדר מפּלות... ער קען דאָך נישט אויפהאַלטן דעם פראַנצויזישן אָנגריף. נישטאָ שוין די פריערדיקע כוחות“.

דער סטראַטעגיקער פאַלט אָבער בײַ זיך נישט אַראָפּ.

„דו ביזט אַ שוטה", זאָגט ער, „לײען, וואָס לײודענדאָרף האָט געזאָגט... אויף אַזעלכע זאַכן פאַרשטײט ער זיך אַ קאַפּעטשקע בעסער, ווי דו..."

„וואָס האָט ער געזאָגט?"

דער סטראַטעגיקער מאַכט אַ נצחונדיקע מינע:

„לײודענדאָרף זאָגט, אַז די מלחמה קען נאָך זײַן געוואונען פאַר די דײַטשן. מען דאַרף זיך נאָר אַ ביסל מער אָנשטרענגען..."

דער דײַטש האָט זיך אָבער נישט געקענט מער אָנשטרענגען. די זעלנער זענען געזעסן שלעפּעריקע אין די שוצגריבער. די אײַזערנע דיסציפּלין האָט געפּלאַצט אויפן פראָנט.

דידאָזיקע דיסציפּלין האָט אויך ביסלעכווײַז געפּלאַצט בײַם דײַטש אין אוקראַיִנע און וואָלין. אַ שטימונג וואַרפט זיך איבער, ווי אַ מגיפה פון אײן לאַנד אין אַ צווײטן.

פון פראָנט זענען אָנגעקומען אַלץ טרויעריקערע ידיעות. די דײַטשן האָבן געליטן אײן מפּלה נאָך דער אַנדערער. די אָנגרײַפנדיקע פראַנצויזן דערנענטערן זיך אין מאַנכע פּונקטן צו דער דײַטשישער גרענעץ.

עס איז שוין געווען קלאָר פאַר יעדן אײנעם, אַז די דײַטשן האָבן פאַרשפּילט די מלחמה.

די בלעטער האָבן געשריבן, אַז אין דײַטשלאַנד האָבן זיך אָנגעהײבן אומרוען, בונטן... אין דמיון האָבן מיר געזען, ווי אין דײַטשלאַנד הײבט זיך אָן דאָס אײגענע, וואָס אין רוסלאַנד, און אַ ציטער איז אַדורכגעלאָפן איבערן גאַנצן לײַב.

וואָס וועט עס זײַן? וואָס וועט עס זײַן?

געוואַלדיקע מחנות מענטשן האָבן געשריען אויף די בערלינער גאַסן:

„גענוג מיט דער מלחמה! מיר ווילן נישט מער! גיט אונז ברויט!"

מען האָט געבראָכן שויבן. מען האָט געשאָסן אין דער פּאָליציי.

פּלוצלונג איז אָנגעקומען אַ ידיעה, וואָס האָט אַ קלאַפּ געטאָן, ווי אַ דונער אין דער שטילער ראָוונער לופט:

„אַ רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד!!! ווילהעלם אַנטלאָפן קיין האָלאַנד!"

„ס'איז אַ סוף פון דער וועלט!" האָבן זיך יידן געחידושט און זיך אַרויפגעוואָרפן אויף די צייטונגען.

מען האָט געשלונגען די צייטונגען, ווי די האַלעשקעס און מען האָט אַלץ געהאַלטן אין רעדן מיט שווייס אויף די פּנימער. דער באַגראָבענער פּחד, אין וועלכן מען האָט כּמעט ווי פאַרגעסן, האָט ווידער איפגעהייבן דעם קאָפּ.

די דייטשישע אָפיצירן זענען אַרומגעגאַנגען שטייפע, מיט פאַרפרעסטע ליפּן. קיינער האָט נישט געקענט וויסן, וואָס זיי האָבן בעת מעשה געטראַכט. דערפאַר האָבן זיך אָבער די זעלנער געפרייט. זיי האָבן זיך געפרייט מיט דער נאָענטער פרייהייט. עס האָט זיי פאַרשמעקט די היים..

זיי האָבן פאַרשטאַנען, אַז דער יסוד פון זייער מאַכט אין וואָלין און אוקראַינע איז געפאַלן און אַז זיי ווערן דאָ אויס באַלעבאַטים. מען האָט עס אויך גלייך דערקענט אָן זיי. זיי האָבן אַראָפּגענומען די אויגן פון דער שטאָט. ביי די נעכטיקע מושלים האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט די הענט.

די באַנדיטן זענען באַלד אַרויסגעקראָכן ווי פון אונטער דער ערד, פונקט ווי מייז, וואָס האָבן דערשפּירט, אַז די קאַץ איז אַוועק.

דער ערשטער אָנפאַל איז געמאַכט געוואָרן אויף דעם

תשובן ראָוונער באַלעבאָס יוסף־דוד ק. די באַנדיטן זענען אים באַפאַלן פּרייטיקצונאַכטס. זיי האָבן פריער צוגעמאַכט די לאָדן האָבן זיך אַריינגעריסן אין הויז און געפאָדערט געלט. ער האָט קיין געלט נישט געהאַט ביי זיך. זיין זון, וואָס האָט געהאַט ביי זיך אַ רעוואָלווער, האָט אויסגעשאָסן, כדי זיי איבערצושרעקן. זיי האָבן זיך אָבער נישט איבערגעשראָקן. איידער זיי זענען אַנטלאָפן, האָבן זיי דערשאָסן יוסף־דודן און פאַרוואונדעט זיין פרוי.

עס האָבן זיך אָנגעהייבן די אַלטע גוטע צייטן.

די דייטשן האָבן זיך גלייכגילטיק צוגעקוקט צו דעם־דאָזיקן באַנדיטן־שפּיל. זיי האָבן אַזוי ווי מיטאַמאָל פאַרלאָרן דעם חוש פאַר דער אָרדענונג אין שטאָט. עס איז זיי קיין זאַך מער נישט אָנגעגאַנגען.

פּונקט אין אַ וואָך אַרום, ווען יידן האָבן זיך געשאָקלט אין משניות־שול ביים מעריב, האָט מען געמאַכט אַ צווייטן אָנפאַל, אַקוראַט קעגנאיבער דער שול, ביי זיינוול ב. אויך דאָ האָט מען פריער צוגעמאַכט די לאָדן און נאָכדעם זיך אַריינגעכאַפּט אין הויז מיט רעוואָלווערן אין די הענט און געפאָדערט געלט.

ווען די באַנדיטן האָבן קיין געלט נישט באַקומען, האָבן זיי דערשאָסן זאַנוול ב.ס צוויי זין. דער עלטערער זון איז געווען אַ טאַטע פון צוויי קינדער...

דאָס איז געווען אַ שרעקלעכע רציחה, וואָס האָט אויפגערודערט די גאַנצע שטאָט. מען האָט זיך אָבער נישט געקענט העלפן. די באַנדיטן האָט מען נישט געכאַפּט און די דייטשן האָבן זיך געהאַלטן אַזוי ווי נייטראַל...

די גאַנצע שטאָט האָט זיך באַטייליקט אין דער לוויה פון די דערשאָסענע. עס איז געווען אַ מוראדיק בילד:

מען האָט געטראָגן צוויי ברידער. צוויי יונגע לעבנס זענען מיט אַזאַ אכזריות אויסגעלאָשן געוואָרן.

מען האָט געזען אין דער לוויה אַ צייכן פון שווערע מהומהדיקע צייטן, וואָס רוקן זיך ווידער אָן אויף אונז, און נישט אומזיסט האָבן אַ סך געוויינט מיט ביטערע טרערן.

מען האָט באַוויינט די טויטע און מען האָט גלייכציי־טיק באַוויינט אויך זיך.

מען האָט זיך ווידער געדאַרפט נעמען צום רעוואָלווער און ווידער האָבן זיך אָנגעהייבן נעכט אָן שלאָף און טעג אָן אַפּעטיט צום עסן... דער קאָפּ האָט געטראָגן פון דאגות.

דער דייטש האָט זיך אַרך מער אַראָפּגערוקט פון זיין מאַכט. ער איז איצט אין פלוג געווען אַזוי הילפלאָז, ווי מיר. ער האָט נישט געוואוסט, וואָס פאָרצונעמען. אין דייטשלאַנד האָט די נייע רעפּובליק גענומען זיך אויספּיקן ערשט פון איי. דאָס מיליטער אין וואָלין און אין אוקראַינע האָט נאָך נישט באַקומען קיין באַשטימטע אינסטרוקציעס, די זעלנער האָבן זיך אָבער געריסן אַהיים, און דער אָפיציר האָט פאַרלאָרן די שליטה איבער זיי.

אין מאַנכע ערטער זענען זיי אַרויסגעטרעטן קעגן די אייגענע אָפיצירן. עס איז אַפילו געקומען צו בלוט־פאַרגיסונג. מען האָט פריער געזען די צעפאַלונג פון דער רוסישער אַרמעע, איצט האָט מען דאָסזעלבע געזען אין דער דייטשישער אַרמעע, וואָס האָט געהאַט אַזאַ געוואַלדיקע מיליטערישע מאַרקע פון אייזערנער דיסציפּלין.

וועגן דעם דעמאָלדיקן מצב אין דייטשלאַנד און אויפן מערב־פראָנט געפינען מיר אינטערעסאַנטע שילדערונגען אין די מעמואַרן פון דייטשישן קרוינפּרינץ.

אָט וואָס ער שרייבט:

„זומער, אָנהייב הערבסט 1918, האָט זיך די צעפאַלונג, וואָס האָט זיך אַלץ מער און מער פאַרשפּרייט, גענומען אַרויס-ווייזן אויך אין די אָקופּירטע געביטן. די אַלטע איינגעשטעלטע אָרדענונג אינם הינטערפראָנט איז זיך בולט צעפאַלן. אין די גרויסע עטאַפּן-פּונקטן האָט מען געקענט זען טויזנטער זעלנער, וואָס זענען אָפּגעשטאַנען פון זייערע מיליטערטיילן, דעזערטירן און אַזעלכע, וואָס זענען אָפּגעלאָזט געוואָרן אויף אורלויב.

„פון יענער צייט קומט מיר באַזונדערס אויפן זכרון אַ נסיעה צום פראָנט, בעת איך האָב מיך געמוזט אויפהאַלטן אויף דער באַנקנופּ-סטאַציע גירסאָן. דאָס איז געווען אַ שפּייז-פּונקט פאַר די אורלויב-זעלנער און פאַר די אָפּגעשטאַנענע און אַהער זענען כסדר געקומען הונדערטער זעלנער. איך האָב מיך או-מישנע צונויפגעמישט מיטן המון און פאַרפירט אַ שמועס מיט די מענטשן. דאָס, וואָס איז מיר אויסגעקומען צו הערן, האָט אויף מיר געמאַכט אַ שווערן רושם. דער גרעסטער טייל פון זיי איז שוין אינגאַנצן מיד געוואָרן פון דער מלחמה און האָט קוים פאַרבאָרגן דאָס געפיל פון אַנגסט, וואָס מען דאַרף זיך צוריק-קערן אויפן פראָנט. און דאָס זענען גאָרנישט געווען קיין צע-לאָזענע יונגען; ביי אַ סך פון זיי איז געווען אָנגעשריבן אויף די פּנימער, אַז די נערוון זייערע קענען שוין מער נישט אויס-האַלטן די אָנשטרענגונג און אַז די פּרימיטיווע שטאַרקע שטרע-בונג צו זעלבסטדערהאַלטונג האָט דאָ אפשר גובר געווען דעם געזונטן שכל, וואָס האָט זיי אונטערגעזאָגט, אַז מען דאַרף זיך ראַנגלען ביזן סוף.

מיט יעדן טאָג איז אַלץ שוואַכער געוואָרן די דיסציפּלין אין דעם נאָענטן הינטערפראָנט. דאָס האָט מען געקענט זען אַפילו אין דער הויפּטקוואַרטיר פון איין מיליטערישער גרופּע אין שאַרלוויל. אויף יעדן שריט און טריט האָט מען געמוזט אָפּ-

שטעלן די זעלנער און מאַכן זיי פאָרוואורף פאַר זייער שלעכ־
טער מיליטערישער האַלטונג און צעלאָזנקייט, פאַר דעם, וואָס
זיי סאַלוטירן נישט און פאַר אַנדערע דיסציפּלין־הטאים. די זעל־
נער, וואָס האָבן זיך צוריקגעקערט פון אורלויב און וואָס האָבן
זיך פריער אויסגעצייכנט מיט זייער קריגערישקייט, האָבן איצט
באַקומען אַ נייגונג נישט צו געהאָרכן און אויפצוהעצן זייערע
חברים. די נייע רעקרוטן, וואָס זענען אָנגעקומען אויפן פראָנט,
האָבן אין בעסטן פאַל נישט פאַרמאָגט אין זיך קיין פונק באַ־
גייסטערונג און זענען געווען דורכגעדרונגען מיט עפּעס אַ לייכט־
זיניקער באַציונג צו די הייליקע באַגריפן פאַר אַ זעלנער, ווי
פאָטערלאַנד, פליכט, טריישאַפט.

„אומגעפער סוף סעפּטעמבער האָבן זיך די געשעענישן
גענומען אַנטוויקלען אין אַ געוואַלדיקן טעמפּאָ. זיי האָבן דער־
מאָנט אין אַ מוראדיקער שריפה, וואָס האָט פריער פאַרבאָרגע־
נערהייט פאַוואָליע געטליעט און וואָס איז אָבער נאָכדעם פּלוצ־
לונג אַרויסגעשפּרונגען און האָט מיטאַמאָל באַלויכטן מיט אירע
פלאַמען די גאַנצע סביבה. אומעטום איז געווען פייער: דאָ, אין
מערב, אונטן, צו דרום־מזרח און אינעווייניק אין לאַנד״.

דער קרוינפּרינץ איז געווען פאַרצווייפלט. גלויבנדיק פריער
אין דער מעכטיקייט פון זיינע האַרמאַטן, האָט ער איצט געזוכט
אַ שלום, וואָס זאָל קענען כאָטש. פיל עס איז באַרואיקן דייטשלאַנד.

„פון דעם, וואָס דערגייט צו אונז פון פיינטלעכן לאַגער״,
שרייבט ער מעלאַנכאָליש, „קען מען אַרויסדרינגען, ווי מיר
שיינט, אַז דאָרט קעמפן צווישן זיך צוויי שטאַנדפּונקטן: איינער
געהערט צום פּרעזידענט ווילסאָן, וואָס וואָלט זייער געוואָלט
דורכפירן זיינע פערצן פונקטן, און דער צווייטער — דעם גע־
נעראַל פאָש, וואָס ווייס נאָר איין ציל: די פאַרניכטונג פון
דייטשלאַנד. אַן אומגלייכע פּאָר: דער טרוימער ווילסאָן און דער

פראַקטישער פּאַש. אויב עס זאָל געלינגען צו קומען שנעל צו אַ הסכם, וועלן די שאַנסן זיין אויף ווילסאָנס זייט; אויב אָבער די אונטערהאַנדלונגען וועלן זיך פאַרציען אויף לאַנג, וועט די צייט פאַרגרעסערן די שאַנסן פון גענעראַל פּאַש״.

וואָס ווייטער, ווערט אַלץ ערגער. דער דייטשישער פראָנט אין מערב ווערט איינגעבראָכן. פּאַש איז שטאַרקער פון ווילסאָנען. מען רעדט שוין מער נישט פון די פערצן פּונקטן. דער קרוינפּרינץ שרייבט:

„דעם 15-טן אָקטאָבער האָבן זיך פונדאָסניי אָנגעהייבן די שטאַרקע אַטאַקעס פונם שונא. ער האָט צוגערוקט זיינע אַרמעען צו אונזער פראָנט און האָט זיך אַרויפגעוואָרפן אויף אונז. אין אַ סך ערטער זענען מיר געווען געצוואונגען אָפּצוטרעטן... אונזער מיליטער איז דערגאַנגען ביז צום לעצטן גראַד פון דערשעפּונג. מיר האָבן אומעטום פאַרלוסטן, וואו נאָר דער קעגנער אַטאַקירט אונז. עס האָט געמאַכט דעם איינדרוק, ווי אונזער מיליטער וואָלט פאַרלאָרן די אינערלעכע ווידערשטאַנדס-קראַפט, באַלד ווי עס האָט נאָר דערהערט, אַז מען פאַרהאַנדלט וועגן שלום. ערטערווייז האָט עס אויסגעזען, אַז זיי ווילן זיך כלל מער נישט שלאָגן״.

און ווידער פאַלט דער קרוינפּרינץ אריין אין זיין מעלאַנכאָלישן טאָן, וואָס שמעקט אויך מיט מוסר:

„עס עקזיסטירט איצט אַ שאַרפער אַנטאַגאָניזם צווישן ווילסאָנען און פּאָשן. ווילסאָן וויל אַ גערעכטן שלום אופן גרונט פון אַלגעמיינער פאַרשטענדיקונג און הסכמה. פּאַש איז אָבער אויסן די פאַרניכטונג פון דייטשלאַנד און די באַפרידיקונג פון זיין פראַנצויזישער אייגנליבע״.

פון דעם דייטשישן קרוינפּרינץ רעדט שוין אַרויס דער צי-

ווילער מענטש מיט זיינע געוויינלעכע מענטשלעכע דאגות. די גאנצע קריגערישקייט זיינע איז צעפלאָסן געוואָרן, ווי רויך.

„דעם 28-סטן אָקטאָבער", שרייבט ער ווייטער, „האָט זיך מילער, מיין אַדיוטאַנט, צוריקגעקערט פון זיין דינסט-נסיעה אינם היימלאַנד. ער האָט געבראַכט שלעכטע ידיעות וועגן בונטן צווישן די מאַטראָזן. פון מילערס מיטטיילונגען זעט מען קלאָר אַרויס, אַז מיר שטייען אויף דער שוועל פון רעוואָלוציע און אַז מען נעמט נאָך אַלץ נישט אָן קיין שום מיטלען זי צו דערשטיקן.

איך בין געפאָרן מיט מיין אַדיוטאַנט צאָבעלטיץ פון וואָלסאָרט קיין זשיווע, כדי צו זען דאָס מיליטער, וואָס דאַרף ביי שאַרלוויל דערהאַלטן די ליניע מאַאַס. ווען מיר זענען ביי עטלעכע קילאָמעטער הינטער וואָלסאָרט צוגעפאָרן צו דעם אָרט, וואו די אייזנבאַן-ליניע גייט פּאַראַלעל מיטן שאָסיי, האָבן מיר זיך אָנגעטראָפן און זיך אָפּגעשטעלט מיט אַ צוג פאַר אורלויב-זעלנער, און דאָ האָב איך צום ערשטן מאָל דערזען אַ רויטע פאָן. דורך די אָפּענע אָדער צעהאַקטע פענסטער פון די וואַגאָנעס האָבן זיך געטראָגן ווילד-נאַרישע אויסגעשרייען, וואָס זענען אין יענער צייט געוואָרן דער לאָזונג פון אַלע אומצופרידענע און כקאַנדאַליסטן: „לעש דאָס פייער!" „מיט די מעסערס!"

איך האָב באַלד אָפּגעשטעלט דעם אויטאָמאָביל און צוגעגאַנגען צום צוג צוזאַמען מיט צאָבעלטיצן. איך האָב געהייסן די זעלנער, אַז זיי זאָלן אַרויסגיין פון צוג, וואָס זיי האָבן באַלד געטאָן.

דאָס זענען עטלעכע הונדערט מענטשן, אַ ווילדע באַנדע (פאַרן קרויגפרינץ איז עס, נאַטירלעך, געווען אַ ווילדע באַנדע!) על-פי-רוב בייערן, וואָס זענען געפאָרן פון פלאַנדריע.

פאָרויס איז געשטאַנען אַ ריזעדיק־הויכער בייערישער אונטער־אָפיציר אין אַ הוצפּהדיק־נאַכלעסיקער פּאָזע, מיט די הענט אין די קעשענעס — אַן אמתער מוסטער פון אומגעהאָרכזאַמ־קייט. איך האָב אָנגעשריען אויף אים, אַז ער זאָל זיך אַוועק־שטעלן אַזוי ווי עס דאַרף שטיין אַ דייטשישער זעלנער, און מיין געשריי האָט גלייך געווירקט. נאָכדעם האָב איך געזאָגט די זעלנער אַ פּאָר קורצע, אָבער ערנסטע ווערטער און האָב מיך, דער עיקר, באַמיט צו ווירקן אויף זייער ערגעפיל. נאָך איידער איך האָב געענדיקט רעדן, האָב איך געפילט, אַז מיין וואָרט האָט געווירקט.

צולעצט האָט זיך אָנגערופן אַ יונג זיבעצניעריק בחורל מיט אַ יינגלשן פּנים. ער האָט געזאָגט:

„אייער האָהייט, מיר זענען שוין דריי טעג אין וועג און מיר האָבן נישט באַקומען קיין פּיצל פּראָוויאַנט. קיינער טראַכט נישט פון אונז".

נאָך אים איז אַרויסגעטרעטן אַ זאַקסישער זעלנער, וועל־כער האָט זיך גאַנץ ברייטלעך און פאַמיליער אָנגערופן צום קרוינפּרינץ:

„מיר ווייסן, אַז איר האָט אַלעמאָל פּאַפּיראָסן פאַר די מוטיקע זעלנער, און ביי אונז דאָ איז שוין אויך אויסגעגאַנ־גען דער טיטון".

„הגם דידאָזיקע „מוטיקע" זעלנער", קלאָגט דער קרוינ־פּרינץ, „האָבן לגמרי נישט פאַרדינט, מען זאָל זיי אַנטקעגן קומען, פונדעסטוועגן האָב איך צעטיילט צווישן זיי מיינע פּאַפּיראָסן, פּשוט דערפאַר, ווייל איך בין אַריינגעגאַנגען אין זייער לאַגע".

„לעש דאָס פייער!" האָבן די דייטשישע זעלנער גע־שריען.

און דאָס פייער, דאָס מלחמה-פייער האָט זיך באמת געלאָשן, צו דעם גרויסן ווייטיק און צער פון די ווילהעלמס און די קרוינפרינצן. נו, געוויס, ביים לעשן דאָס פייער איז אויך צוזאַמענגעבראָכן געוואָרן די דייטשישע דינאַסטיע.

וואָס פאַר אַ קריגערישער, ברוטאַל-פריידיקער אָנהייב פון מלחמה ביי די דייטשן און וואָס פאַר אַ טרויעריקער גרוי-וואָכעדיקער סוף!

די אַלטע דייטשישע גענעראַלן זענען אַרומגעגאַנגען מיט צראָפּגעלאָזטע קעפּ און פאַרביסענע ליפּן, ווי אויף אַ לוויה...



# קאַפּיטל VI

דער פאַרגלייך צווישן רוסלאַנד און דייטשלאַנד. — אין רוסלאַנד מוז זיך אַלץ ענדיקן מיט בלוט. — זשיליאַר. — נקמה איז נישט קיין יידישע זאַך. — ווילהעלמס גורל. — אַ זיצונג פון גענעראַלן. — גענעראַל גרענער. — די רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד. — פסקאָוו און ספּאַ. — די אָפּטע ידיעות פון בערלין. — מען פאָדערט, אַז ווילהעלם זאָל אַבדיקירן. — אויך הינדענבורג איז פאַר ווילהעלמס אַבדיקאַציע. — וואָס זאָגן די אַרמעע-קאָמאַנדירן. — דער חערט פון דער שבועה. — די סצענע אין פּאַרק. — די שווייגנדיקע סעודה. — אַנגסט און פאַרצווייפלונג. — אַ ממשלה האָט פיינט לאַטעס. — דער מושל פון דייטשלאַנד מאַכט פליטה.

נישט ווילנדיק קומט אויפן רעיון דער פאַרגלייך צווישן רוסלאַנד און דייטשלאַנד, נאָכדעם, ווי די דאָזיקע צוויי מלוכות זענען אַרויס מיט צעקאַליעטשעטע ביינער פון וועלטקריג.

ביידע מלוכות האָבן פאַרלאָרן די דינאַסטיעס. אין רוסלאַנד איז עס אָבער צוגעגאַנגען אויף אַ שוידערלעכן אופן. פריער האָט מען ניקאָלאַי II פאַרשפּאַרט אין זיין אייגענעם פּאַלאַץ און נאָכדעם האָט מען אים מיט זיין געזינדל אַרויסגעשיקט קיין טאָבאָלסק.

יעדער איינער האָט געפילט, אַז דאָס לעבן פון די פאַר-

שיקטע הענגט אויף אַ האָר... עס וועט איבערלויפן אַ וואָך, אַ חודש, אַ האַלב יאָר — אָבער דער סוף מוז קומען. רוס־לאַנד איז שוין אַזוי געבויט, אַז יעדע געשעעניש און יעדער פינגאַל מוז דאָרט פאַרגאָסן ווערן מיט הייס בלוט...

שפּעטער האָט מען ניקאָלאַיען און זיין פאַמיליע אַריבער־געפירט קיין יעקאַטערינבורג. און דאָרט, אין יעקאַטערינבורג איז עס געשען.

זשיליאַר, אַ פראַנצויז פון דער שווייץ, וואָס איז געווען דער מדריך פונם טראָנפאָלגער און וואָס האָט באַגלייט ניקאָלאַיען אין זיין פאַרשיקונג, שרייבט אין זיין בוך „דער קיסר ניקאָ־לאַי II און זיין פאַמיליע":

„ביינאַכט זענען מיר אָנגעקומען קיין יעקאַטערינבורג, און דער צוג איז געבליבן שטיין אַ ביסל ווייטער פון וואָקזאַל".

אויפן וועג קיין יעקאַטערינבורג האָט מען זשיליאַרן אָפּ־געטיילט פון דעם קיסרס פאַמיליע. ביזאַהער האָט ער געלעבט צוזאַמען מיט איר. פאַרויספירנדיק די אַרעסטירטע פון טאָבאָלסק קיין יעקאַטערינבורג, האָט די באָלשעוויסטישע מאַכט באַלד אָנגענומען אַן אַנדערן טאָן — אַ שאַרפן און אַ שטרענגן.

„אַ זייגער ניין אינדערפרי", שרייבט זשיליאַר, „האָבן זיך עטלעכע דראָזשקעס אָפּגעשטעלט לענגאויס אונזער צוג, און איך האָב דערזען ווי פיר מענטשן האָבן זיך אַוועקגעלאָזט צו דעם וואַגאָן פון די קינדער.

„עס זענען אַוועק עטלעכע מינוט און דער מאַטראָז נאַ־גאָרני, וואָס האָט אַכטונג געגעבן אויף אַלעקסיי ניקאָלאַיעוויטשן*), איז פאַרבייגעגאַנגען מיין וואַגאָן-פענסטער מיט דעם קליינינטשקן הולה אויף די הענט. הינטער אים זענען געגאַנגען די גרויס־

*) דער טראָנפאָלגער. ער איז דעמאָלט קראַנק געווען.

פירשטינס, אַנגעלאָדן מיט טשעמאָדאַנעס און אַנדערע קליינע זאַכן. איך האָב געוואָלט אַרויסגיין צו זיי, אָבער דער וואַכזעלנער האָט מיך גראָד אָפּגעשטויסן אין וואַגאָן אַריין.

„איך בין ווידער צוגעגאַנגען צום פענסטער. טאַטיאַנאַ ניקאָלאַיעוונאַ איז געגאַנגען די לעצטע; מיט איין האַנט האָט זי געטראָגן איר הינטל און מיט דער צווייטער האָט זי מיט גרויס מי געשלעפּט דעם שווערן ברוינעם טשעמאָדאַן. עס איז געפאַלן אַ רעגן, און איך האָב געזען, ווי זי האָט געזונקען ביי יעדן טריט טיף אין בלאָטע... נאַגאָרני האָט איר אַפילו געוואָלט קומען צו הילף, אָבער איינער פון די קאָמיסאַרן האָט אים שטאַרק אָפּגעשטויסן..."

מער האָט זיי זשיליאַר נישט געזען. אין דער נאַכט פון 16-טן אויפן 17-טן יולי 1918 האָט מען דערשאָסן דעם קיסר, דער קיסרינע, זייערע קינדער, זייער הויזדאָקטאָר און עטלעכע דינער... מען האָט עס געמאַכט קורץ און שנעל.

ס'איז כדאי צו באַמערקן: יידן האָבן געהאַט זייער אַ שווער האַרץ אויף ניקאָלאַי II און זיין רעזשים, וואָס איז געווען פאַרבונדן מיט אַזויפיל פּאָגראָמען, פונדעסטוועגן האָט דידאָזיקע ידיעה טיף אויפגעטרייסלט נישט איין יידיש האַרץ... ווי זאָגט ביי פּרצן דער חסיד: „ניין, נקמה איז נישט קיין יידישע זאַך".

אַזוי האָט זיך געענדיקט די ראָמאַנאָוו-דינאַסטיע אין רוסלאַנד.

גאָר אַנדערש איז געפאַלן די האָהענצאָלערן-דינאַסטיע אין דייטשלאַנד.

פריער איז אין ספּאַ געווען אַ זיצונג פון די גענעראַלן אונטערן פאָרזיץ פון ווילהעלם II. עס איז געווען זייער אַ טרויעריקע זיצונג. די גענעראַלן זענען געווען בלאַס, צעטראָגן,

דענערווירט. ווילהעלם האָט אויסגעזען נישט בעסער פאַר זיי. מען האָט גערעדט פון דער שווערער לאַגע אין לאַנד און אויפן פראָנט. ווילהעלם האָט אויסגעהערט די רעדנער שטילשווייגנדיק. גענעראַל גרענער, וואָס האָט פאַרטראָטן ליודענדאָרפס אָרט, האָט אויסגעמאָלט אַ שוואַרץ בילד. ער האָט געזאָגט, אַז דער צושטאַנד פון דער אַרמעע איז אַ געפערלעכער. די זעלנער האָבן פאַרלאָרן דעם בטחון און דעם מוט. אין זיי האָט זיך אַריינגעכאַפּט דער גייסט פון אַנאַרכיע און מען קען זיך שוין מער אויף זיי נישט פאַרלאָזן. זיי זענען אינגאַנצן אַרויס פון מיליטערישן גדר.

נאָכדעם האָט ער גערעדט פונם הונגער אין לאַנד. דער הונגער האָט ממש צעקאַליעטשעט די באַפעלקערונג. געזונטע מענטשן האָט ער פאַרוואַנדלט אין קראַנקע, ענערגישע — אין אַפּאַטישע, שלעפּעריקע, וועלכע האָבן פאַרלאָרן דעם חשק צום לעבן, גוטע און שטילע — אין פאַרעקשנטע בייזע רעוואָלוציאָנערן, וועלכע קריצן מיט די ציין און וואַרטן נאָר אָפּ דעם מאָמענט, ווען מען וועט קענען אַרויס אויף דער גאַס און אָנצינדן דאָס פייער פון רעוואָלוציע...

„אייגנטלעך", האָט ער געזאָגט, „איז דאָס פייער פון רעוואָלוציע שוין אומעטום אָנגעצונדן: אין הינטערפראָנט, אויפן פראָנט, אין די שטעט, אין די דערפער, אין אַלע אינסטיטוציעס פון לאַנד. דערווייל איז עס נאָך אָבער עטוואָס צוגעדעקט. נישט אַלע אויגן זעען עס. נאָר עס איז נאָענט די שעה, ווען די פלאַמען פון רעוואָלוציע וועלן זיך מיטאַמאָל אויפהייבן ביז צו די וואָלקנס..."

גרענער האָט לאַנג גערעדט מיט שאַרפע נאַקעטע ווערטער. יעדעס וואָרט זיינס איז געפאַלן ווי אַ שטיין אויף וויל-

העלמס קאָפּ, וואָס איז אים אַלץ טיפער געזונקען אויף דער ברוסט.

פון גרענערס ווערטער האָט מען קלאָר פאַרשטאַנען, אַז ווילהעלם דאַרף זיך אָפּזאָגן פון טראָן...

דאָרט, אין פּסקאָוו, אויף דער סטאַציע, איז ניקאָלאַי כמעט געווען איינזאַם און אַליין, בעת גוטשקאָוו און שולגין זענען אַריין צו אים אין וואַגאָן און האָבן אים פאָרגעלייגט צו אַבדיקירן. די נאָענטע און טרייע, וואָס האָבן זיך געקניט פאַר אים צען מאָל אַ טאָג, האָבן אים פאַרלאָזט.

ווילהעלם איז אָבער געווען נישט אַזוי איינזאַם. ער האָט געהאַט לעבן זיך זיין זון, דעם קרוינפּרינץ, זיינע טרייע גע-נעראַלן און טרייע אַדיוטאַנטן. ער איז געזעסן צווישן טריי־מענטשן, אָבער ער איז געזעסן און האָט זיך געקווענקלט. ער האָט בשום אופן נישט געקענט שלום ווערן מיטן געדאַנק, אַז מען דאַרף אַבדיקירן, ווי ער האָט בשום אופן נישט געקענט אויפכאַפּן די לאָגישע פּעדעם פון דעם אָנהייב קריג מיט זיין פינאַל... ווי קומט צו אַזאַ התחלה אַזאַ סוף?

„טיף צעטרייסלט און שטילשווייגנדיק", שרייבט דער קרוינפּרינץ אין זיינע מעמואַרן, „האָט מיין פאָטער אויסגעהערט גענעראַל גרענערס ווערטער, פון וועלכע עס האָט זיך באַקומען אַ בילד, געמאָלט מיט די שוואַרצעסטע פאַרבן. אַלע האָבן געשוויגן".

אַ פּאָר גענעראַלן זענען אַפילו אַרויסגעטרעטן קעגן גרע-נערן. זיי האָבן אויפגעוויזן, אַז די לאַגע איז אין פלוג גאָר-נישט אַזאַ געפערלעכע. די בונטן קען מען באַלד איינשטילן מיט מיליטער און מען קען אויך אויפהייבן די דיסציפּלין אין דער אַרמעע. ביי אַ גוטן ווילן און ביי אַ פעסטער פירונג קען מען דערשטיקן אַלע מהומות אין לאַנד און די אַרמעע קען

פאַרלאָזן דעם פראָנט, נאָכדעם, ווי עס וועט געשלאָסן ווערן אַ שלום, מיט דערזעלבער אָרדענונג, ווי זי האָט פריער פאַרנומען דעם פראָנט.

אָבער שוין בעת דערדאָזיקער זיצונג זענען אָנגעקומען ידיעות פון פאַרשיידענע שטעט, אַז דאָרטן קומען פאָר בלוטיקע צוזאַמענשטויסן, אַז דאָס מיליטער גייט איבער אויף דער זייט פון די רעוואָלוציאָנערן און אַז מען פאָדערט די אַבדיקאַציע פון קייזער.

צולעצט האָט זיך ווילהעלם באַשלאָסן. ער האָט זיך אָנגערופן צום גענעראַל גרענער:

„אַזוי ווי אייער מיינונג באַפרידיקט מיך נישט אין דערדאָזיקער שווערער און העכסט וויכטיקער פראַגע, וואָלט איך געוואָלט, אַז איר זאָלט מיר צושטעלן אַ שריפטלעכן באַריכט סיי פון זיך און סיי פון פעלדמאַרשאַל הינדענבורג. דערדאָזיקער באַריכט מוז זיך אויך שטיצן אויף די מיינונגען פון אַלע אַרמעע-פירער פון מערב-פראָנט, וועלכע מען דאַרף ספּעציעל אָנפרעגן בנוגע דערדאָזיקער פראַגע. פירן אַ בירגערקריג מיט דער באַפעלקערונג וויל איך נישט, אָבער איך וויל, נאָכן שליסן דעם שלום, אָפּפירן דאָס מיליטער אין אָרדענונג אַהיים“.

דערויף האָט גענעראַל גרענער שאַרף און אומגעדולדיק געענטפערט:

„די אַרמעע וועט זיך צוריקקערן אין אָרדענונג, אונטער דער לייטונג פון אירע פירער און קאָמאַנדירן-גענעראַלן, אָבער נישט אונטער דער אָנפירונג פון אייער מאַיעסטעט“.

ווילהעלם האָט אויפגעציטערט פון דידאָזיקע ווערטער. ער האָט געפרעגט דעם גענעראַל גרענער:

אויף וואָסער גרונט זאָגט איר עס? אָט זאָגט דאָך גראַף שולענבערג פונקט דאָס פאַרקערטע, וואָס איר“.

גראַף שולענבערג, אַ גענעראַל, וואָס האָט זיך אויך באַטייליקט אין דער זיצונג, האָט אָנגעוויזן, אַז מען קען מיט מיליטערישע פּוחות גאַנץ לייכט דערשטיקן די רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד.

גענעראַל גרענער האָט אָבער טרוקן געענטפערט:

„איך האָב אַנדערע ידיעות".

אויף דער זיצונג איז אויך געווען הינדענבורג, וואָס האָט די גאַנצע צייט געשוויגן. איצט האָט ער גענומען אַ וואָרט. ער האָט געזאָגט:

„איך פיל אינגאַנצן מיט דעם גייסט פון מיליטערישער טריישאַפט, מיט וועלכער עס זענען דורכגעדרונגען די ווערטער פונם גענעראַל שולענבערג, דאָך אָבער בין איך געצוואונגען מספּים צו זיין מיט דעם גענעראַל גרענערס בליק אויף דער זאַך. איך האַלט אויך, אויפן גרונט פון די אינפאָרמאַציעס, וועלכע די הויפט-קאָמאַנדירן האָבן באַקומען סיי פון פראָנט און סיי פון הינטערפראָנט, אַז ס'איז אוממעגלעך צו דערשטיקן די רעוואָלוציע ביי דעם איצטיקן מאָמענט. און איך מיין אויך, ווי גרענער, אַז איך קען שוין מער נישט זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער זיכערקייט פון דער אַרמעע".

פאַרן שליסן דידאָזיקע היסטאָרישע זיצונג האָט ווילהעלם געזאָגט:

„ווען איר וועט מיר מיטטיילן, אַז די אַרמעע שטייט נישט אויף מיין זייט, וועל איך דעמאָלט אַוועקגיין — אָבער נישט פריער".

ווילהעלם האָט דאָך געהאַט נאָך אַ האָפענונג, אַז אין ערגסטן פאַל קען ער נאָך בלייבן פּרייסישער קעניג, און וויבאַלד אַזוי, האָט ער דאָך נישט וואָס צו פאַרלאָזן די אַרמעע.

דידאָזיקע האָפענונג האָט אָבער לאַנג נישט געלעבט. אינ-

גיכן איז פון דער נייער רעגירונג אין בערלין אָנגעקומען אַ מיטטיילונג אין דער הויפטקוואַרטיר, אַז דער בירגערקריג איז אומפאַרמיידלעך, אויב ווילהעלם II וועט זיך תיכף-ומיד נישט אָפּזאָגן פון טראָן...

דאָס איז אפשר געווען דער פיינלעכסטער מאָמענט אין ווילהעלמס לעבן. ער האָט דעמאָלט אַרומגעשפּאַצירט מיט עטלעכע גענעראַלן אין פּאַרק, שטאַרק אַריינגעטאָן אין זיינע רעיונות, ווען פעלדמאַרשאַל הינדענבורג, גענעראַל גרענער און מלוכה-סעקרעטאַר פאָן הינצע זענען אַוועק צו אים מיט דער-דאָזיקער ידיעה...

„מיין פאָטער איז געשטאַנען אין פּאַרק", שרייבט דער קרוינפּרינץ, „אַרומגערינגלט פון אַ קליינער גרופּע".

„איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן דאָס בילד פון דעמ-דאָזיקן האַלבן טוץ מענטשן, וואָס זענען געשטאַנען אין גרויע אוניפאָרמען ביי די פאַרוועלקטע קלומבעס. חוץ זיי איז דאָ מער קיינער נישט געווען. ס'איז געווען שטיל. פונדערווייטנס האָט זיך דורכן נעפּל געזען דער באַרג-וואַלד אין זיין הערבסט-פּוץ פון בלאַסן גרינס און פון געלע, גאָלדענע, רויטע פלעקן אין פאַרשיידענע שאַטירונגען

„דער קייזער האָט פאָרגעלייגט דעם פּולקאָווניק הייע, ער זאָל זיך אַרויסזאָגן. הייע האָט געמאָלדן: פאַר אַלע קאָמאַנדירן איז אַוועקגעשטעלט געוואָרן די פראַגע: צי קען מען אין פאַל פון אַ בירגערקריג זיך פאַרלאָזן אויף די זעלנער פון הינטער-פראָנט? דער ענטפער איז געווען אַ נעגאַטיווער.

„גראַף פאָן דער שולענבורג האָט זיך אַריינגעמישט. ער האָט געזאָגט, אַז מיר, וועלכע זענען באַקאַנט מיט אונזער מיליטער, ווייסן עס פון דער אייגענער באָאַבאַכטונג: ווען די אַרמעע וואָלט געדאַרפט באַשליסן די פראַגע, צי זי זאָל ברעכן

די שבועה און פאַרלאָזן איר קייזער און דעם העכסטן פירער, וואָלט זי אין איר מאַסע זיכער געבליבן טריי זיין מאַיעסטעט.

„גענעראַל גרענער האָט עפּעס מיט אַ גאַווהדיקער באַ־דויערונג בלויז אַ דריק געטאָן מיט די אַקסלען און זיך אָנ־גערופן:

„די שבועה? דער העכסטער פירער? דאָס זענען דאָך אין פלוג בלויז ווערטער. סוף־כל־סוף איז עס דאָך נישט מער ווי אַן אידעע".

די ידיעות זענען פון בערלין אין דער הויפּטקוואַרטיר געפלויגן מיט דערזעלבער שנעלקייט, ווי זיי זענען פריער גע־פלויגן פון פּעטראָגראַד אין דער רוסישער הויפּטקוואַרטיר בעת דער רוסישער רעוואָלוציע. אַלע האַלבע שעה — אַ פרישצאַפּל־דיקע ידיעה וועגן דעם, אַז די לאַגע אין בערלין האָט זיך נאָך פאַרערגערט און מען קען שוין אַפילו נישט ראַטעווען די־דינאַסטיע...

דער קייזער איז נאָך אַלץ געשטאַנען מיט די גענעראַלן אין פּאַרק, אַן אומבאַהאָלפענער, אַ דערשלאָגענער. ער האָט גע־קוקט אויף דעם אַלטן הינדענבורגן, פּונקט ווי ער וואָלט איצט געזוכט הילף ביי דעמדאָזיקן פעלדמאַרשאַל, וואָס האָט זיך געשאַפן אַזאַ גרויסן נאָמען אין וועלטקריג. אָבער דער אַלטער פעלדמאַרשאַל איז געשטאַנען און געשוויגן. ער האָט זיך מיט קיין איין וואָרט נישט אָפּגע־רופן לטובת דעם קייזער.

שאַרף און עפּעס מאָדנע, ווי פרעמד", דערציילט דער קרוינפּרינץ אין זיינע מעמואַרן, „האָט געקלונגען מיין פאָטערס שטימע, ווען ער האָט געהייסן היגצען, וועלכער איז געשטאַ־נען דערביי און געשוויגן, אַז ער זאָל טעלעפאָנירן דעם קאַנצ־לער, אַז ער, דער קייזער, איז גרייט אַראָפּצונעמען פון זיך די קייזערלעכע קרוין, אויב דער בירגערקריג אין דייטשלאַנד

וועט אַ דאַנק דעם אויסגעמיטן ווערן, אָבער ער פאַרבלייבט דאָך פרייסישער קעניג און פאַרלאָזט נישט זיין אַרמעע״.

מלוכה־סעקרעטאַר הינצע האָט געדאַרפט טעלעפאָנירן דעם קאַנצלער אין בערלין, און דערווייל איז מען געגאַנגען צום טיש. סוף־כל־סוף איז מען דאָך נישט מער ווי מענטשן. עס ווילט זיך דאָך עסן אויך.

„די דאָזיקע שווייגנדיקע סעודה אין ווייסן ליכטיקן זאַל, ביי אַ טיש, אויף וועלכן עס זענען געשטאַנען פרישע בלומען, בעת דאָס האַרץ ביי יעדן איינעם איז געווען אָנגעפילט מיט פיין און פאַרצווייפלונג, געהערט צו מיינע שווערסטע זכרונות״, שרייבט דער קרוינפּרינץ.

אָבער בעת מען האָט געגעסן אין ווייסן זאַל, הגם דאָס עסן איז נישט געקראָכן אין מויל אַריין, איז שוין אין בערלין באַשלאָסן געוואָרן דער גורל נישט בלויז פון ווילהעלמען, נאָר אויך פון קרוינפּרינץ.

דאָרט איז באַשטימט געוואָרן, אַז ווילהעלם אַבדיקירט סיי אַלס קייזער פון דייטשלאַנד און סיי אַלס קעניג פון פרייסן. גלייכצייטיק פאַרלירט אויך דער קרוינפּרינץ די רעכט אויפן טראָן פון דייטשלאַנד און פון פרייסן...

דער קרוינפּרינץ שרייבט:

„מיר זענען געווען אַזוי איבעראַשט פון דער דאָזיקער בשורה, אַז אין דעם ערשטן מאָמענט האָבן מיר נישט געקענט אויסרעדן קיין וואָרט״.

נאָך לאַנגע טראַכטענישן און איבערקלערענישן, נאָך שווערע שעהן פון אַנגסט און פאַרצווייפלונג האָט ווילהעלם ווידעראַמאָל באַשלאָסן, אַז ער זאָגט זיך אָפּ פון טראָן אַלס דייטשישער קייזער, אָבער ער טוט בשום אופן נישט אויס די קרוין אַלס פרייסישער קעניג

„עטוואָס באַרואיקט דורך דער פעסטער שטימונג פון מיין פאָטער״, שרייבט דער קרוינפרינץ, „וועלכער האָט איצט אַזוי ווי קלאָר דערזען פאַר זיך, וואָס ער האָט צו טאָן, האָב איך מיך צעזעגנט מיט אים. דריקנדיק אים די האַנט ביים געזעגענען זיך, איז מיר דעמאָלט נישט איינגעפאַלן, אַז איך וועל אים ערשט זען אין אַ יאָר אַרום אין האָלאַנד״.

ווען מען אַנאַליזירט די באַציונג פון ווילהעלמען און זיינע מקורבים צו די טראַגישע געשעענישן אין דייטשלאַנד, מוז מען איינזען, אַז אויך דער דייטשישער קייזער און זיינע טרייע גענעראַלן זענען געווען בלינד. די מענטשן האָבן נישט געזען, וואָס עס טוט זיך אַרום זיי. זיי האָבן נישט פאַרשטאַנען די לאַגע, נישט אָפּגעשאַצט, ווי געהעריק, די געשעענישן.

ווילהעלם האָט נאָך אַלץ געמיינט, אַז ער קען באַפעלן, אַז ער קען דיקטירן זיין רצון, אַז ער איז נאָך אַלץ אַ מושל. נישט מער, אַ פּאָר שרייפּעלעך זענען קאַליע געוואָרן אין זיין ממשלה-מאַשין, אָבער מען קען זיי דאָך באַלד אויפן אָרט אויספאַרריכטן. אַ ממשלה האָט אָבער פיינט לאַטעס. אַ צעלעכערטע ממשלה מוז צעפאַלן ווערן.

ניקאָלאַי II האָט פאַרלאָרן זיין לעבן אין סיביר. ווילהעלם II האָט זיך געראַטעוועט אין האָלאַנד. דערין ליגט דער אונטערשייד אין גורל פון דידאָזיקע צוויי מלכים.

העכסט אינטערעסאַנט איז אויך דער מאָמענט, ווען ווילהעלם האָט שוין אינגאַנצן קאַפּיטולירט און איז מרוצה געוואָרן צו מאַכן פּליטה קיין האָלאַנד.

דער קרוינפרינץ באַשרייבט עס אַזוי:

„צווישן פיר און פינף אַ זייגער בייטאָג האָט דער פעלדמאַרשאַל הינדענבורג און דער מלוכה-סעקרעטאַר פאָן הינצע מיטגעטיילט זיין מאַיעסטעט, אַז די לאַגע ווערט כסדר ערגער

און זיי האָבן אים געבעטן, אַז ער זאָל באַטראַכטן די פראַגע וועגן אַרויספאָרן אינם נייטראַלן האָלאַנד פשוט אַלס אויס־גאַנגספונקט פון דער לאַגע. אין זיין מיטטיילונג האָט דער פעלדמאַרשאַל זיך באַנוצט מיט דידאָזיקע ווערטער: „איך קען נישט נעמען אויף זיך די פאַראַנטוואָרטלעכקייט און דערלאָזן דערצו, אַז דער קייזער זאָל מיט געוואַלט אַוועקגעפירט ווערן דורך די רעוואָלוציאָנערע זעלנער קיין בערלין און זאָל דאָרט אַרויסגעגעבן ווערן אַלס געפאַנגענער צו דער רעוואָלוציאָנערער רעגירונג".

„זיין מאַיעסטעט איז איינגעגאַנגען דערויף, אַז פאָן הינצע זאָל דורכפירן די נויטיקע צוגרייטונגסשריט אויפן פאַל, טאָמער וועט זיין מאַיעסטעט דאַרפן אַריבערגיין די גרענעץ אין האָלאַנד".

דידאָזיקע שריט זענען דורכגעפירט געוואָרן, און וויל־העלם II, דער קייזער פון דייטשלאַנד, דער קעניג פון פרייסן, דער העכסטער קאָמאַנדיר פון דער דייטשישער אַרמעע, האָט זיך אינדערשטיל, ביינאַכט, כמעט ווי אַ מענטש אָן אַ פּאַס־פּאָרט, אַריבערגעכאַפּט די האָלענדישע גרענעץ.



# קאַפּיטל VII

דער לאַנגזאַמער צוריקצוג פון די דײַטשן אין װאָלין און אוקראַינע. — פּעטליורע װערט מפורסם. — סקאָראָפּאַדסקיס ממשלה האַקלט זיך. — דער קניפּל װערט אויפגעבונדן. — דער אוקראַינער פּויער ראַנגלט זיך מיט די דײַטשן. — די אײַזנבאַן-ליניעס זענען נישט זיכער. — װי האָט אויסגעזען קיעװ אין יענע טעג. — מען הוליעט, אָבער מען פילט, אַז אַ שלעכטער סוף איז נאָענט. — די אָרעמע קװאַרטאַלן זעען אויס פאַרדעכטיק. — דער יקרות. — די קאָמישע מלחמה צװישן די אָנהענגער פון העטמאַן און פּעטליוראָװצעס. — װי אַזוי אַן אַלטער גענעראַל פירט זיך אין אַזאַ מין קריג. — אַ שטאַב פון שיכורים. — דער העטמאַן צאָלט גוט געלט „זײַן" מיליטער. — אַ פּראַנץ פון פּורים-שפּילער. — אַ קאָמאַנדיר, װאָס גייט אַרום מיט אַ פלאַש שנאַפּס אין קעשענע — דער טרויעריקער סוף פונם פּורים-שפּיל. — מען מאַכט פּליטה. — פרײלעכע זאַטע דײַטשן. — אַ מעשה מיט אַ פאָטאָגראַפיע. — סקאָראָפּאַדסקי פאַלט אַראָפּ פון בענקל.

אין דעצעמבער 1918 האָבן זיך אָנגעהויבן די דײַטשן ביסלעכװייז צוריקצוציִען פון װאָלין און אוקראַינע. פּעטליורעס נאָמען האָט מיטאַמאָל גענומען קלינגען. דערדאָזיקער פּאַרשוין איז געװאָרן מפורסם, װי, להבדיל, אַ נײַער נאַפּאָלעאָן, און דער העטמאַן סקאָראָפּאַדסקי, האָט, נעבעך, געדאַרפט אַראָפּ פון בענקל.

זיין ממשלה האָט, ווי געזאָגט, זיך געשטיצט אויף די דייטשישע באַגנעטן, און די פריער פאַרטריבענע גוטבאַזיצער, וואָס האָבן זיך פאַר זיין צייט צוריק אומגעקערט צו זייערע נחלאות, האָבן זיך געשטיצט אויף אים, סקאָראָפּאַדסקין. די דייטשן האָבן געשטיצט דעם העטמאַן, דער העטמאַן האָט געשטיצט די גוטבאַזיצער און די לעצטע האָבן נישט געשטיצט, נאָר געשטיקט די פּויערים...

איצט האָט זיך דערדאָזיקער קניפּל אויפגעבונדן.

די פּויערים האָבן זיך גענומען שטיצן אויף פּעטלורען, פּעטלורע האָט גענומען רודפן דעם העטמאַן און דער העטמאַן האָט נישט געהאַט וועמען עס זאָל אים באַשיצן.

די דייטשן האָבן זיך באַצויגן נייטראַל צו דעם ענין. זייערע צונג זענען טאָג-טעגלעך אָפּגעגאַנגען קיין דייטשלאַנד, אָנגעפּאַקט מיט דייטשישע זעלנער, און יעדער איינער פון זיי האָט געהאַט אַזא מינע, פּונקט ווי ער וואָלט געוואָלט זאָגן:

„שלאָגט אייך אַלע קאָפּ אָן דער וואַנט, מיר האָבן דאָ נישט מער וואָס צו טאָן".

אין דעם II-טן באַנד פון דעם „אַרכיוו פון דער רוסישער רעוואָלוציע" געפינען מיר אַן אינטערעסאַנטע באַשרייבונג פון דעם העטמאַנס קיעוו, וואָס האָט שוין געהאַלטן ביים צעפאַלן ווערן.

„עס איז געווען דער חודש אָקטאָבער 1918... אונזער צוג איז איבערגעפאָרן די גרענעץ פון די „אַלגרויסע דאָנישע חילות" און האָט זיך שטיל אַוועקגעשלעפּט איבער די פעלדער פון אוקראַינע. פאַרביי די פענסטער פון וואַגאָן לויפן ווייסע באַטקעס מיט פאַרוועלקטע הערבסט-סעדער, פעלדער מיט געבונדענע געלע סנאָפּעס, איבער וועלכע עס דרייען זיך מחנות פייגל... מיר פאָרן לאַנגזאַם, שטייען לאַנג אויף די סטאַציעס

און האַלב-סטאַציעס. אויף יעדן וואָקזאַל — אַ דייטשישע וואַך. רייניקע דייטשישע זעלנער שטייען, ווי פאַרגליווערטע, אויף די וואַכפּאָסטנס. און נישט ווייט פון זיי קען מען זען הייפלעך גרויע מענטשן, אָנגעטאָן אין שמאַטעס, וואָס קוקן בייז אויף די אומגעבעטענע אויסלענדער...

ערגעץ אויף אַן אויסווייכפּונקט פון דער באַן-ליניע שטייט דער צוג אַ גאַנצע שעה צייט — אויף דער ווייטערדיקער סטאַציע איז געשען אַ קאַטאַסטראָפע...

„דער פּאַסאַזשיר-צוג איז צעקלאַפּט געוואָרן... מען האָט צענומען די שינעס...‟ דערציילט אַ באַנבאַאַמטער.

„יאָ, ווער האָט עס אָבער געטאָן?‟ קאָכט זיך אַ דאַמע פון צווייטן קלאַס.

„ווער? ווייניק זענען זיי דאָ...‟ זאָגט דער באַנבאַאַמטער. „גאַנצע מחנות שלעפן זיי זיך דאָ אַרום מיט געווער... מען האָט צוגענומען די תבואות און מען איז אוועק...

„האָט מען זיי געדאַרפט אַלעמען כאַפּן!‟ קאָכט זיך ווידער די דאַמע.

„האָט מען טאַקע אַרויסגעשיקט די דייטשן נאָך זיי. קען מען דען אָבער אַלעמען כאַפּן?‟ פרעגט דער באַנבאַאַמטער פלעגמאַטיש.

דער צוג האָט זיך גערירט פון אָרט. ביי עטלעכע וויאָרסט פאַרקלענערן מיר די שנעלקייט און רוקן זיך קוים פּאָרויס. לעבן דער באַנליניע ליגט, ווי אַ טויטער ריז, דער צעבראָ-כענער פּאַסאַזשיר-צוג, דערביי שטייען קוילנוואַרפער, עס גייען אַרום דייטשישע זעלנער...

„וואָס, מען האָט קיינעם נישט געכאַפּט?‟ פרעגט אַ פּאַ-סאַזשיר פון פענסטער דעם שומר פון ביידל.

„קיינעם נישט... מען האָט זיך בלויז איבערגעשאָסן... אָבער קיינעם נישט געכאַפּט...״ ענטפערט גלייכגילטיק דער ביידל-שומר.

דער צוג גייט איצט מיט דער גאַנצער שנעלקייט.

די מענטשן אין די וואַגאָנעס רעדן ווייניק צווישן זיך, פונקט ווי אַלע וואָלטן געווען מיט עפּעס אומצופרידן, געוואַרט אויף עפּעס... איך האַלט אין האַנט אַ צייטונג און לייען וועגן דעם אויפשטאַנד פון די פּויערים און וועגן דער מלחמה מיט די דייטשן...

עס איז שוין האַלבער טאָג. מיר פאָרן צו צו קיעוו...״ אַזוי איז דעמאָלט געווען אין אוקראַינע און וואָלין. די פּויערים האָבן זיך נוקם געווען אין די דייטשן, אין העטמאַן. מען האָט צעשטערט די שינעס אויף די באַנפלאַצן, מען האָט אָראָפּגעגנבעט די תבואות פון די פעלדער. דער דייטש האָט געהאַט אַ סך אַרבעט: ער האָט געדאַרפט היטן אי זיך, אי די עוואַקואירנדיקע אינסטיטוציעס זיינע און דער עיקר — דעם רעגל-מעסיקן פאַרקער פון די צוגן, וועלכע האָבן אים געדאַרפט אַרויספירן פון דער אומרואיקער אוקראַינע און וואָלין.

„איך בין שוין עטלעכע טעג אין קיעוו״, לייענען מיר אין דערזעלבער באַשרייבונג. „איך שפּאַן אַרום איבער די גאַסן און אָבסערווויר דאָס לעבן. פון דידאָזיקע באַאָבאַכטונגען ווערט אָבער שווער און אומאָנגענעם אויף דער נשמה... קיעוו איז איבערגעפּאַקט מיט מענטשן. דער עיקר מיט פּליטים פון סאָוועטיע. די רוישיקע גאַסן שימערירן מיט רייכע דאַמען-טואַלעטן... עלעגאַנטע מענער, מיליטערישע מונדירן... קאַפע-הייזער קאָפּ אויף קאָפּ... איבערגעפּאַקטע טעאַטערן, מוזיק, גע-רויש, טומל... פּראָסטיטוטקעס, שפּעקולאַנטן... אָבער אין דעמ-דאָזיקן טשאַד שפּירט זיך עפּעס אַן איילעניש, אַ פּאָרגעפיל פון אַן אומפאַרמיידלעכן סוף. פונקט ווי די הוליענדיקע מענטשן

וואָלטן געפֿילט, אַז מען יאָגט זיי נאָך און זיי ווילן אַ לעב טאָן „כאָטש איין שעה...“ אויפֿן פּאָן פֿון דער הוליענדיקער, זויפֿנדיקער און פֿאַרטשאַדעטער מחנה שווימען אַרויס די גרויע מונדירן פֿון די אומגעלומפּערטע דייטשישע אָפֿיצירן און די פֿאַרשטיינערטע זעלנער — דאָס זענען די־יעניקע, וועלכע דער עולם דאַרף דאַנקבאַר זיין פֿאַר דער שמחה.

אַלע זענען זיכער אין דער נאָענטער סכנה... מען זעט זי ממש באַשיינפּערלעך; עס פֿאַרשטייען זי אויך די היינטיקע פֿירער פֿון אוקראַינע, אָבער זיי פֿאַרמאָגן נישט קיין אייגענע כּוחות, אויף וועלכע זיי זאָלן זיך קענען אָנשפּאַרן. און די פֿרעמדע, ווידער, די דייטשישע כּוחות ווערן נאָך דער רעוואָ־לוציע מיט יעדן טאָג אַלץ אומזיכערער...

און אָט, זוכנדיק די „כּוחות“, האָט דער העטמאַן אַרויס־געגעבן אַ באַפֿעל וועגן דער אָפֿיצירן־מאָביליזאַציע

איך גיי צו דעם שעף פֿונם מיליטער... דער הויף און די גאַסן אַרום זיין בנין זענען אָנגעפּאַקט מיט געוועזענע אָפֿיצירן. אַלע — אין מיליטערישע שינעלן, אָן עפּאָלעטן און קאָקאַרדעס. מידע פּנימער. דער גרעסטער טייל שווייגט“.

די מאָביליזירטע אָפֿיצירן ווערן אָנגענומען, מען באַ־שטימט זיי אַ געוויסן געהאַלט און מען זאָגט זיי, אַז זיי דאַרפֿן היטן בלויז די שטאָט פֿאַר פּעטלורעס באַנדעס. דעם העטמאַן, דאַכט זיך, נאָך אַלץ, אַז ער וועט זיך קענען איינ־האַלטן אויפֿן בענקל, וואָס די דייטשן האָבן מיט אַזאַ פּאַראַד אַוועקגעשטעלט פֿאַר אים.

„און אין שטאָט הוליעט מען נאָך אַלץ, מען שיכּורט און מען לעבט אַ גוטן טאָג. און צווישן דעם עולם וואַרפֿן זיך נאָך אַלץ דורך די דייטשישע מונדירן. אָבער מיט יעדן טאָג וואַקסט

אלץ מער און מער די מורא צווישן די שטאָט־איינוואוינער. אין די אַרבעטער־קוואַרטאַלן פארזאמלען זיך אַלץ עפטער אויף די גאַסן טונקעלע מחנות, מען דרענגט זיך אַרום און מען האַלט זיך כסדר אין איין שעפטשען צווישן איינאַנדער מיט אָנגעבויגטע קעפּ, אָבער דערזעענדיק פונדערווייטנס אַ הייפל אָפיצירן, גייט מען זיך פאַנאַנדער און מען קוקט זיך איבער מיט בייזע צווייזייטיקע שמייכלעך..."

אין אַ פּאָר וואָכן אַרום אין דער אייגענער שטאָט:

„איצט פילט זיך אין קיעוו נאָך שטאַרקער די מורא, די נאָענטקייט פון אַ קאַטאַסטראָפע. די גאַסן זענען אויסגעקלעפּט מיט אויפרופן: „דו קענסט זיך נישט זיין קיין העלד, אָבער אַ פרייוויליקער ביזטו מחויב צו זיין". דאָ און דאָרט זענען אויסגעקלעפּט באַפעלן וועגן מאָביליזאַציע אונטער דער דראָונג פון טויטשטראָף. אָבער רייכע דאַמען מיט שפעקולאַנטן און אָפיצירן אין עלעגאַנטע אוניפאָרמען האַלטן נאָך אַלץ אין איין אַרומשמייען איבערן קרעשטשאַטיק. מען לויפט, מען איילט, מען פּאָרט און מען לאַכט.

און עס זעט אויס ווילד־נאַריש און לעכערלעך! מיר, צען מענטשן, באַדעקט מיט לייז און שמוץ, היטן אָפּ מיט שטענדיקער סכנות־נפשות די אַלע, וואָס האַלטן אין איין הוי־ליען און לעבן אַ גוטן טאָג. צי לוינט זיך עס?! די קיעווער צייטונגען באַרואיקן דעם עולם מיט ידיעות, אַז עס דערנענטערן זיך די פאַרבינדעטע. די פאַרבינדעטע זענען גאָר נאָענט! די פאַרבינדעטע זענען אין זשמערינקע! אין בירזול! אין שוואַרצן ים האָבן זיך באַוויזן זייערע פלאַגן!.. די דייטשן זענען גרייט אונטערצוהאַלטן דעם העטמאַן און די פרייוויליקע!"

אָבער דעם געוויינלעכן מיטעלן מענטשן וועסטו נישט באַרואיקן. צר הצט זיין מאָס: דער יקרות. דידאָזיקע כאָס

ווייזט אָן אויף אַ קאַטאַסטראָפע, און זיין מורא ווערט מיט יעדן טאָג אַלץ גרעסער".

דערווײַלע גייט אָן אַ קאַמף אונטער קיעוו — צווישן דעם העטמאַנס „חילות" און די אַזויגערופענע „פעטלוראָווצעס". מען שלאָגט זיך באַלעבאַטיש, מיט לאַנגע הפסקות, מיט שנעפּסעלעך, מיט אַרייננגיין אין פרעמדע הייזער און מאַכן דאָרט רעוויזיעס, מיט פאַרגעוואַלטיקן פרויען, מיט באַראַבעווען איינצלנע דורכגייער און דאָסגלייכן.

דער פראָסט ברענט. די קורצע ווינטערטעג זענען בלאַסע, טריבע, און אין דעמדאָזיקן ליכט דרייען זיך אַרום גרויסע שאָטנס פון אָפיצירן, וואָס זוכן עפּעס אין שניי, קוקן זיך אַרום און צייכענען אָן די פּאָזיציעס פון קאַמף...

אין דער שילדערונג פון „אַרכיוו" לייענען מיר ווייטער:

„ווידעראַמאָל אויפן פראָנט. דאָס בילד איז אַלץ דאָסזעלבע. די אָפיצירן, וואָס פאָרן צוריק פון דער פּאָזיציע, זיצן אין האַלב-טונקעלע וואַגאָנעס, רויכערן — די לופט איז אָנגעפילט מיט בלויען רויך,—טרינקען בראָנפן, וואָס ווערט אַרויסגעגעבן, כדי אונטערצוהאַלטן דעם מוט און מען וואַרט, וואָס וועט זיין דער סוף פון דעם אַלעם...

פּלוצלונג אַ נייס! פון זשיטאָמיר איז געקומען פאַרשטאַרקונג: אַן אָפּטיילונג מיליטער, אָנגעפירט פונם זשיטאָמירער סטאַראָסטע אַנדראָ. זיי האָבן זיך דורכגעריסן דורך פעטלורעס פראָנט און אונטערן שוץ פון אַ געפּאַנצערטן צוג זיך אַריינגעקריגן קיין קיעוו. מען רינגלט אַרום די ניי-אָנגעקומענע מענטשן, וואָס זענען אויך אַזוי שמוציק און מיד, ווי מיר און וואָס זענען ענלעך נישט צו זעלנער, נאָר צו פּשוטע באַנדיטן.

מען פרעגט זיי:

„וויפל מאַן זענט איר?"

זיי ענטפערן:

„דריי הונדערט מאַן, אין פראָנט אָבער אַכציק...

דער עולם הייבט אויף אַ געלעכטער, מען האַקט די מי שברכס אויף וואָס די וועלט שטייט.

„דיזעלבע זאַך, ווי ביי אונז, הייסט עס... דיזעלבע זאַך..."

נישט לאַנג אָבער שטייען מיר דאָ. מיר, צוואַנציק פאַר־שוין, גייען אַריין אין דאָרף זשוליאַני אונטער דער אָנפירונג פונם זיבעציקיעריקן גענעראַל כאַרטשענקאָ (ער גייט אָנגעטאָן ציוויל). דערדאָזיקער גענעראַל כאַרטשענקאָ אין דער ראָל פון אַ ראָטע־קאָמאַנדיר פאַרשאַפט אונז אַ סך פריילעכע מינוטן. ער גייט פאָרויס, און בשעת מיר קומען אַריין אין דאָרף, גייט ער פון כאַטקע צו כאַטקע, קלאַפט אָן אין די פענסטער און פרעגט מיט אַ הייזעריקער שטימע פון אַ שוואַכן זקן:

„מומעשי, איר וועט אונז אפשר אַריינלאָזן אין שטוב?"

לאַכן די אָפיצירן:

„וואַשע פרעוואָסכאָדיטעלסטוואָ, שוין זשע בעט מען אויף אַ מלחמה אַ דערלויבעניש אַריינצוגיין אין אַ כאַטקע?"

דער גענעראַל איז זיך אָבער פלוצלונג מיישב און וויל זיך דאָ נישט אָפּשטעלן.

„ניין, ניין, מיינע הערן", זאָגט ער, „איך האָב מיך איבערגעלייגט, קומט אַוועק, דאָ איז נישט באַקוועם צו פאַרבלייבן".

פרעגן אים די אָפיצירן:

„פאַרוואָס, וואַשע פרעוואָסכאָדיטעלסטוואָ?"

דער זקן מורמלט:

„ניין, ניין... איר זעט דאָך — די אַרטילעריע איז נאָענט...

א קויל... גאָט זאָל אויסהיטן... מען דאַרף שטענדיק זיין פאַר־זיכטיק... איר זענט יונג... יונג..."

די אָפיצירן לאַכן, און דער קאָמאַנדיר פון דער ראָטע, גענעראַל כאַרטשענקאָ, פירט אונז ערגעץ ווייטער, אין אַ ווייניקער געפּערלעכער כאַטקע. אָבער לאַכנדיק, פילט מען דאָך, אַז דידאָזיקע אָפּערעטקע וועט זיך טראַגיש ענדיקן".

מען האָט זיך באַזעצט אין עטלעכע כאַטקעס. פון פאָרנט אין די אָקאָפּעס שטייען אַנדראָס לייט. ביים גענעראַל כאַר־טשענקאָ אין כאַטקע האַלט מען אין איין טעלעפאָנירן. אינמיטן קומט אָן אַ ידיעה פונם כלומרשטן שטאַב, אַז די דייטשן ווילן אונטערהאַלטן דעם פראָנט. זיי ווילן זיך באַטייליקן אין די קאַמפן קעגן די פּעטלוראָווצעס.

עס ווערט אַ ביסל פריילעכער. אין דאָרף פאָרן טאַקע אַריין דייטשישע גוואַרדיסטן־קאַוואַלעריסטן און באַזעצן זיך אין די כאַטקעס.

די שמחה איז אָבער אַ קורצע. אינגיכן דערוויסט מען זיך, אַז אין אַ דערבייאיקן דאָרף האָבן די פּעטלוראָווצעס אַנט־וואָפנט אַ גרויסע דייטשישע מיליטער־אָפּטיילונג...

„די שטימונג בייט זיך פון מינוט צו מינוט. אין עט־לעכע טעג אַרום קומט אַריין אין כאַטע אַן אָפיציר און מעל־דעט דעם גענעראַל, אַז די דייטשן פאַרלאָזן די פּאָזיציע. מיר לויפן אַרויס אינדרויסן. מיט גרויס טומל, רעש און געפּילדער איילן אויף די פערד די דייטשישע קוילנוואַרפער און קאַוואַ־לעריסטן...

„וואוהין? וואוהין?" שרייען מיר צו זיי.

„נאַך האוזע! נאַך האוזע!" ענטפערן די דייטשן, פּאָכען מיט די הענט און לאַכן.

הגם מען האָט קיינמאָל ערנסט נישט געגלויבט אין דער

הילף פון די דייטשן, פונדעסטוועגן האָט זייער אָפּפּאָר געמאַכט זייער אַ שווערן רושם אויפן עולם. דער פראָנט האָט זיך איינגאַנצן אויפגעדעקט. די וועגן קיין קיעוו זענען אָפן. אונזער פראָנט: איין מענטש אויף אַ ווייאָרסט. מיר זענען נישט בכוח זיך אַנטקעגנצושטעלן דעם קלענסטן דרוק, און מען קען פאָרויסזען, מיט וואָס עס וועט זיך ענדיקן דידאָזיקע אַוואַנטורע.

אונזער קליינינטשקע אָפּטיילונג איז זייער אומרואיק געוואָרן. מען האָט זיך באַראַטן און מען האָט געזאָגט דעם גענעראַל כאַרטשענקאָ, אַז עמעץ פון אונז מוז אַרויספאָרן אין שטאַב צו דעם קאָמאַנדיר פון דעם פראָנט-אָפּשניט און דאָרט קלאָר מאַכן די לאַגע.

איך בין געפאָרן פון די אָפיצירן. געקומען אויפן אָרט, זע איך, עס שטייט אַ וואַגאָן פון ערשטן קלאַס. דאָס איז דער שטאַב פון פראָנט-אָפּשניט. גיי איך אין וואַגאָן. שטייט אויף די טרעפּלעך אַ שטאַב-אָפיציר אין אַן עלעגאַנטער אוניפאָרם און פרעגט מיך גראָב: ווער בין איך אַזוינער און וואָס דאַרף איך דאָ?

איך זאָג אים, אַז איך מוז מיך זען פּערזענלעך מיטן פּולקאָווניק קרייטאָן, דעם קאָמאַנדיר פונם פראָנט-אָפּשניט. לאָזט ער מיך דורך. גיי איך אַריין אין וואַגאָן. אויף טונקלרויטע סאַמעטענע דיוואַנעס זיצן די פירער און לעבן זיי שטייט אַ גאַנצע באַטעריע אויסגעליידיקטע פלעשער.

דערזען מיך, הייבט זיך אויף דער פּולקאָווניק קרייטאָן און פירט מיך אַריין אין דערבייאיקן קופּע.

„וואָס ווילט איר?" פרעגט ער און גיסט מיך אָפּ מיט אַן אָטעם פון בראָנפן.

דערציי׳ל איך אים, אַז מיר זעען זייער גוט איין, ווי עס האַלט מיטן פראָנט, אָבער די אָפיצירן אויף די פּאָזיציעס

זענען זייער אומרואיק און זיי פאַרלאַנגען, מען זאָל זיי קלאָר מאַכן די אַלגעמיינע לאַגע.

„וואָס איז דאָ קלאָר צו מאַכן", זאָגט דער פּולקאָווניק קרייטאַן. „די לאַגע איז אַ שווערע, אָבער נישט קיין האָפּע-נונגסלאָזע. איך בין אַ זעלנער, נישט קיין פּאָליטיקער און איך קען אייך זאָגן בלויז איין זאַך: מיר מוזן וואַרטן אויפן באַ-פעל פון הויפּטקאָמאַנדיר פירשט דאָלגארוקאָוו און מיט אַלע כוחות דערהאַלטן דעם פראָנט".

„יאָ, אָבער, הער פּולקאָווניק..." וויל איך אַרויספּאָרן מיט אַ וואָרט.

„מער האָב איך אייך נישט וואָס צו זאָגן", שלאָגט ער מיך איבער.

„דערלויבט אָבער, הער פּולקאָווניק, זיך צו אינפאָרמירן, צי פירט טאַקע דער פראַנצויזישער קאָנסול מולען אונטערהאַנד-לונגען וועגן שלום?"

דער פּולקאָווניק האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט.

„יאָ, ער איז אַרויסגעפּאָרן אונטערהאַנדלען וועגן שלום, אָבער דערדאָזיקער מולען קען נאָר גוט אַוועקשטעלן אַ צוויי*), אָבער זיינע אונטערהאַנדלונגען זענען נישט ווערט קיין אויס-געבלאָזן איי".

די קליינינקע האָפענונג פון די אָפיצירן איז אַזוי אַרום אויך מער נישט ווערט געווען ווי אַן אויסגעבלאָזן איי

מען קען נישט איינזען קיין גוטן סוף — ביי אַ פריי-לעכן שיכורן שטאַב און ביי אַ הייפּעלע מידע אָפיצירן אויף די פּאָזיציעס.

נאָך דעם שמועס מיט קרייטאַנען האָב איך אַרויסגערופן

*) מולען איז פריער געווען אַ לערער.

דעם פּולקאָווניק ספּעראַנסקי און האָב אים געזאָגט, אַז די פּאָזיציע-אָפיצירן וואָלטן געוואָלט רעדן מיט אים.

„זאָגט זיי, אַז איך וועל אַרויסקומען צו זיי", האָט ער געענטפערט.

איך בין פאַרלאָפן דעם וועג און האָב מיך אָנגערופן:

„איך האָב דאָ אַ פערד, הער פּולקאָווניק".

ספּעראַנסקי האָט זיך געפונען אין אַ פאַרלעגנהייט.

„נו, גוט איך פאָר שוין אַרויס".

און אין אַ האַלבער שעה אַרום זענען מיר צוגעפאָרן צו אונזער פּאָזיציע-כאַטקע.

פּולקאָווניק ספּעראַנסקי גייט אַריין אין כאַטקע, ציט באַלד אַרויף אויף זיך אַ שטאָלצע קריגערישע מינע און רופט זיך אָן:

„נו, גוט מאָרגן, מיינע הערן, וואָס פאַרלאַנגט איר?"

איינער פון די אָפיצירן שילדערט אים די לאַגע אויפן „פראָנט" און פרעגט אים:

„וואָס טוט מען איצט, הער פּולקאָווניק?"

„מען מוז וואַרטן אויפן באַפעל פונם הויפּטקאָמאַנדיר פירשט דאָלגאָרוקאָוו", ענטפערט ער גראָב. „מען גיט אייך, דאַכט זיך, גוט צו עסן און מען צאָלט אייך פערציק רובל אַ מעת-לעת, דאַרפט איר אייך אויפפירן ווי פאַר פערציק רובל... ווען זיי וועלן אָנגרייפן, וועלן מיר אָפּטרעטן..."

„וואוהין אָפּטרעטן, הער פּולקאָווניק? קיין קיעוו?"

„איך ווייס נישט... דאָס וועט שוין זאָגן דער באַפעל", ענטפערט ער און הייבט זיך אויף.

די ווייטערדיקע רייד זענען איבעריק. מען קען בשום אופן נישט אויפקלערן די לאַגע. די דרייסטערע אָפיצירן הייבן זיך אויף און גייען אַליין אַוועק קיין קיעוו; די אַנדערע

בידער, וואָס זענען נישט אַזוי דרייסט, וואָס פֿאַרמאָגן נאָך אַ טראָפּעלע „דיסציפּלין" און אַ געפּיק פֿון חברשאַפֿט פֿאַרבלייבן און וואַרטן אויפֿן פּיגאַל...

אין רעמדאָזיקן טאָג — דעם 13-טן דעצעמבער 1918 — האָבן מיר אינאַוונט באַקומען אַ באַפֿעל אַרויסצוטרעטן אויף דער פֿאָדערשטער ליניע: מיר האָבן געדאַרפֿט טוישן אַנדראָס אָפּטיילונג.

מיר זענען אַרויסגעטרעטן. דעם גאַנצן טאָג האָט געקלאַפּט דעם קעגנערס אַרטילעריע און איז מיטן אָוונט אָנטשוויגן געוואָרן. עס איז געווען אַ שפּעטער קאַלטער אָוונט. אַ שטאַרקער פֿראָסט. אַ בייזער ווינט האָט געיאָמערט אויף די באַגנעטן. מיר גייען אין פֿינסטערן פֿעלד ביי אַ צוואַנציק מאַן. דער וועג איז אַ שמאָלער. מיטאַמאָל — אַ פֿייערל. דאָס איז דאָס אייזנבאַן-הייזל.

אינם פֿייכטן, נישט געהייצטן צימער, באַלויכטן מיט אַ שטיקל ליכט, וואַלגערן זיך שטיינער און עפּעס סטאָליאַרשע אינסטרומענטן. דערביי ליגן מענטשן אין גרויע שינעלן, ארומגענומען מיט די ביקסן... עמעץ וויל מאַכן טיי, בלאָזט ער פֿאַנאַנדער אַ פֿייער אויף די שטיינער...

מיר פֿאַרנעמען דעם אָרט פֿון אַנדראָס אָפּטיילונג. פּולקאָווניק ספּעראַנסקי איז אונזער קאָמאַנדיר. זיין שטאַב געפֿינט זיך אינם קעגנאיבערדיקן הייזל פֿונם באַן-שומר. אונזערע מענטשן זענען אַוועק צו די וואַכפּאָסטנס. מען גייט אַדורך די גאַנצע ליניע פֿון פֿראָנט. אַ שטאַרקער ווינט. מען גייט פֿון הייזל צו הייזל און מען קאָנטראָלירט די וואַכפּאָסטנס. אין די וואַכפּאָסטנס געפֿינען זיך ביי אַ זעקס-זיבן מענטשן. דאָס איז דער גאַנצער „פֿראָנט".

אַ זייגער דריי ביינאַכט האָבן די פּעטלוראָוועס אָנגע-

הייבן האַקן פון די האַרמאַטן. אין הייזל האָבן אַלע אויפגע־ציטערט, אָנגעשפּיצט די אויערן.

„עס האָט זיך אָנגעהייבן", האָט עמעץ געזאָגט.

באַלד דערויף האָבן געגומען פליען שראַפּנעלן, גראַנאַטן...

איך לויף איבער דעם ווייס־טונקעלן פעלד. איבערן גאַנצן פראָנט רעווועט די אַרטילעריע, קיין איינצלנע שאָסן הערט מען נישט. עס קלאַפּט און עס ברילט, פּונקט ווי עס וואָלט גע־קאָכט אַ גיהנומדיקער קעסל. איך דערלויף אַזוי ביז זשוליאַני. אינדרויסן טאָגט שוין גרוי. מען זעט אונזערע האַרמאַטן. אַכט האַרמאַטן מיט אויפגעהייבענע פּיסקעס שווייגן. לעבן זיי דרייען זיך אַרום עטלעכע טונקעלע געשטאַלטן.

עס ווערט שוין אינגאַנצן ליכטיק. פון דעם קעגנערס זייט הילכט נאָך שטאַרקער די אַרטילעריע. אויף רעכטס און לינקס קנאַקן די ביקסן און די קוילנוואַרפער.

פּולקאָווניק ספּעראַנסקי שרייט, מען זאָל „פאַרנעמען די פּאָזיציעס". אַ הייפעלע אָפיצירן גייען אויף די פּאָזיציעס. מען קריכט אַריין אין די אָקאָפּעס צו די וואַכפּאָסטנס. די אָקאָפּעס זענען פאַרשאָטן מיט שניי. מיר קריכן אַריין די ערשטע און טרעטן איין דעם שניי מיט די פיס. פונדאַנען זעט זיך כמעט די גאַנצע ליניע פון אונזער פראָנט — אַ ווייסער פאַרשנייטער אָקאָפּעס־פּאַס. וואו נישט וואו שטייען אַ פינף־זעקס אָפיצירן מיט אַ קוילנוואַרפער...

עס דונערט די אַרטילעריע, עס קנאַקן די קוילנוואַרפער און די ביקסן. אונזער שיסעריי ווערט אָבער איבערגעטראָגן אויף צוריק. אַ סימן, אַז מיר טרעטן אָפּ.

לויף איך צום טעלעפאָן — מעלדן דעם פּולקאָווניק ספּע־ראַנסקי, אַז מען טרעט אָפּ. איך קען אָבער נישט טעלעפאָנירן. אין טרייבל שרייען ביי אַ צוואַנציק שטימען, מען זידלט זיך,

מען פאַרשרייט אײַנאַנדער. אַלע ווילן זיך פאַרייניקן און אַלע ווילן זאָגן בלויז איין זאַך: „מען קען זיך מער נישט האַלטן, מען רינגלט אונז אַרום, מיר מוזן אָפּטרעטן".

דער עולם האַלט טאַקע אין איין אָפּטרעטן. די פּעטליוראָווצעס האַקן דערווײַלע שטאַרקער און פאַרוואַרפן אונזער פראָנט-אָפּשניט מיט קוילן.

ביי דער אייזנבאַנליניע שטייט ספּעראַנסקי. ער איז שיכּור. פון דער קעשענע פון זיין האַלבן פּעלצל שטעקט אַרויס אַ פלעשל בראַנפן.

„שטייט! וואוהין טרעט איר אָפּ?!" שרייט ער ווילד.

מען הערט אים אָבער נישט. אַלע שטויסן זיך, שרייען, זידלען זיך.

די אַרטילעריע הילכט אַלץ נעענטער און נעענטער. די אָפיצירן וואַרפן אַוועק די ביקסן און מען מאַכט פּיס. וואוהין גייט מען? מען גייט קיין קיעוו.

מען גייט מיטן שאָסיי. עס איז אַ געדרענגעניש פון וועגן, פערד, האַרמאַטן. מען מאַכט די אמתע פּליטה. אויפן וועג שטעלט מען זיך צו לעבן קאַזאַרמעס. פון דאָרטן שיטן זיך אַרויס דייטשן. זיי רינגלען אַרום די פּליטים, גלאָצן מיט די אויגן, לאַכן, רעדן, שרייען.

אַ געשיקטער דייטשישער זעלנער שטעלט אפילו אַוועק אַ פאָטאָגראַפישן אַפּאַראַט..."

ביי וועמען אַ צרה און ביי וועמען אַ פרייד מיט אַ געלעכטער. די אויסגעמוטשעטע פּליטים נעמען שרייען אויפן פאָטאָגראַפיסט, מען באַפאַלט אים מיט זידל-ווערטער, ער זאָל צונעמען דעם אַפּאַראַט, הייבט ער אויף דעם דרייפוס און טראָגט זיך אָפּ מיט אַ געלעכטער.

נאַטירלעך, די פּליטים שעמען זיך מיט אַזאַ מין קריגע־רישער פּאָטאָגראַפיע...

אַזוי טראַגי־קאָמיש האָט זיך געענדיקט די ממשלה פון העטמאַן, וואָס איז פריער מיט אַזאַ פּאַראַד אונטערגעהאַלטן געוואָרן פון די דייטשן און איז נאָכדעם אַוועקגעשליידערט געוואָרן אויפן מיטן וועג, ווי אַן אויסגעקוועטשטע לימאָנע...

דאָס איז געווען זיין לעצטער פּרואוו. ער האָט געצאָלט גוט געלט: פּערציק רובל אַ מעת־לעת, אָבער דערדאָזיקער פּרייז האָט אים אויך נישט געהאָלפן...



# קאַפּיטל VIII

דער באַנפּאַרקער ביי די דייטשן. — די דייטשישע אָפּגעשוואַכטקייט אין וואָלין און אוקראַינע. — אַ דייטשישער אָפיציר זיצט אויפן טראָטואר און וויינט. — ראָוונע איז נאָך פעסט ביי די דייטשן. — מען וויל זיך נישט שיידן מיט זיי צוליבן פּחד פאַר באַנדיטן און אומרוען. — די אומגעריכטע פּליטה פון די דייטשן אין ראָוונע. — דער רושם אין שטאָט. — אַן איבער פון פּראָוויאַנט און אַמוניציע אויף הפקר. — אַ יום־טוב פון פּויערים און קבצנים. — ראָוונע ווערט פאַרפלייצט פון אומרואיקע פּויערים. — די נייע אוקראַינישע מאַכט. — דער קאָמענדאַנט ראַטושני. — פּעטלורע אין קאַמעניעץ־פּאָדאָלסק. — די מאָביליזאַציע. — די לאַגע פון די פּריצים. — די ברידער בלאַטער. — די דאָמבראָוויצער רעפּובליק. — יידן זיפצן שוין באַצייטנס.

די דייטשן האָבן געהאַט אין וואָלין און אוקראַינע אַ גרויסע אַרמעע. זיי האָבן דאָרט אויך געהאַט קאָלאָסאַלע מאַגאַזינען מיט שפּייזפּראָדוקטן, לאַגערן מיט אַמוניציע, גאַראַזשן מיט אויטאָס, שטאַלן מיט פערד און דאָסגלייכן. מיטאַמאָל האָט מען דאָס אַלץ נישט געקענט אַרויספירן פון וואָלין און אוקראַינע. דער אַרויספיר האָט געמוזט גוט אָרגאַניזירט ווערן, און די דייטשן האָבן טאַקע אָפּגעהיט די באַן־קאָמוניקאַציע, ווי דאָס אויג אין קאָפּ.

זיי האָבן טאָג און נאַכט באַוואַכט מיט געווער אין די הענט אַלע סטאַציעס, אַלע וואָקזאַלן, אַלע באַנבריקן, ווי בכלל אַלע געפערלעכע ערטער לעבן דער באַן, וואו די אויפגערייצטע פויערים האָבן געפירט מיט זיי אַ קאַמף אויף טויט און אויף לעבן און האָבן דער עיקר געשטערט דעם פאַרקער פון די צוגן.

אין פלוג זענען די דייטשן געווען נאָך גוט באַוואָפנט און נאָך גענוג שטאַרק. זיי האָבן נאָך געקענט האַלטן די לייצעס אין די הענט אין וואָלין און אוקראַינע. אָבער דאָס באַוואוסטזיין, אַז זיי האָבן דאָ מער נישט וואָס צו טאָן, אַז זיי האָבן פאַרלאָרן דעם קריג, אַז אינדערהיים איז אַ רעוואָלוציע, אַז דאָרט איז געפאַלן דער אַלטער רעזשים און אַז אויף זיין אָרט וואַקסט אויס אַ רעפובליק — דאָסדאָזיקע באַוואוסטזיין האָט זיי אינגאַנצן אָפּגעשוואַכט.

עס איז געווען אַ שרעקלעך בילד פון פאַרלאָרנקייט.

איך האָב שוין פריער דערציילט, ווי מען האָט זיי אין אַנדערע ערטער לייכט אַנטוואָפנט און זיי, די פאַרהאַרטעוועטע קריגער, האָבן בעת-מעשה פאַרפּגעלאָזט די אויגן און זיך געשעמט פאַר חרפּה...

אין אַנדערע שטעט האָבן פשוט יינגלעך אָפּגעשטעלט אין גאַס דייטשישע אָפיצירן און צוגענומען ביי זיי די רעוואָלווערן און נאָך אויך אַ זוף געטאָן ביי זיי אין די קעשענעס...

עס איז געווען אַ פאַל, ווען אַן עלטערער דייטשישער אָפיציר האָט נאָך אַזאַ מין געשיכטע זיך אַוועקגעזעצט אויפן טראָטואַר, אַרויפגעלייגט די האַנט אויף די אויגן און זיך צעכליפּעט, ווי אַ קינד...

דאָס געבליבענע ביסל מוט, וואָס זיי האָבן נאָך פאַרמאָגט, האָבן זיי געשענקט דער באַנליניע. זיי האָבן געוואוסט, אַז

זייער קיום ליגט אין דעם נאָרמאַלן פאַרקער, אין דעם רעגעל־מעסיקן גאַנג פון די צוגן, וואָס וועלן זיי פריער־שפּעטער ברענגען בשלום אהיים.

אָפּרייניקנדיק ביסלעכוויז פאַרשיידענע פּונקטן אין וואָלין און אוקראַינע, האָבן זיי אָבער ראָוונע נאָך פעסט געהאַלטן אין די הענט אַלץ צוליב דעם אייגענעם טעם: ראָוונע איז געווען אַ דורכגאַנגפּונקט פאַר די אַלע צוגן זייערע, וועלכע זענען געגאַנגען פון די טיפערע וואָלינער און אוקראַינער מקומות קיין דייטשלאַנד.

נישט געקוקט דערויף, וואָס זיי האָבן אָראָפּגענומען די גאַנצע השגחה פון דער שטאָט, האָבן מיר זיך דאָך געפילט זיכערער מיט זיי, ווי אָן זיי. אַמאָל, ביינאַכט, ווען עס איז פּלוצלונג באַפאַלן עפּעס אַ פּחד און עס האָט זיך נישט ווילנ־דיק געטראַכט פון באַנדיטן, פון רוצחים, וואָס דרייען זיך אַרום מיט מאַסקעס אויף די פּנימער און מיט רעוואָלווערן אין די הענט און זוכן זייער קרבן ערגעץ אין אַ שלאָפעדיקער שטוב, האָט מען זיך דערמאָנט אין די דייטשן, און עס איז לייכטער געוואָרן אויף דער נשמה... פאָרט אַ מאַכט, פאָרט אַ שמירה, פאָרט אַ שוץ!

עס איז אָבער געקומען די ריי אויך פאַר ראָוונע.

אין אַ קאַלטן פרימאָרגן זענען מיר אויפגעשטאַנען פון די בעטן און האָבן זיך דערוואוסט, אַז די דייטשן, ביי אַ דריי טויזנט זעלנער, האָבן גענומען די פיס אויף די פּלייצעס און געמאַכט פּליטה פון ראָוונע, איבערלאָזנדיק אויף הפקר זייערע גרויסע סקלאַדעס מיט פּראָוויאַנט, מיט אַמוניציע, מיט דעם גאַנצן האָב און גוטס, וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט אין דער־דאָזיקער שטאָט.

וואָס איז געשען? זיי האָבן זיך איבערגעשראָקן. זיי

זענען געוואָר געוואָרן, אַז עס דערנענטערן זיך צו ראָווגע גרויסע מחנות באַוואָפנטע פויערים, וועלכע ווילן זיי געבן פעפער צו שמעקן!.. האָבן זיי גענומען און זיך באַצייטנס אָפּגעטראָגן...

איבעריקנס, איז עס אפשר נישט די ריכטיקע סיבה פון זייער אומגעריכטער פליטה. ניכער פון אַלץ האָט עס געמוזט זיין אַ שפיצל פון די דייטשישע זעלנער, וואָס האָבן זיך געריסן אַהיים. זאָגן, אַז די דייטשן אין ראָווגע, אַ גרויסע געניטע, שטאַרק באַוואָפנטע גרופּע, האָט זיך איבערגעשראָקן פאַר די מחנות פויערים, איז אַ ביסל צו ריזיקאַליש. אָבער ווי די מעשה איז — ראָווגע האָט זיי פאַרלאָרן, און מען האָט דערווייל נישט געזען קיין דייטש אויף אַ רפואה.

עס פאַרשטייט זיך, אַז דער עולם האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צו די סקלאַדעס, צו דעם אוצר פון פּראָוויאַנט. ווער עס האָט נאָר געהאַט גאָט אין האַרצן, דער האָט געשלעפּט פון דאָרט אַהיים מעל, צוקער, קאָנסערוון, גערויכערטע פישן, טאַבאַק, פּאַפּיראָסן.

קבצנים מיט שטאַרקע עלנבויגנס האָבן אָנגעשטאָפּט זייערע קעלערס און אָרעמע הייזלעך מיט כל טוב. עס איז געווען אַ הפקר־וועלט!

מען האָט געשלעפּט און עס האָט זיך אַזוי ווי נישט אויסגענומען. עס איז געווען אַ מערקווירדיק בילד, וואָס טרעפט איין מאָל אין דורות.

„חיים־איטשע!״ שרייט איין ייד צו אַ צווייטן. „וואָס שלעפּסטו, אַ פייער זוכט דיך?״

„מעל שלעפּ איך, אַ בראַנד דיר אין די ביינער!״ ענט־פערט יענער. „און וואָס שלעפּסטו?״

„איך שלעפּ פון כל המינים!״ באַרימט זיך דער ער־

שטער. „לאָמיר אויך אַמאָל פאַרזוכן פון אַ גוטן מיטאָג און אַ גוטער וועטשערע, אין דר'ערד זאָל דאָס גיין!"

עס לויפן מענטשן מיט פעק, מיט זעק. אין גאַס קאָכט איינער לויפט מיט שוכוואַרג, אַ צווייטער מיט שינעלן. אַלץ איז אַ סחורה. מען שלעפט אַלץ. אָט שלעפט אַ פויער אַ שווערן זאַק אויף די פלייצעס. דער זאַק איז אַן אַלטער, אַ צעלעכערטער. ער רייסט זיך פלוצלונג אויף, און אויפן טראָטואַר בעמען פאַלן פושקעלעך קאָנסערוון, טרוקענע ווארשטלעך, ציגאַרן...

עס צעברענען זיך די געבליטן, די מאָגן-תאווה. מענטשן טראָגן אָפּ אהיים דאָס אָנגעכאַפּטע און מען לויפט ווייטער פאַרשוויצטע, שוועראָטעמדיקע... מען כאַפּט, מען שלעפט און מען קען זיך נישט בארואיקן.

אַן אַנדערער זאָגט:

„מיין כפרה, דער דייטש האָט אויך געכאַפּט, געצריסן, געשלעפּט פון טויטע און פון לעבעדיקע, לאָמיר אויך כאַפּן... וואָס איז, ער מעג און מיר נישט?"

עמעץ פאַרבעסערט:

„ס'איז דען זיינס? ס'איז דען זיין מעל? זיין צוקער? וואָס האָט ער געצאָלט דערפאַר? אַ סך האָט עס אים געקאָסט? ער האָט גענומען וואו עס האָט זיך נאָר געלאָזט און האָט ביי קיינעם נישט אָנגעפרעגט. נאָכמער: מען האָט עס אים געטראָגן אנטקעגן נישט מיטן גוטן ווילן. אַזוי ווי ס'איז נישט זיינס, מעג עס זיין אונזערס..."

אַ צווייטער, ווידער, פרואווט זיך אַזוי ווי פאַרענטפערן, ער זאָגט

„דער דייטש האָט ביי אונז גוט אָפּגעשניטן. קיינער האָט אים קיין שלעכטס נישט געטאָן. מען האָט די גאַנצע צייט

געלעבט מיט אים גוט און ערגעץ אָט אין שעפעטאווקע האָט־ שר דאָך געהאַט אַזאַ מיאוסן פסק..."

„וואָס איז געווען אין שעפעטאווקע?" פרעגט מען.

„סטייטש, איר ווייסט נישט?" רופט זיך אָן דערזעלבער, וואָס האָט, קענטיק, אַ באַדערפעניש זיך צו פאַרענטפערן פאַר דער כאַפעניש. „אין שעפעטאווקע איז אַ המון פויערים באַפאַלן די דייטשן. מען האָט ביי זיי צוגענומען דאָס געווער, אָראָפּ־ געצויגן זיי די קליידער פון לייב און די שטיוול פון די פיס און זיי איבערגעלאָזט הויל און נאַקעט אויפן פראָסט... די דייטשן האָבן זיך נישט געראַנגלט, נאָר אַנדערע האָבן געוויינט... אָבער ביי אונז אין ראָוונע האָט זיי קיינער נישט געטשעפעט. פאַרקערט, מען האָט געלעבט מיט זיי פריינטלעך ביז דער לעצ־ טער מינוט. אי, וואָס מען שלעפט איצט פון די סקלאַדעס, איז דאָך דאָס פשוט אַ הפקר־זאַך... דער דייטש האָט עס טאַקע לכתחילה איבערגעלאָזט אויף הפקר".

אַזוי האָט זיך אויסגעטענהט דער מענטש, וואָס האָט גע־ האַט אַ באַדערפעניש זיך צו פאַרענטפערן.

איך מיין, אַז דאָס זענען געווען די סאַמע זאַטע פעטע־ טעג ביי די ראָוונער קבצנים, הגם נישט קבצנים האָבן זיך אויך שטאַרק צוגעאיילט צו דערדאָזיקער שלעפּ־מלאכה...

און ווידעראַמאָל איז ראָוונע געבליבן הענגען צווישן הימל און ערד אָן אַ מאַכט.

פון די אַרומיקע דערפער און ישובים האָבן די פויערים גענומען ציען אין שטאָט אַריין. ראָוונע איז געוואָרן אַ צענ־ טער פון אומרואיקע פויערים. זיי זענען אָנגעלאָפן אהער נאָך „אינסטרוקציעס" און פאַר איינוועגס אויך נאָך לייכטע שטיק־ לעך אַרבעט...

אין שטאָט האָט זיך גערודערט. עס איז געווען אומ־

היימלעך אין דעמדאָזיקן פויערים־ים. אַן עולם פויערים איז פאַרקראָכן צו מיר אויפן הויף. מען האָט געפּאָדערט ביר און מען האָט געמוזט געבן. די פויערים זענען כיטרע: זיי ווייסן ווען צו פאָדערן...

ווי די מאָדע איז, האָבן זיי די פאָדערונג באַגלייט מיט פּראָוואָרפן, אַז איך בין באַגאַנגען עוולות קעגן זיי. דעם און דעם האָט מען אָפּגעזאָגט פון דער אַרבעט, דעם און דעם, ווידער, האָט מען דורכגעיאָגט פאַר אַ גניבה... נו, בכן? בכן גיב נאָך ביר... האָב איך געגעבן ביר און עס איז געוואָרן שטיל. אָפּגעווישט מיטן אַרבל די וואָנסן, זענען זיי מיט שווערע טריט אַרויס פון הויף.

אין שטאָט זענען אויסגעהאָנגען געוואָרן באַקאַנטמאַכונגען, וואָס זענען אונטערגעשריבן געוואָרן פון עפּעס אַ קאָמענדאַנט ראַטשוני, וועלכן קיינער האָט נישט געקענט. אַלע שעה איז אַרויסגעשוואומען עפּעס אַ נייס, אַ בשורהלע, וואָס האָט דאָ און דאָרט אַרויסגערופן אַ טומל. מען האָט זיך אָבער געמאַכט הארץ און מען האָט געוואַרט, וואָס ווייטער וועט זיין. אויף מנוחה און אויף גוטע צייטן האָט קיינער נישט געהאָפט...

די באָלשעוויקעס האָבן דערווייל פאַרנומען קיעוו. פּעט־לורע איז אַוועק פון דאָרט און האָט זיך באַזעצט מיט זיין „רעגירונג" אין קאַמעניעץ־פּאָדאָלסק.

„דער זיץ אין קאַמעניעץ־פּאָדאָלסק", האָט ער געזאָגט, „איז נאָר צייטווייליק. מיר פאַרגרעסערן די אַרמעע, גייען מיר אַריין צוריק אין קיעוו. לאַנג וועט מען נישט דאַרפן וואַרטן אויף דעם".

די אָנפירונג פון דער אוקראַינישער אַרמעע האָט איבער־גענומען אַסקולקאָ, אַ יונגערמאַן פון אונזער פּאָוויאַט, אַ גע־

ווענעצער פאָלקסלערער, און עס האָט זיך אָנגעהייבן קאָכן אַ נייע בלוטיקע קאַשע.

כדי דער פּויער זאָל אַריינגעצויגן ווערן אין דער אַר־מעע, האָט מען מבשר געווען דורך פּלאַקאַטן דער באַפעלקערונג, אַז אַלע נחלאות און מאַיאָנטקעס, וועלכע געהערן צו די פּריצים, גייען איבער אין רשות פון די פּויערים. אַפילו די נחלאות און גיטער, וואָס געהערן צו פּוילישע פּריצים.

באַלד דערויף איז דערקלערט געוואָרן מאָביליזאַציע פון אַלע דינסטפעאיקע פּויערים. אוקראַאינישע יונגען האָבן געכאַפּט אַ האַרמאָשקע, אויסגעזונגען עטלעכע אוקראַאינישע לידלעך, צוגעהאָפּקעט מיט די פיס און אַוועק זיך צושטעלן צו דער מיליטערישער קאָמיסיע.

קאָמענדאַנט ראַטושני, אַ מענטש, וואָס קיינער האָט אים נישט געקענט אין וואָס איז אַזוי ווי אַראָפּגעפאַלן אָהער פון די וואָלקנס אָדער פון דער לבנה אָדער גאָר פון אַ ווייטערן פּלאַנעט, האָט דערקלערט אין ראָוונע קריגסצושטאַנד. איך מיין, אַז ער האָט אפשר געהאַט רעכט דערויף: איז דאָך קריגסצו־שטאַנד אַ לייבלעכער ברודער פון מלחמה און די אוקראַאינער האָבן ערשט אָנגעהייבן אַ פאַרביסענעם קריג מיט די באָלשע־וויקעס.

„מיר מוזן אָפּרייניקן אונזער לאַנד פון די שונאים אונ־זערע", האָט פּעטליורע שטאָלץ געזאָגט, „פון די באָלשעוויקעס און פון די פּוילישע פּריצים... נאָכדעם וועלן מיר ערשט וויסן וואָס מיר האָבן צו טאָן. ענערגיע איז דאָ און גוטער ווילן איז דאָ און אַ שטאַרק פּאַטריאָטיש געפיל איז דאָ. מיר מוזן זיגן און וועלן זיגן..."

אַזוי האָט ער געזאָגט אין קאַמעניעץ־פּאָדאָלסק, און די־דאָזיקע ווערטער האָבן אָפּגעקלונגען אין ראָוונע. בכלל האָט

אלץ, וואָס דערדאָזיקער מענטש האָט געזאָגט, תיכף־ומיד אָפּ־געקלונגען אין אַלע עקן וועלט. דאָס איז אין פלוג געווען אַ נייער נאַפּאָלעאָן, וואָס וועט נאָך ערשט אָפּגעשאַצט ווערן אין די קומענדיקע דורות.

די יונגע אוקראַינישע פּויערים, וואָס די וועלט־מלחמה האָט שוין לאַנג אויסגעלאָשן אין זיי דעם חשק צו שווערער פעלד־פּראַצע און וואָס האָבן איצט געזען דעם גרעסטן תענוג אין אַ ביקס, אין אַן אוקראַיניש־מיליטערישער אוניפאָרם, האָבן זיך געשאָטן מאַסנווייז אין די מיליטערישע קאָמיסיעס. די ראָוונער מאָביליזאַציע האָט געגעבן ביי אַ צוואַנציק טויזנט רעקרוטן...

עס איז, נאַטירלעך, געווען מער טומל, מער הוהאַ, מער טאַראַראַם, ווי קריגערישקייט, ווי מלחמה־מוט. די רעקרוטן האָט מען אַרויסגעגעבן ביקסן, שטיוול, מונדירן, זענען זיי זיך צעקראָכן, ווער אהיים, ווער אויף די וועגן און טראַקטן. קיין גוטע מיליטערישע אָרגאַניזאַציע איז נישט געווען, און פון דער גרויסער מאַסע רעקרוטן איז נאָר אַ קליינער טייל פאַר־בליבן אין דער „אַרמעע".

עס פאַרשטייט זיך, אַז די פּריצים האָבן געמוזט מאַכן פּליטה. זיי איז שוין נישט אַזוי געגאַנגען אין זייערע נחלאות, ווי אין זייער אייגן לעבן. אַ פּאַרשפּעטיקטער פּריץ, וואָס האָט נישט אַזוי גיך פאַרלאָזט זיין מאַיאָנטעק אָדער נאָך אַזעלכער, וואָס האָט געוואָלט שטעלן אַ ווידערשטאַנד, האָט געענדיקט זייער שלעכט. זיין טויטער גוף, צעריסן און צעפּליקט, צע־שטאָכן און צעשניטן, האָט זיך נאָכדעם געוואַלגערט פאַר די פענסטער פון זיין גוט...

אין דאָמבראָוויצע, אַ שטייגער, האָבן די גראַפן פּלאַטער,

צוויי יונגע רייכע ברידער, געוואָלט שטעלן אַ ווידערשטאַנד די פויערים. עס האָט זיך זיי זייער נישט געגלוסט אָפּצוגעבן די פויערים דעם רייכן מאַיאָנטעק און אַליין זיך אַוועקלאָזן אין גלות.

זיי האָבן געמאַכט זייער אַ פאַרפירערישן חשבון: אַזוי ווי זיי האָבן אַ סך געווער, אַפילו גאַנצע קוילנוואַרפער און ביי אַ פינף און צוואַנציק מאַן אָנגעשטעלטע און דינער, איז דאָך מעגלעך צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד און איינהאַלטן דעם מאַיאָנטעק אין די אייגענע הענט. די באַוועגונג קעגן די פריצים, געשטיצט פון דער אוקראַאינישער רעגירונג, האָבן זיי אָנגענומען פאַר קליינע בונטן, מרידות, וועלכע מען קען איינשטילן מיט צען שאָסן פון אַ ביקס, און ווער רעדט נאָך, אַז מען האָט אונטער דער האַנט אויך קוילנוואַרפער...

און אָט האָט זיך אָנגעהייבן אַ פאָרמעלע מלחמה צווישן די ברידער פלאַטער און די אַרומיקע פויערים. פון מאַיאָנטעק האָט מען געהאַלטן אין איין שיסן פון ביקסן און פון קוילנוואַרפער. די פויערים האָבן אָפגעוואַרט. דערזען, אַז מען קען דאָ גאָרנישט מאַכן מיט געווער, האָבן זיך די פויערים גענומען צו זייער אַלטן מיטל: צו פ י י ע ר...

מען האָט געבראַכט פעסער מיט נאַפט און מען האָט אונטערגעצונדן דעם מאַיאָנטעק פון אַלע פיר זייטן.

אין פייער זענען אומגעקומען די ברידער פלאַטער און צוויי און צוואַנציק אָנגעשטעלטע און באַדינער.

אַזוי טרויעריק האָט זיך געענדיקט דער פלאַטער־ווידערשטאַנד, וואָס איז געווען אַזוי גוט באַזאָרגט מיט געווער. אַ הייפעלע מענטשן, אַפילו די מוטיקסטע, קען זיך דאָך נישט ראַנגלען מיט טויזנטער פויערים.

שפעטער זענען די פלאַטער-נחלאות פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ זעלבשטענדיקער רעפּובליק, וואָס האָט געהייסן דאָמ-בראָוויצער פּויערים-רעפּובליק.

אין דערדאָזיקער רעפּובליק האָבן זיך באַטייליקט אויך יידן. וואָס איז דאָ צו רעדן, ס'איז געווען זייער אַ נאַיווע אונטער-נעמונג. זיי האָבן געמיינט, אַז זיי וועלן קענען עקזיסטירן זעלבשטענדיק, ווי, לאָמיר זאָגן, די שווייץ...

די האָפענונגען זענען געווען זייער גרויס און די התפעלות נאָך גרעסער.

דידאָזיקע אונטערנעמונג האָט אָבער לאַנג נישט געלעבט. מען האָט זי צעשטערט.

די פּויערים האָבן זיך געוואָרפן אויף די פּריצים. די לעצטע זענען געלאָפן נישט טויט, נישט לעבעדיק אין די גרעסערע שטעט. מען האָט זיך פאַרבאַהאַלטן, זיך איבערגע-טאָן אין זעלנערישע קליידער, — דער איינציקער שלייער, וואָס האָט דעמאָלט אָפּגעראַטעוועט פון אַ זיכערן טויט אַ סך מענטשן.

מען קען נישט זאָגן, אַז די יידן, וואָס האָבן דאָס אַלץ צוגעזען, האָבן נישט געהאַט קיין פּחד אין די אויגן. מען האָט געוואוסט, אַז די פּריצים-שלאָגער וועלן נאָכדעם ווערן יידן-שלאָגער... און נישט דערפאַר, ווייל די יידן האָבן געהאַט עפּעס אַ שייכות צו די פּריצים, נאָר פּשוט דערפאַר, ווייל יעדער געשלעג, ווען ער זאָל נישט זיין און וואָס ער זאָל נישט זיין, לאָזט זיך שפּעטער אויס צו די יידישע קעפּ...

יידן האָבן אָנגעהייבן באַצייטנס צו זיפצן:

„ס'איז נישט גוט... ס'איז זייער נישט גוט... ס'איז גאָר נישט גוט..."

מען האָט געזען, אַז ס'איז נישטאָ קיין אָרגאַניזירטע מאַכט, קיין פעסטע האַנט, קיין פעסטער ווילן, קיין דיסציפּלין, קיין אָרדענונג. אָנשטאָט דעם הערט מען נאָר טומל, געמישט מיט שיכּרות און שיכּרות געמישט מיט שיסערייען.

און מען האָט זיך פיינלעך געפרעגט:

„גאָט אין הימל, ווי אַזוי לעבט מען אין אַזאַ לופט, אין אַזאַ כביבה, אין אַזאַ צייט פון רציחה און משוגעת?..



# קאַפּיטל IX

מען לעבט אין אײן שרעק. — רציחות אין מיטן העלן טאָג. — דער נײער קאָמענדאַנט. — דער סוף פון יידישע סוחרים, וואָס האָבן זיך אַ ביסל צוגעאײלט. — מען דאַרף זײן אַ מבין אויף רואַ־קייט. — דערשאָסן און צעראַבירט צווײ און צוואַנציק יידן אין באַכמאַטש. — רציחה אין מלוכה. — די אוקראַיני־שע שפּראַך אין די אוקראַינישע אינטעליגענץ. — דער נײער באַפעל וועגן טוישן דאָס געלט. — אַ פּאַרשוין, וואָס גיט זיך אָן פאַר אַ גענעראַל און נעמט צו אַ סך געלט. — די מלוכה־באַנק מאַכט גוטע געשעפטן. — דעם פויערס שאָדנס. — באַנעס אָנשטאָט קליינגעלט. — פּריוואַטע באָנעס. — די באָנעס פון דער ביר־פירמע „בערגשלאָס“. — מען לעבט מיט געמאָלטע פּאַפּירלעך. — באַנדעס רוצחים אָנשטאָט מיליטער. — די פּאָגראָמען אויף יידן אין אוקראַינע.

מיר האָבן געלעבט צווישן אומרואיקע, ווילד־געוואָרענע פּויערים, און די שטימונג איז געווען אַזאַ, אַז ווען עמעץ, אַ שטייגער, זאָל נעמען און אַזוי זיך אַ געשריי טאָן: „שלאָגט די יידן!“ וואָלט פון דער שטאָט כהרף־עין קיין זכר נישט געבליבן.

מען האָט געדאַרפט מורא האָבן פאַר אָט דעם געשריי, וואָס קען אַמאָל זײן אַ גאַנץ אומשולדיקער...

קאָנדזערסקי, אַ פּוילישער פּריץ, איז אין ראָוונע דער־שאָסן געוואָרן אינמיטן גאַס, אינמיטן העלן טאָג. מען האָט אַראָפּגעצויגן פון אים די קליידער מיט די שטיוול און מען האָט אים געלאָזט אַזוי ליגן, ווי אַ שטיק האָלץ. קיינער האָט זיך נישט געמישט. אַלע האָבן געשוויגן. מען האָט בלויז אָפּ־געקערט די אויגן. זיך געמאַכט נישט זעענדיק...

דער „קאָמענדאַנט" האָט געטאָן, וואָס ער האָט געוואָלט. מען האָט געזען אין אים אַ כוליגאַן און אַ פּאָגראָמשטשיק און מען האָט געמוזט שווייגן. ווער האָט זיך עס איצט גע־קענט איינרייסן מיט אַזאַ מושל?

גאָט האָט אָבער געהאָלפן — און דער־דאָזיקער מושל איז אַוועק, און אויף זיין בענקל האָט זיך אַוועקגעזעצט דעמידאָ־וויטש, אַן אָרטיקער פּויער, וואָס האָט געהאַט ביי אַלעמען אַ גוטן שם. די שטאָט האָט זיך באמת אַ ביסל באַרואיקט. ווי דאָס איז, איז מען דאָך פּטור געוואָרן פון אַ פּאָגראָמשטשיק, וואָס האָט אין אַזאַ געפערלעכער צייט פאַרנומען אַזאַ וויכטיקן פּאָסטן.

און אַז מען האָט זיך אַ ביסל באַרואיקט, האָט מען אויך אָנגעהייבן, ווי עס פירט זיך ביי יידן, ביסלעכווייז צו לייזן. אַזוי ווי אין שטאָט איז געווען ווייניק סחורה און פאָרן האָט מען איצט געקענט פריי, אָן פּאַסירשיינען, וואָס דער דייטש האָט פריער איינגעפירט, האָבן זיך אַ פּאָר יידישע ראָוו־נער יונגעלייט אַ ביסל צוגעאיילט און זענען אַוועקגעלאָפן קיין ראָמען איינהאַנדלען סחורה.

זיי זענען אָבער קיין ראָמען נישט דערפאָרן. אין באַכ־מאַטש אויפן וואָקזאַל האָט מען זיי דערהרגעט און צוגענומען ביי זיי דאָס ביסל געלט, וואָס זיי האָבן געהאַט ביי זיך...

אין יענער צייט האָט מען געדאַרפט זיין אַ מבין אויף

רואיקייט, ווי מען איז, לאָמיר זאָגן, אַ מבין אויף גוטע ציגאַרן אָדער אויף אַ גוט מאכל. מען האָט געדאַרפט גוט קענען שמעקן און אָנטאַפּן די סכנה, וואָס האָט זיך פאַר־באָרגן אונטער דער רואיקייט...

אין דער אייגענער צייט האָט מען פון אַ צוג, וואָס איז געגאַנגען פון בערדיטשעוו, צרויסגענומען צוויי און צוואַנציק יידן, צווישן זיי אויך אַ ראָוונער פאַבריקאַנט, און מען האָט ביי זיי צוגענומען אַלץ, וואָס זיי האָבן געהאַט ביי זיך. נאָכ־דעם האָט מען זיי געזאָגט:

„לויפט! לויפט אַוועק!"

און ווען זיי האָבן גענומען לויפן, האָט מען זיי אַלע ביז איינעם דערשאָסן פון הינטן.

דאָס שרעקלעכסטע איז, נאַטירלעך, געווען דאָס, וואָס יעדע רציחה איז פאַרשוויגן געוואָרן און פאַר יעדער רציחה האָט מען קיינעם נישט באַשטראָפט. ווייל די „מאַכט" אליין, דאָס הייסט די, וועלכע האָבן געדאַרפט באַשטראָפן, זענען על־פּי־רוב באַשטאַנען פון רוצחים און באַנדיטן.

פון איין זייט — רציחות און באַנדיטיזם, און פון דער צווייטער זייט האָט מען פלומרשט געבויט די אוקראַינישע מלוכה. אַי, ווי אַזוי בינדט זיך דאָס רציחה מיט מלוכה? נו, מילא, האָט עס טאַקע אַזאַ פּנים געהאַט...

אין ראָוונע האָט מען געמוזט איבערפאַרבן די שילדן מיט אוקראַינישע ווערטער, רעדן אוקראַיניש, אַרויסהענגען אוקראַי־נישע פלאַגן. אַזוי ווי דאָס איז געווען אַ פאַרשטענדלעכע זאַך (חוץ, נאַטירלעך, רעדן אוקראַיניש), האָט עס יעדער געטאָן. העכסט קאָמיש איז נאָר געווען דאָס, וואָס די אוקראַינישע אינטעליגענץ און די אוקראַינישע רעדלפירער האָבן אליין שטאַרק צוגעהונקען איי דער אוקראַינישער שפּראַך... זיי האָבן,

נעבען, נישט געקענט אויסדריקן זייערע רעיונות אין דערדאָזיקער שפּראַך און האָבן געמוזט אָנקומען צו רוסיש, וואָס זיי האָבן תּמיד גערעדט...

אין דערזעלבער צייט איז אויך אַרויס אַ באַפעל, אַז אַלע מינים געלטער, ווי „ניקאָלאַיעווסקע", „דומסקע" און „קערענקעס", וואָס זענען ביי אונז געווען שטאַרק אין פאַרקער, זאָלן אויסגעטוישט ווערן אויף פרישצאַפּלדיקע אוקראַינער קאַרבאָוואַנצעס. דאָס געלט האָט מען געקענט טוישן אין דער מלוכה-באַנק.

מיט אַ שטיקל צייט פריער איז אַראָפּגעקומען אין ראָוונע עפּעס אַ פּאַרשוין, וואָס האָט זיך אָנגעגעבן פאַר אַ רוסישן גענעראַל. ער האָט אויסגעהאָנגען אין שטאָט פּלאַקאַטן, אַז ער האָט איבערגענומען די מאַכט. אַזוי ווי „איבערנעמען די מאַכט" אין שטאָט האָט דעמאָלט געקענט יעדער, ווער עס האָט נאָר פאַרמאָגט אַ פּאָרציע חוצפּה, גוטע רעוואָלווערן און עטלעכע באַנדיטן אונטער זיך, האָט דער „גענעראַל" דערביי נישט געהאַט קיין גרויסע שוועריקייטן. מען האָט אים באַלד געטרויט אויפן וואָרט, אַז ער האָט איבערגענומען די מאַכט...

אַזוי ווי ראָוונע האָט איצט געהערט צו אים, איז ער אַריינגעגאַנגען אין דער מלוכה-באַנק און האָט צוגענומען דאָס געלט פון דער קאַסע. דער פאַרוואַלטער פון דער מלוכה-באַנק איז בעת-מעשה געווען זייער העפלעך און געשיקט, אַזוי, אַז די גאַנצע פּראָצעדור האָט לאַנג נישט געדויערט. נו, און אַז דער „גענעראַל" האָט צוגענומען דאָס געלט פון דער מלוכה-באַנק, איז ער, נאַטירלעך, באַלד נעלם געוואָרן און האָט אַרויסגעלאָזט פון די הענט די ראָוונער מאַכט, וועלכע ער האָט פריער איבערגענומען...

ווען די אוקראַינער האָבן „איבערגענומען" דיזעלבע מאַכט,

האָט מען אָנגעזאָגט דעם באַנק־פּאַרוואַלטער, ער זאָל קומען אין שטאַב און דערקלערן דעם ענין מיטן „גענעראַל" און מיטן געלט. דעם פאַרוואַלטער איז שוין אָבער נישט באַשערט געווען צו קומען. אין דער אייגענער נאַכט איז ער געשטאָרבן פון אַפּאָפּלעקסיע...

דער עולם האָט געטראָגן אין באַנק די אַלטע געלטער, די „געמאָלטע פּאַפּירעלעך", וואָס מען האָט געהאַט ביי זיך און מען האָט זיי אויסגעטוישט אויף קאַרבאָוואַנצעס. דעם אמת געזאָגט, האָבן דאָס יידן גערן נישט געטאָן, און ווער עס האָט נאָר געקענט, האָט זיך אויסגעדרייט פון דעם...

אַ פּשוטע זאַך: מען האָט נישט געהאַלטן פון די קאַרבאָוואַנצעס.

„אויף מיר אַ מטבע..." האָט מען געשמועסט צווישן זיך. „ווי לאַנג וועט זי לעבן, אומשטיינס־געזאָגט..."

„זיי האָבן דען מיט וואָס צו דעקן די־דאָזיקע פּאַפּירלעך?" האָט אַן אַנדערער געפרעגט.

„אדרבה, זאָלן זיי מיר אויסטוישן אַ פּיר הונדערט קאַרבאָוואַנצעס אויף גאָלד", האָט זיך עמעץ אָנגערופן. „זאָלן זיי ווייזן אַזאַ קונץ".

„אויף גאָלד, ווי אויף גאָלד", האָט זיך עמעץ געוויצלט, „אָבער אויף בלעך, צי אויף אייזן וואָלטן זיי אייך אפשר יאָ געקענט טוישן... אויף די וועגן וואַלגערט זיך אַ סך בלעך און אייזן פון די אָוועקגעוואָרפענע אויטאָס..."

„הערט, וואָס איך וועל אייך זאָגן", רופט זיך אָן אַן אַנדערער, „זיי דרוקן אַזויפיל פּאַפּירלעך, די העלדן, אַז זיי קענען זיי אַפילו נישט גאַראַנטירן מיט בלעך... איך ווייס נישט, צי אין גאַנץ אוקראַינע וועט זיך געפינען אַזויפיל בלעך..."

„אַז מען גייט בויען אַ מלוכה מיט רציחה...‟ זאָגט אַן עלטערער ייִד און זיפצט אָפּ.

„נו, יאָ‟, באַמקעט אים צו אַ צווייטער און טוט אויך אַ זיפץ, ווי דער ערשטער. „ווײ צו די מענטשן און ווײ צו דער מלוכה...‟

מען מוז מודה זיין: די מלוכה־באַנק האָט געמאַכט זייער אַ גוט געשעפט דערביי. די שוואַכע אוקראַינישע פּאַפּירלעך זענען שנעל אויסגעטוישט געוואָרן אויף אַ פעסטערער וואַליוטע.

די פויערים, וואָס ווייסן נישט פון קיין קונצן, האָבן אַלע אַרויסגעשלעפּט זייערע פאַרבאַהאַלטענע געלטער און האָבן אויסגעטוישט אַלץ, וואָס זיי האָבן געהאַט ביי זיך. עס פאַר־שטייט זיך, אַז זיי זענען נאָכדעם געבליבן ביי די געמאָלטע פּאַפּירלעך און האָבן געקריצט מיט די ציין פון כעס און פאַרדרוס. קיינער האָט זיי נישט געוואָלט נעמען אין דער האַנט אַריין...

אַזויאַרום האָט מען באַשווינדלט אַפילו דעם אייגענעם פויער.

אויב עס זענען געווען אַ סך פּאַפּירלעך מיט גרויסע פעטע ציפער, איז אָבער גאָר קיין קליינגעלט נישט געווען, און מען האָט זיך אין דעם שטאַרק גענויטיקט. דערדאָזיקער אומ־שטאַנד האָט פּאַראַליזירט דעם מסחר אויף יעדן שריט און טריט און ממילא אויך דעם נאָרמאַלן גאַנג פון לעבן, אויב מען קען דאָ בכלל געברויכן דאָס וואָרט „נאָרמאַל‟.

דעמאָלט האָט דער מאַגיסטראַט אַרויסגעלאָזט אין פאַר־קער באַנקנאָטן קליינגעלט און דאָס אייגענע האָבן אויך געטאָן מאַנכע קאָאָפּעראַטיוון און פּריוואַטע געשעפטן.

אונזער פירמע „בערגשלאָס‟ האָט אויך אַרויסגעלאָזט באַנקנאָטן צו צוויי־, דריי־, פיר־ און פינף־רובלדיקע (דעמאָלט

האָט אַ רובל געהאַט דעם ווערט בערך פון אַ קאָפּיקע — און מען האָט אַזויאַרום פאַרלייכטערט דעם מסחר. אונזערע באַנעס זענען שטאַרק אָנגעגאַנגען ביי דער באַפעלקערונג, מען האָט זיי גערנער גענומען, ווי אַנדערע און דער פויער האָט זיי גאָר פאַרבאַהאַלטן אין זיינע לעכער, ווי אַ סטאַבילע וואַליוטע...

ער האָט זיי נישט אַרויסגעגעבן פון די הענט, און צוליב דעם האָבן מיר זיי געמוזט אויפהערן צו דרוקן. עס וואָלט דאָך געווען אַ מעשה אָן אַ סוף, און כּדי זיי צו דעקן, וואָלטן מיר באַדאַרפט, לפּחות, האָבן אַ מלוכה-פאָנד...

אָבער אַזוי ווי קיין מלוכה-פאָנד האָבן מיר נישט געהאַט, האָבן מיר געמאָלדן, אַז ווער עס וועט אונז נישט ברענגען אין משך פון זעקס חדשים די באָנעס, וואָס מיר האָבן אַרויסגעגעבן, וועט מער נישט באַקומען קיין דעקונג פאַר זיי.

די פויערים האָבן, נעבעך, מיט אַ ביטער האַרץ געמוזט אַרויסשלעפּן די פאַרבאַהאַלטענע באָנעס און אויסטוישן זיי ביי אונז אויף קאַרבאָוואַנצעס.

כלעבן, די באָנע פון אַ פּריוואַטער פירמע איז געווען צען מאָל זיכערער, ווי די רעגירונגס-פּאַפּירלעך.

מען האָט געלעבט מיט געמאָלטע פּאַפּירלעך, מיט באָנעס מיט שדים ווייסן וואָס, אָבער אויך אָט דאָס לעבן האָט מען נישט פאַרגונען.

דער אוקראַינישער הימל האָט זיך אַלץ מער און מער אָנגעוואָלקנט און יידן האָבן אַלץ טיפער און טיפער אַראָפּגעלאָזט די קעפּ. די לופט איז געווען אָנגעפילט מיט גאַזן, מיט פּאָגראָם-גאַזן...

נאַפּאָלעאָן-פּעטלורע האָט געמאַכט זייער שלעכטע געשעפטן אויף זיין פראָנט. און עס איז קיין וואונדער נישט: מיט באַנ-

דעם רוצחים, אָנשטאָט דיסציפּלינירטע זעלנער, קען מען נישט פירן קיין קריג. און ווי באַלד, אַז מען קען נישט פירן קיין קריג מיטן שונא און מען קען אים נישט גובר זיין, דאַרף מען שלאָגן יידן...

ווי אַ שוואַרצער ביטערער רויך האָבן געשלאָגן אין די אויגן אַריין די ידיעות וועגן די פּאָגראָמען אין אוקראַינע, די ידיעות, וועלכע זענען איבערגעגעבן געוואָרן אינדערשטיל אויפן אויער. מען האָט גאָרנישט געדאַרפט קיין סך רעדן, נאָר זאָגן בלויז איין וואָרט, איין זילבע, איין קלאַנג...

צו וואָס רעדן, אַז די געשרייען האָבן זיך סיי ווי גע-הערט פונדערווייטן? דאָרט האָט מען אויסגעשאָכטן אַ גאַנץ שטעטל, דאָ האָט מען סתּם פון פאַרגעניגן וועגן דערשאָסן עטלעכע מנינים יידן און דאָ, ווידער, האָט מען פאַרגעוואַל-דיקט ווייבער, מאַמעס, יונגע מיידלעך...

דאָס איז ערשט געווען אָן אָנהייב, און פון דעמדאָזיקן אָנהייב האָט שוין געגליווערט דאָס בלוט פון פּחד.

ס׳איז געווען שרעקלעך דערמיט, וואָס עס איז נישט געווען צו וועמען צו שרייען, ביי וועמען צו בעטן הילף.

ווען דאָס צאַרישע מיליטער האָט אויפגעהאָנגען אַ מנין אומשולדיקע יידן און מען האָט געמאַכט אַ חורבן אין אַ שטעטל, האָט מען דאָך געפילט, אַז ס׳איז נאָך דאָ אַן אָפענע וועלט, אַז ס׳איז נאָך דאָ ערגעץ אַזאַ כּוח, וואָס קען ווירקן אויפן צאַר, אַז אַזעלכעס זאָל מער נישט געשען. מען האָט געפילט, אַז עס זענען דאָ אומזעעוודיקע שומרים אין דער גע-שטאַלט פון די מלחמה-שותּפים און דעם אַזויגערופענעם „וועלט-געוויסן״, וואָס פּאַראַליזירן פּאָרט ווי נישט איז די ווילדע מעשׂים פון דעם צאַרס היילות.

ווער וועט זיך אָבער דאָ אומקוקן אויף די מעשׂים פון

די אוקראַינער און ווען מען איז עס איצט געלעגן אין קאָפּ צו זאָגן זיי אַ דעה? די וועלט איז געווען מיד פון קריג און פון בלוט און די וועלט האָט זיך געשראָקן פאַרן באָלשעוויזם. די באָלשעוויקעס האָט מען צונויפגעבונדן אין איין פּעקל מיט די יידן און מען האָט זיך געזאָגט: „שלאָגט אייך דאָרטן, הרגעט אויס איינאַנדער, וועמען גייט עס איצט אָן?"

און אַנדערע האָבן זיך נאָך אָפּן געפרייט:

„אויב מען שלאָגט די יידן, שלאָגט מען דאָך די באָלשעוויקעס. נו, מילא, טאָ וואָס איז דער צער אַזוי גרויס?"

און מיר זענען דעמאָלט געווען די איינזאַמסטע און די אומגליקלעכסטע מענטשן אויף דער גאַנצער ערדקויל.



# קאַפּיטל X

אָנשטאָט אַ מלחמה-פראָנט אַ רציחה-פראָנט. — אַ באַנדיטן-אַגאַ־פע אויף דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג אין אוקראַינע און וואָלין — דער באַנדיטישער גאַליציאַ-פאָלק. — מען פירט פרויס צוויי פורן ביר און מען זאָגט אפילו נישט „אַ גוטן טאָג".— אַ רואיקע חלוקה אויפן וואָקזאַל פון אויסגעצויגענע פוטערס און זייגערס. — מען זוכט בײַ מיר אַ פּוילישן גוטבאַזיצער וועלכן מען „דאַרף" דערשיסן. — די באַדייטונג פונם וואָרט „אַרעס־טירן". — מײַן פרויס דרײַסטקייט. — פּעטליורעס כסדרדיקע מפּלות. — ראָוונע פאַרוואַנדלט זיך אין אַ רעזידענצשטאָט. — אַ פאַרפלייצונג פון קאָזאַקן. — גענעראַל קאָווענקאָ. — אָרדע־נונג אין שטאָט מיט אַ געמיש פון קליינע פּחדימלעך. — קבצנות אַלס שוצמיטל.

די פּסיכאָלאָגיע פון פּעטליורעס „מיליטער" איז נישט געווען קיין זעלנערישע, נאָר אַ ריין באַנדיטישע. ווײַניקער ווי אַלץ האָט מען געטראַכט פון פראָנט, פון קאַמף מיטן שונא. זיי האָט בעסער געצויגן צו פּאָגראָמען, צו רציחות. דאָס איז געווען באַקוועמער, לײַכטער, פּשוטער. מען האָט דערבײַ נישט געדאַרפט אײַנשטעלן דאָס לעבן אין קאָן, מען האָט נישט געדאַרפט פירן אין די אָקאָפּעס, מען האָט זיך נישט געדאַרפט אונטערוואַרפן אַ האַרבער דיסציפּלין.

וואָלין און אוקראַינע זענען אַזוי גרויס, עס זענען דאָ אַזויפיל יידישע שטעט און שטעטלעך — וואָס דאַרף מען נאָך? נעם די ביקס אין האַנט און טו דיר, וואָס דאָס האַרץ געלוסט.

ווען מען נעמט איצט אונטער אַ רואיק אויג דאָס גאַנצע בילד פון פעטלוּרעס „ממשלה" און פעטלוּרעס פּלוּמרשטע מלחמות, זעט מען, אַז דאָס איז געווען בלויז איין געוואַלדיקער באַנדיטן-אָנפאַל אויף דער יידישער באַפעלקערונג, וואָס איז געזעסן אויף די שטחים פון וואָלין און אוקראַינע.

ראָוונע האָט זיך געצאַפּלט פון פּחד. פאַר יעדן טאָג, וואָס איז אַריבער רואיק, האָט מען הונדערט מאָל געדאַנקט גאָט. מען האָט אַזוי ווי געלעבט אויף דעם חסד פון יעדן איינציקן טאָג!..

עס איז דורכגעגאַנגען דורך ראָוונע דער באַנדיטישער נאַליוואַיקא-פּולק. ער האָט פאַרלייגט אַ לאַגער ביי דער באַן און האָט דאָרט איבערגענעכטיקט. אַזוי ווי סתּם אַזוי שלאָפן איז דאָך לאַנגווייליק, האָט מען ארויסגעשיקט צו מיר עטלעכע זעלנער.

איך האָב זיי אָנגעקוקט: אמתע באַנדיטישע פּנימער, שיכּורע אויגן: עס האָט געאָטעמט פון זיי מיט בלוט און רציחה.

זיי האָבן אַראָפּגעפירט פון הויף צוויי פורן ביר — און רוף זיי קנאַקניסל! דער מענטש, וואָס האָט זיי אומשולדיק דערמאָנט אַז פאַר צוויי פורן ביר צאָלט מען געוויינטלעך אומעטום, אין דער גאַנצער וועלט, אַזאַ מנהג איז עס שוין,— איז שיעור דערשאָסן געוואָרן אויפן אָרט. דער ענטפער איז געווען דער רעוואָלווער — און דאָס איז, נאַטירלעך, געווען דער בעסטער ענטפער. דער מענטש האָט זיך קוים מיטן לעבן געראַטעוועט.

אינדערפרי איז, ווי געוויינלעך, אָנגעקומען קיין ראָווגע אַ צוג און אין צוג זענען אויך, ווי געוויינלעך, געזעסן אַ ביסל ראָוונער און פּראָווינצער סוחרים. ווי די מעשה איז — מען מוז דאָך פּאָרט עפּעס אַ ביסל צומסחרן, אַנישט וועט מען דאָך גאָר אויסציִען די פּיס און עס וועט נישט זיין וועמען צו הרגענען און צו באַראַבעווען.

האָבן די „זעלנער" פונם גאַליוואַיקא-פּולק אַרויסגענומען די יידן פון צוג און מען האָט זיי אַריינגעפירט אין וואָקזאַל.

עס איז דאָך ווינטער, דער פּראָסט ברענט און יעדער יידישער סוחר טראָגט דאָך פונדעסטוועגן עפּעס אַ פוטער אויף זיך, אַ ירושה-פוטער אָדער אַ נדן-פוטער, האָט מען זיי קודם אַראָפּגעצויגן די פוטערס, נאָכדעם די זייגערס און נאָכדעם האָט מען זיך גענומען צו די בייטעלעך... יעדער איינער האָט געמוזט אָוועקגעבן אַלץ, וואָס ער האָט געהאַט, פונקט ווי אין אַ וואַלד, ביינאַכט, בעת אַן אָנפאַל פון באַנדיטן. און ווען אַלע זענען גוט דורכגענישטערט און גוט אויסגעליידיקט גע־וואָרן, האָט מען זיי אַרויסגעטריבן פון וואָקזאַל אויפן פּראָסט...

דאָס איז צוגעגאַנגען זייער רואיק, זייער פּשוט, אַפילו געמיטלעך. מען האָט זיך נישט געאיילט, נישט געשריִען, נישט געסטראַשעט.

אָפּגעטאָן דאָסדאָזיקע שטיקל אַרבעט, האָט מען געמאַכט אַ קליינע הפסקה, פונקט ווי מען וואָלט זיך דערביי אַ ביסל איינגעמידט, נאָכדעם האָט מען זיך אַוועקגעזעצט, געמאַכט אַ פּעטן „לחיים", גוט צוגעביסן און זיך צעטיילט מיט די פו־טערס און די זייגערס...

פריער, נאַטירלעך, האָט מען אַלץ סיסטעמאַטיזירט און מסדר געווען: די גרעסערע פוטערס און די בעסערע זייגערס

באזונדער, די מיטעלע באזונדער און די ערגערע באזונדער...
ביי אן ערלעכער חלוקה, ווי באוואוסט, טאָר קיינער גישט
באוואלט ווערן.

שפּעטער זענען אַריין צו מיר דריי חברה־לייט פון דעמ־
זעלבן פולק מיט די ביקסן אויפן אַקסל. אַזאַ מין וויזיט קען
בשום אופן נישט זיין קיין רפואה צום האַרצן.

פרעגן זיי מיט האַרטע פראָסט־שטימען:

„וואו איז דער באַלעבאָס?"

זאָג איך:

„איך בין דער באַלעבאָס. וואָס פאַרלאַנגט איר?"

רופט זיך אָן איינער:

„איר האָט באַהאַלטן דעם פּוילישן גוטבאַזיצער זשוקאָווס־
קין. גיט אים שוין אַרויס. מיר מוזן אים דערשיסן".

הייבט מיר אַפילו אָן שטאַרק צו קלאַפּן דאָס האַרץ,
פונדעסטוועגן זאָג איך:

„מיר ווייסן דאָ גאָרנישט פון אַזאַ מענטשן, און מיר
האָבן אים נישט באַהאַלטן".

ווערן די חברה־לייט רויט, ווי צונטער. די רציחה ברענט
זיי אויפן פּנים.

זיי שרייען שוין:

„מיר ווילן מאַכן אַ רעוויזיע! איר האָט אים דאָ באַ־
האַלטן! איר פאַררעדט אונז נישט די ציין!"

און איינער איז מוסיף מיט דער קאַלטקייט פון אַן אכזר:

„מיר ווייסן סיי ווי, אַז זשוקאָווסקי איז דאָ ביי אייך.
נאָר טאָמער ווילן מיר אים נישט געפינען, ווייל איר האָט
אים גוט אויסבאַהאַלטן, טאָ זאָלט איר וויסן זיין, אַז מיר
ווילן אייך אַרעסטירן. איר וועט אונז ענטפערן פאַר אים".

צו אַזאַ מין וואָרט, ווי „אַרעסטירן", האָט מען זיך אין

יענער צייט נישט געטאָרט באַציען לייכטזיניק. עס האָט גע־האַט פאַרשיידענע באַגריפן. עס האָט געקענט הייסן דער־שיסן, אויפהענגען, פאַרפאַלן ווערן, אַז מען זאָל נישט וויסן וואו דיין געביין איז אַהינגעקומען...

איך האָב מיר גענומען שטילערהייט אַרויסרוקן פון הויף, געמאַכט פּאַוואָליע פיס און בעת מעשה האָב איך געפילט, ווי עס גליווערט מיר דער מאַרך פון שרעק...

זיי האָבן גענומען שרייען:

„שטיי! שטיי! אַנטלויף נישט!"

איך האָב מיך שוין אָבער אַרויסגערוקט אין גאַס אַריין און בין נעלם געוואָרן...

על־פּי־נס האָט מען מיר נישט מכבד געווען מיט אַ קויל פונדערווייטנס.

האָט מען זיך גענומען צו מיין עלטערן זון און מען האָט אים געוואָלט אַרעסטירן.

„גיט אונז אַרויס דעם זשוקאָווסקין!" האָבן זיי געמאַכט געוואַלדן. אַנישט נעמען מיר אייך!"

דערזעען, אַז ס'איז שלעכט, האָט זיך אַריינגעמישט מיין פרוי. זי האָט געזאָגט:

„איך בין דאָ די גאַנצע באַלעבאָסטע און איך בין פאַר־אַנטוואָרטלעך פאַר דעם באַהאַלטענעם פּאָליאַק. אַרעסטירן קענט איר נאָר מיך און נישט קיין אַנדערן".

דאָס איז געווען אַ העלדישער צוג פון מיין פרוי. זיי האָבן זי טאַקע אַרעסטירט, אַרויסגעפירט זי אין גאַס מיט די ביקסן אויף די אַקסלען.

„דו קוק נאָר גוט אָן דיין הויז", האָבן זיי געזאָגט צו איר, „דו זעסט עס צום לעצטן מאָל. מער וועסטו עס שוין נישט זען..."

זיי האָבן זי אַוועקגעפירט צום קאָמענדאַנט. מיין פרוי איז מוטיק געגאַנגען. ווען זי האָט זיך אָבער דאָרט געוואָלט אויסטענהן אַ ביסל, האָט מען איר תיכף געזאָגט:

„דו מוזט שווייגן, דו ביזט אַן אַרעסטירטע... דו וועסט רעדן נאָר דעמאָלט, ווען מען וועט עס דיר דערלויבן".

דער קאָמענדאַנט דעמידאָוויטש (איך האָב אים שוין פריער דערמאָנט) איז אָבער געווען אַן אָנשטענדיקער מענטש און האָט זי אינאָווענט באַפרייט. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז נאָר אַן צוטשעפּעניש פון ווילדע צעיושעטע זעלנער, פאַר וועלכע עס עקזיסטירט נישט קיין שום דעה און קיין שום גדר.

איר דאַרפט אָבער נישט מיינען, אַז איך גיב דאָס אָן פאַר שרעקלעכע איבערלעבענישן. ניין, פאַר פעטלורעס צייטן זענען דידאָזיקע „אומאָנגענעמלעכקייטן" געווען נישט מער ווי אַ שפּילכל, אַ צוקערל. עס האָט געקענט זיין טויזנט מאָל ערגער.

אַלץ האָט זיך געהאַלטן אויף רויב און מאָרד, אויף גזילה און רציחה. עס איז גענוג צו זאָגן, אַז ביי אַ דער־הרגעטן זעלנער האָט מען געפונען אַ פאַרבאַהאַלטענעם אוצר פון אַ כ צ י ק ט ו י ז נ ט ר ו ב ל!

דאָס איז, קענטיק, געווען זייער אַ באַדאַכטער און זייער אַ ניכטערער באַנדיט, וואָס האָט געוואָלט קומען צו אַ „תכלית" דורך גזילה און רציחה. זיין פּלאַן איז געווען זייער אַ גוטער, נישטאָ וואָס צו רעדן, ליידער אָבער האָט מען אים אינמיטן־דערינען דערהרגעט.

דער קריג מיט די באָלשעוויקעס איז, נאַטירלעך, שלעכט געגאַנגען. נאַפּאָלעאָן־פעטלורע האָט, נעבעך, תמיד געדאַרפט טוישן זיין רעזידענץ. זיין פראָנט איז נישט געווען בכוח

אַרויסצוּווייזן דעם קלענסטן ווידערשטאַנד. ער האָט זיך גע־בראָכן ווי גלאָז ביי יעדן דרוק פון די באָלשעוויקעס.

די באָלשעוויקעס האָבן געהאַט נאָך אַן אויסגעצייכנט געווער קעגן די פּעטליוראָווצעס. זיי האָבן אַריינגעוואָרפן צווישן די לעצטע אַ מענגע קאָזאַקן־אַגיטאַטאָרן, וואָס האָבן מיט זייער אַגיטאַציע אַדורכגעזעקערט דעם גאַנצן פראָנט פון די פּעטליוראָווצעס. און דער סוף איז געווען, אַז זיי האָבן תּמיד אַרויס־געפירט פון פּעטליורעס באַנדעס די בעסערע עלעמענטן, וואָס האָבן נאָך געהאַט אין האַרצן אַ פונק מענטשלעכקייט. זיי זע־נען אַוועק אויף דער זייט פון די באָלשעוויקעס און האָבן זיך נאָכדעם געשלאָגן מיט די אייגענע פּעטליוראָווצעס. פאַרלירנדיק די בעסערע עלעמענטן, איז פּעטליורע סוף־כּל־סוף פאַרבליבן כּמעט ביי בלויז באַנדיטן...

אַזוי ווי די באָלשעוויקעס האָבן אים כּסדר געטריבן, האָט ער זיך געמוזט אַרויסציען פון קאַמעניעץ־פּאָדאָלסק. זיין רעזי־דענצשטאָט איז געוואָרן ראָוונע. אין ראָוונע האָבן זיך אַריינ־געצויגן זיינע „מיניסטאָרן” מיט די אַלע „רעגירונגס”־אינסטי־טוציעס. עס האָט זיך געטאָן אויף טיש און אויף בענק. אַ קלייניקייט, אַ רעזידענצשטאָט! וואַרשע, פּאַריז, בערלין, לאָנדאָן און — ראָוונע!

און ווי עס פּאַסט פאַר אַ רעזידענצשטאָט, איז ראָוונע באַלד פאַרפלייצט געוואָרן פון אוקראַינישע קאָזאַקן, וועלכע האָבן זיך, נעבעך, געפילט זייער פאַרצווייפלט. מען האָט זיך געקענט נעמען צו עפּעס אַ רעכט שטיקל אַרבעט, ווי אין די שכנישע שטעט און שטעטלעך און דאָ האָט עס דווקא נישט געפּאַסט: פאַרט אַ רעזידענצשטאָט. זיי זענען אַרומגעגאַנגען מיט ליידיקע הענט און פינסטערע פּנימער, פּונקט ווי עס וואָלט זיי נישט ניחא געווען דאָס לעבן...

קאָמענדאַנט פון שטאָט איז געוואָרן גענעראַל קאַווענקאָ, אַ הויכער שטייפער מאַן מיט אַ גרויער באָרד, קענטיק, אַן ענערגישער מענטש מיט אַ חוש פאַר יושר און אָרדענונג. דעמ־דאָזיקן מענטשן האָבן מיר אַ סך צו פאַרדאַנקען. אויב פון דער שטאָט איז נישט געוואָרן אַ באַרג אַש און אויב יידישע פרויען זענען נישט פאַרגעוואַלדיקט געוואָרן, איז עס זיכער גענעראַל קאַווענקאָס פאַרדינסט. וואָרים די קאָזאַקן וואָלטן זיך, משמעות, געשעמט נישט מער ווי אַ וואָך, צוויי, מאַקסימום דריי — און נאָכדעם וואָלטן זיי זיכער באַפאַלן די יידישע באַפעלקערונג. ער איז אָבער געשטאַנען אייזנפעסט פאַר דער אָרדענונג אין שטאָט און האָט נישט דערלאָזט צו קיין שום אומרוען. וואָס הייסט אַ מענטש מיט אַן ערלעך האַרץ און אַ שטאַרקער האַנט אין אַזאַ צייט!

פונדעסטוועגן קען מען נישט זאָגן, אַז פאַר דער צייט, וואָס ראָוונע איז געווען אַ רעזידענצשטאָט, זענען מיר שוין אינגאַנצן געווען פריי פון „קליינע פחדימלעך" און „קליינע שרעקעלעך..." ניין, אָן דעם האָט עס גאָרנישט געקענט זיין, ווי עס קען נישט זיין קיין קאַלט פייער אָדער טרוקן וואַסער.

נאָר מען דאַרף זאָגן, אַז עס איז געווען מיט הסד. מען האָט נישט געזען קיין הרוגים פאַר די אויגן, מען האָט נישט געהערט, ווי מען ברעכט די קלייטן...

די ידיעות וועגן די פּאָגראָמען אין אוקראַינע און וואָלין האָבן אונז גאָר צעבראָכן. מיר דאַכט זיך, אַז קיין שום שלעכטע בשורה ווירקט נישט אַזוי פיינלעך אויפן געמיט פון אַ יידן, ווי אַ פּאָגראָם־ידיעה... מיר האָבן אינגאַנצן פאַרלאָרן די קעפּ, און אויב מיר האָבן נאָך דעמאָלט געערעדט צו דער זאַך, איז עס פשוט געווען אַ נס מן השמים.

מען האָט נאָר כסדר געזיפצט, שווער געזיפצט:

„וואָס וועט עס זיין? וואָס וועט עס זיין?"

קיינער האָט אָבער אויף דער פראַגע נישט געקענט געבן קיין תשובה, בפרט נאָך אַ באַרואיקלעכע תשובה. אַזעלכע אָפּטימיסטן זענען איצט אינגאַנצן נישט געווען בנמצא. דער מין האָט זיך אויסגענומען.

גיכער האָט מען געזאָגט:

„מען וועט אונז אַלעמען אויסקוילענען לעבעדיקערהייט... ביי גזלנים איז נישטאָ קיין שום איינזען... מען וועט אַלעמען אויסקוילענען — די מאַנען, די ווייבער, די קינדער..."

אין דערדאָזיקער פּעטלורע־צייט האָט זיך אפשר אַ קבצן נישט געפילט אַזוי שלעכט, ביטער... אין געפערלעכע מהומות איז קבצנות אַמאָל אַ גוט שוצמיטל.

אויפן קבצן וואַרפט מען זיך אַזוי שנעל נישט אַרויף. קיינער וויל אָבער קיין קבצן נישט זיין אַפילו אין אַזאַ צייט...



# קאַפּיטל XI

קאָזאַקן און פּאַטרולן אין די גאַסן. — די גאַנצע שטאָט ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ תּפיסה. — די „שרעקפּאָסט". — אַ פּאָגראָם אָן געשרייען. — אַ לאַנגער שווערער ווינטער. — דער מוראדיקער רושם פון דעם פּראָסקוראָווער פּאָגראָם. — דער דיוויזיע-שעף אין זיין יידל אַלס דענשטשיק. — דער גענעראַל פאָדערט אונזער פּריילן צו זיך אין צימער, ווייל ער וויל אַ ביסל פאַרברענגען מיט איר. — עס שמעקט מיט מיטלאַלטער. — אַ דרייסט מיידל. — מיין ווייבס עצה. — אַן אומדערוואַרטער סוף. — אַן איידעמל אויף קעסט. — אַ בהלה אין מיטן דער נאַכט. — מען נעמט ערובניקעס. — אַ שמועס צווישן אַן ערובניק און פּעטליורעס אַן אָפיציר. — זיך קלוג אויסגעטענהט. — דער אָטעם פון פּאָגראָמען.

איינמאָל שטייען מיר אויף אינדערפרי, ערשט די גאַנצע שטאָט איז אַרומגערינגלט מיט קאָזאַקן. אין אַלע גאַסן שטייען פּאַטרולן און מען לאָזט קיינעם נישט אַרויס פון די הייזער. עס איז געווען ענלעך דערויף, ווי מען וואָלט אַרעסטירט די גאַנצע שטאָט ראָוונע, אָבער אַזוי ווי עס איז נישטאָ אַזאַ טורמע, וואָס זאָל קענען אַריינעמען אין זיך אַ גאַנצע שטאָט, האָט מען אַלע הייזער פאַרוואַנדלט אין קליינע תּפיסהלעך...

מיר זענען אַזויאַרום אַרעסטירט געוואָרן ביי זיך אין

הויז און האָבן זיך נישט געקענט רירן פון אָרט. עס פאַרשטייט זיך, אַז די געוויינלעכע „שרעקפּאָסט", ווען מענטשן לויפן צו איינאַנדער מיט מוראדיקע בשורות און אינפאָרמאַציעס, האָט איצט נישט געקענט פונקציאָנירן, און מיר האָבן נישט געוואוסט וואָס אינדרויסן טוט זיך.

דער נאַטירלעכער געדאַנק איז געווען, אַז ראָוונע ווערט פּאָגראָמירט... וואָס קען אַ ייד עפּעס אַנדערש טראַכטן אין אַזאַ מאָמענט? ס'איז מיר איינגעפאַלן, אַז מען גייט פּאַוואָליע, נישט געאיילט, מיט גרויס ישוב-הדעת פון הויז צו הויז, און דאָ, וואו מען דאַרף, נעמט מען צו דאָס האָב און גוטס, און דאָ, וואו מען דאַרף, נעמט מען צו ביידע זאַכן: אי דאָס האָב און גוטס, אי דאָס לעבן... מען מאַכט עס שנעל, מיט אַ סדר, מיט אַ סיסטעם, און דעריבער הערט מען נישט שרייען אין שטאָט, ווי מען שרייט אין אַ פּאָגראָם...

אַזוי האָב איך מיר געטראַכט און אַזוי האָבן אויך געטראַכט די אַלע מענטשן פון מיין הויז...

ערשט שפּעטער איז צו אונז דערפלויגן אַ ידיעה פון דער „שרעקפּאָסט", אַז מען מאַכט אַן אַלגעמיינע רעוויזיע אין גאַנץ ראָוונע, און יעדעס הויז ווערט באַזונדער רעווידירט און אַדורכגענישטערט.

„וואָס זוכט מען?"

„הם... וואָס זוכט מען... מען זוכט געלט, צירונג... אַ דאגה וואָס מען זוכט?.."

„גלאַט אינמיטן העלן טאָג אַ רעוויזיע אין גאַנץ ראָוונע?"

„נו, יאָ, זאָל זיך אייך דאַכטן, אַז דאָס איז אויך אַ פּאָגראָם, נאָר אָן געשרייען... אַ פּאָגראָם מיט געשרייען ווירקט דאָך מסתמא אַפילו אויף די נערוון פון די אָנפאַלער, פון די

פּאָגראָמשטשיקעס, און דאָס ווערט געמאַכט שטיל, רואיק, פיין, פשוט אַ נחת...״

באַקומען דידאָזיקע ידיעה, האָבן מיר זיך גענומען צו־גרייטן צו דעם „פּאָגראָם אָן געשרייען״, דאָס הייסט, אַלע ווערטזאַכן האָבן מיר פאַרשטעקט, פאַרגראָבן, פאַרבאַהאַלטן און זיך אַוועקגעזעצט וואַרטן אויף די פּאָגראָמשטשיקעס.

מיר האָבן געוואַרט מיט גרויס אומגעדולט, אַ שטייגער, ווי די מחותּנים פון אַ מיאוסער כּלה וואַרטן אויף די מחותּנים פון חתן, אָבער קיינער איז נישט געקומען. משמעות, רעווידירן אַ גאַנצע שטאָט און האַלטן זי אַרעסטירט, איז נישט פון די לייכטע זאַכן. סוף־כּל־סוף האָט מען געמוזט איבעררייסן אינמיטן דעם „פּאָגראָם אָן געשרייען״, און דער עולם האָט זיך אַרויס־געשאָטן אין גאַס פון די אייגענע קליינינטשקע תּפיסות...

דאָ האָבן מיר זיך דערוואוסט פון דער „שרעקפּאָסט״, אַז עטלעכע מענטשן זענען אַרעסטירט געוואָרן און אַז איינעם פון די אַרעסטירטע, אינזשיניער פּ., האָט מען בעתן אַרעסט גוט צעמזיקט.

עס האָט זיך געצויגן אַ שווערער ווינטער. קאַלט און טריב אינדרויסן, קאַלט און טריב אין זיך, אין דער אייגענער נשמה. דער פּראָסקוראָווער פּאָגראָם האָט גאָר אויסגעלאָשן דאָס לעצטע שטיקל האָפענונג מיט דעם לעצטן ביסל חשק צום לעבן. מיר זענען אַרומגעגאַנגען איינגעקאָרטשעטע, איינגעקנוי־דערטע, פּונקט ווי מיר וואָלטן זיך אינסטינקטיוו געוואָלט אויסבאַהאַלטן אַפילו פאַרן גרויען ליכט פונם ווינטערטאָג...

אין יענער צייט האָט זיך אַריינגעצויגן צו מיר אין הויז דער שעף פון אַ דיוויזיע צוזאַמען מיט זיין אַדיוטאַנט און דענשטשיק. דער לעצטער איז געווען אַ ייד פון יענע לעצטע

יידלעך, וואָס זענען פּעאיק צו פאַרקויפן אַפילו דעם טאַטן מיט דער מאַמען... געהייסן האָט דערדאָזיקער פאַרשוין פריץ.

געקומען איז דער דיוויזיע-גענעראַל פון „פראָנט" און איז אַריין צו מיר אין הויז מיט דער מאַכט און דעם רחבות-געפיל פון אַ באַלעבאָס. און ווי קען דאָס טאַקע זיין אַנדערש? איז ער דען נישט דער באַלעבאָס און איז ער דען נישט בכוח אַרויסצוזעצן מיך פון מיין הויז אַ ליאַדע מינוט? אַלץ קען ער טאָן און אַלץ מעג ער טאָן, און קיינער קען זיך אים נישט אַנטקעגנשטעלן.

איך האָב געוואָלט צושליסן די טירן פון זיינע צימערן, אַזוי, אַז איך זאָל אים נישט דאַרפן אָנקוקן צוזאַמען מיט זיין יידל. ער האָט אָבער באַפוילן, אַז אַלע טירן זאָלן זיין אָפן, און זיין יידל האָט אונז גוט אַרומגעשמעקט, צוריינגעוואָרפן אומעטום די אויגלעך, געזוכט, גענישטערט... עס פאַרשטייט זיך, אַז פון דעם יידל האָט מער געעקלט, ווי פונם דיוויזיע-גענעראַל.

ביי אונז אין הויז זענען געווען צוויי יונגע שיינע מיידלעך: איינע אַ קאַסירערין, סאָניע, און די צווייטע — אַ לערערין צו די קינדער. און אָט קומט איינמאָל אַריין דאָס זיסע יידל און מעלדעט אונז, אַז דער גענעראַל פאַרלאַנגט, אַז סאָניע זאָל אַריינגיין צו אים אין צימער. ער וויל אַ ביסל פאַרברענגען מיט איר. קיין פּרושים דערצו האָט מען, נאַטירלעך, נישט געדאַרפט. עס איז אונז פינסטער געוואָרן אין די אויגן.

ווען דאָס יידל איז אַרויס פון צימער, האָבן מיר זיך אַלע איבערגעקוקט און זענען געבליבן שטיין אויף איין פיינלעכער מחשבה און אויף איין פיינלעכער פראַגע:

„וואָס טוט מען?"

אין דעם מאָמענט האָט זיך אונז געדאַכט, אַז מיר זענען

מיט איין מאָל איבערגעוואָרפן געוואָרן אין דער טונקעלער גע־דיכטעניש פון מיטלאַלטער...

וואָס טוט מען אָבער? ווי גיט מען זיך אַן עצה מיטן פאַרצייטיקן דעספּאָט, וואָס זיצט און וואַרט דאָרט אין צימער? מיר האָבן זיך ממש געפונען אין אַ געפּערלעכער לאַגע. ער האָט געפּאָדערט פון אונז אַ שרעקלעכן קרבן, און מיר האָבן בשום אופן נישט געקענט איינגיין אויף אים. סיי אַלס יידן און סיי אַלס מענטשן האָבן מיר נישט געטאָרט דערלאָזן דערצו.

מיר זענען אַרומגעגאַנגען, ווי אָן קעפּ...

סאָניע איז אָבער געווען נישט בלויז אַ שיין לעבע־דיק מיידל, נאָר אויך אַ מוטיק מיידל. זי האָט זיך נישט איבערגעשראָקן, נישט פאַרלאָרן. זי האָט זיך אַפילו צעלאַכט און געזאָגט:

„איך וועל אַריינגיין צו אים".

„וואָס רעדסטו? ווי אַזוי?"

„וואָס וועט ער מיר טאָן?" האָט זי מוטיק געפרעגט. „ער וועט מיר גאָרנישט טאָן".

„דו רעדסט דאָך, ווי אַ קינד?"

„ניין, איך רעד נישט, ווי אַ קינד. איר וועט זען, אַז ער וועט מיר קיין שום בייז נישט טאָן. איך וועל אַריינגיין צו אים".

זי האָט זיך איינגעשפּאַרט און איז מיט דרייסטע טריט אַריין צום גענעראַל... אַ ציטער האָט אונז אַרומגעכאַפּט, פּונקט ווי מיר וואָלטן צוגעזען, ווי דאָס מיידל וואַרפט זיך אַליין אַריין אין פייער... דעמאָלט האָט מיין פרוי געזאָגט:

„אויב סאָניע איז אַזאַ מוטיקע און איז אַליין אַריין צום גענעראַל, טאָ זאָל די לערערין אויך אַריין צו אים... צוויי מיידלעך ענדערן אינגאַנצן די האַלטונג פון מאַנסביל. פאַר צוויי מיידלעך איז זיכער די בושה גרעסער".

מיין פרוי איז געווען גערעכט.

אין אַ ווײַלע אַרום איז אויך דאָס צווייטע מיידל אַרײַן אינם קרבן-צימער...

מיר זענען געבליבן וואַרטן און האָבן גאַנץ לאַנג גע־וואַרט. די מיידלעך האָבן פאַרבראַכט ביים גענעראַל ביי אַ פּאָר שעה צייט און זענען אַרויס פון זיין צימער שיינענדיקע און התפעלותדיקע.

ס'איז, קענטיק, גאָרנישט געווען קיין קרבן-צימער, און מיר האָבן זיך בחינם געשראָקן. ביידע צדדים האָבן דאָרט גוט פאַרבראַכט און די מיידלעך האָבן, אַפּנים, גאָרנישט געהאַט דאַקעגן אַרייַנצוגיין ווידעראַמאָל אין דעמזעלבן צימער...

„וואָס האָט איר דאָרט אַזוי לאַנג געשמועסט?" האָב איך זיי געפרעגט.

„מען האָט גערעדט וועגן קונסט, וועגן ליטעראַטור..." האָט סאָניע געענטפערט.

„זייער אַן אינטעליגענטער מענטש", האָט די צווייטע אונטערגעכאַפּט, „און האָט זיך זייער אָנשטענדיק פאַרהאַלטן".

מיר האָבן אָבער צו אים קיין גרויס צוטרוי נישט גע־האַט. אַגב, האָט אונז שטאַרק דענערווירט זיין יידל, וואָס האָט אומעטום אַרייַנגעשטעקט די אויגן און די נאָז.

דערדאָזיקער גענעראַל מיטן יידל האָבן נישט נאָר גע־וווינט ביי אונז — מיר האָבן זיי אויך אויסגעהאַלטן מיט קעסט. פּעטלוראַס „אַרמעע" איז, ברוך השם, על-פּי-רוב באַ־שוכט און באַקעסטיקט געוואָרן פון דער באַפעלקערונג, אָנגע־הייבן פון די גענעראַלן און געענדיקט מיט די זאָלנער. מען האָט זיי אַלץ געדאַרפט געבן, מיט אַלץ באַזאָרגן, פּונקט ווי מיר וואָלטן זיך אונטערגענומען דאָס צו טאָן דורך אַ קאָנ־טראַקט מיט פּעטלורען.

עס האָט טיילמאָל פאַרדראָסן ביז ווייטיק: לאָ־די וואָס דו האלסט אַ שונא אין שטוב, באַדאַרפסטו נאָך אים געבן צו עסן און צו טרינקען, און טאָמער איז דאָס וויניק, דאַרפסטו זיך נאָך שטאַרק באַמיען, אַז דאָס עסן און טרינקען זאָל אים געפעלן, אַז ער זאָל נישט קרימען מיט דער נאָז, פונקט ווי אַ בייזער איידעמל אויף קעסט...

אַמאָל פלעגט אויסוואַקסן אין שטאָט אַ טומל און אַ גערודער אינדערפרי, אַמאָל בייטאָג און אַמאָל, ווידער, ביי־נאַכט, ווען מען איז געלעגן אין בעט און מען האָט מורא גע־האַט צוצומאַכן מיט אַן אויג...

דאָסמאָל איז עס געשען ביינאַכט. ליגנדיק אין בעט, האָבן מיר געהערט, ווי עס רודערט זיך אינדרויסן, פונקט ווי אויף אַ שריפה. מען לויפט, מען שרייט. זעלנערשע טריט און זעלנערשע געשרייען. ביינאַכט אין שרעק באַקומט יעדער קלאַנג אַן אַנדער אויסדרוק, אַן אַנדער פאַרנעם.

דער ערשטער געדאַנק איז געווען, אַז די באָלשעוויקעס האָבן אַרומגעכאַפט די שטאָט פון אַלע זייטן און די פעטליו־ראָווצעס מאַכן פליטה. גאָט ווייס, וואָס פאַר אַ קאַמף מיט האַרמאַטן עס קען זיך נאָך אָפּשפּילן אויף דער גאַס ביי אונז אונטער די פענסטער?

מיר הערן, ווי אונזער איידעמל אויף קעסט, דער גענע־ראַל און זיין יידל לויפן אַרום, ווי פאַרסמטע, שפּרינגען כסדר אַרום, רעדן מיט אָפּגעהאַקטע ווערטער... עס ווילט זיך אויפ־הייבן פון בעט, זיך אָנטאָן, אַרויסגיין אינדרויסן און אַ קוק טאָן, וואָס דאָרט קומט פאָר. וואָרים עס איז דאָך קלאָר, אַז דאָס, וואָס עס קומט דאָרט איצט פאָר, איז בלוטיק פאַרבונדן מיט אונז אַלע, וואָס ליגן, אומבאַהאָלפענע און איבערגעשראָ־קענע, אין די בעטן...

אָבער ווי גייט מען אַרויס אין גאַס? דאָס הייסט דאָך פּשוט איינשטעלן דאָס לעבן אין קאָן. אַ קויל איז אָנגעגרייט פאַר דעם, וואָס וועט נאָר פּרואוון בלויז עפענען די טיר.

און די נאַכט ציט זיך, ווי פון פעך, און עס קלאַפּן די זעלנערשע טריט אויפן שטיין פון ברוק. מיר הערן, ווי די זעלנער שרייען... אויף אונזער וועלטל האָט אָבער אַלץ אַ סוף, און די לאַנגע נאַכט האָט זיך אויך געענדיקט.

באַלד אינדערפרי, נאָך איידער די „שרעקפּאָסט" איז געקומען, בין איך אַרויס אין גאַס. זע איך עפּעס, אַלע קוקן מיך אָן, פּונקט ווי איך וואָלט אַראָפּגעפאַלן פון דער לבנה... מען טייטלט אויף מיר מיט די פינגער און מען שושקעט זיך. עס ווערט מיר זייער קשה די זאַך. אָבער עמעץ פרעגט מיך:

„זעט, מען האָט אייך שוין באַפרייט?"

„וואָס איז געשען?" פרעג איך.

„סטייטש, איר ווייסט גאָרנישט? מען האָט דאָך ביינאַכט געמאַכט גרויסע אַרעסטן אין שטאָט. מען האָט גענומען ערובי־ניקעס... איר זענט אויך געווען אין צעטל..."

איך פרעג, וועמען מען האָט אַרעסטירט ביינאַכט און מען רופט מיר אָן די נעמען פון די שענסטע באַלעבאַטים אין שטאָט.

שפּעטער דערוויס איך מיך, אַז דער גאַנצער מאַכער פון די אַרעסטן איז געווען אונזער איידעמל אויף קעסט מיטן יידל. דאָס יידל האָט צוזאַמענגעשטעלט די רשימה פון די ערובני־קעס און דער גענעראַל האָט דורכגעפירט די אַרעסטן. דעם יידלס ראָל איז אייגנטלעך געווען — צו באַזאָרגן דעם גענע־ראַל מיט אינפאָרמאַציעס וועגן די שטימונגען צווישן יידן, וועגן זייער עשירות, יחוס און דאָסגלייכן און אַרויסגראָבן די־יעניקע, וואָס האָבן אַ נייגונג צום באָלשעוויזם.

איך בין אויך געווען אין צעטל, אָבער איך מיין, אַז איך בין נישט אַריינגעפאַלן אין תּפיסה בלויז דערפאַר, ווייל דער גענעראַל האָט דאָך נישט געוואָלט אָנמאַכן אַ חורבן אין יענעם הויז, וואו ער האָט געוואוינט און זיך באַקעסטיקט. ער האָט עס נישט געטאָן פאַר זיין אייגענער באַקוועמלעכקייט.

וואָס איז געווען די סיבה פון די אַרעסטן? דאָס יידל, דאָס העסלעכע יידל האָט מיט זיין הינטיש נצול אַרויס־געשמעקט קאָמוניסטן ביי דער שוליוגנט, און אַזוי ווי די באָל־שעוויקעס האָבן כסדר געשלאָגן די פעטלורע־באַנדעס, וועלכע האָבן געהאַלטן אין איין אָפּטרעטן, האָט דער גענעראַל געפוי־נען פאַר נויטיק צו נעמען ערובניקעס, וועלכע האָבן געדאַרפט אָפּקילן די כלומרשטע קאָמוניסטן...

פאַר יעדן אַרויסטריט פון די „קאָמוניסטן" וועלן זיך באַצאָלן די ערובניקעס.

איבעריקנס, האָט דאָך נאַפּאָלעאָן אויך גענומען ערובניקעס, טאָ פאַרוואָס זאָל עס פעטלורע נישט טאָן? שוין זשע איז ער קלענער פון נאַפּאָלעאָנען?

צוליב דעם זענען אַ גאַנצע נאַכט אַרומגעלאָפן זעלנער און עס האָט זיך געטומלט און גערודערט ווי אויף אַ שריפה.

אַ פעטלורע־אָפיציר האָט אויסגעפאָרשט די ערובניקעס. ווען ער האָט געפרעגט ר' צבי ה. אַ שיינער ראָוונער באַ־לעבאָס, צו וואָסער פאַרטיי ער געהערט, האָט יענער געענט־פערט:

„איך געהער צו דער פאַרטיי פון די הויזבאַזיצער... ס'איז אַ גאַנץ חשובע פאַרטיי..."

און האָט צוגעגעבן:

„איך בין אויך אַ סטאַראָסטע אין בית־המדרש משניות.

פּאַרוואָס האָט איר מיך אַרעסטירט? וואָס האָב איך צו זיצן אין תּפיסה?"

ווען דער אָפיציר האָט אים דערקלערט די באַדייטונג פון אַן ערובניק, האָט ר' צבי ה. זיך אָנגערופן:

„פונדעסטוועגן פאַרשטיי איך נאָך אַלץ נ"שט, פאַרוואָס איר האָט מיך אַרעסטירט. איר זענט אייך בכלל טועה, ווען איר נעמט פאַר זאַקלאַדניקעס רייכע מענטשן, שיינע באַלעבאַ־טים, הויזבאַזיצער, סוחרים, פאַבריקאַנטן... איר וועט די באָל־שעוויקעס פאַרשאַפן ווייניק צער דערמיט, וואָס איר וועט האַלטן אין תּפיסה אָדער איר וועט דערשיסן די פאָרשטייער פון דער יידישער בורזשואַזיע... פאַרקערט, זיי וועלן אייך נאָך דאַנקבאַר זיין פאַר דאָסדאָזיקע שטיקל אַרבעט... פאַר זיי איז עס אַקוראַט ווי געוואונטשן. זיי זוכן דאָך טאַקע דעם טויט פאַר דער בורזשואַזיע פון אַלע אומות. איך מיין, אַז איר דאַרפט האַנדלען פונקט פאַרקערט. אויב שוין יאָ נעמען זאַק־לאַדניקעס, דאַרפט איר זיי נעמען פון די לינקע סאָציאַליסטן... דאָס קען אפשר יאָ זיין אַ שטיקל באַוואָרעניש, אויב מען קען בכלל רעדן פון באַוואָרענישן אין אַזאַ צייט... אָבער וואָס האָט איר אונז צו האַלטן? וואָס זענען מיר פאַר אַ באַוואָרעניש קעגן די לינקע?.. דאָס איז זיכער נישט קיין באַרעכנטער שריט פון אייער זייט".

ר' צבי ה. האָט זיך קלוג אויסגעטענהט מיט זיי. סוף־כל־סוף האָבן זיי אַליין איינגעזען, אַז ער איז גערעכט און האָבן באַפרייט אַלע זאַקלאַדניקעס.

מיט יעדן טאָג האָבן זיך די באָלשעוויקעס צוגערוקט צו ראָוונע, און פּעטליורעס באַנדעס זענען אַלץ טיפער פאַרזונקען אינם זומפּ פון פּאָגראָמען...

אויף די שטחים פון אוקראַינע און וואָלין האָט מען

אויסגעהרגעט טויזנטער אומשולדיקע יידן, טאַטעס, מאַמעס, קינדער, און מען האָט זיך פריידיק און שיכּור געטיילט מיט זייער האָב און גוטס.

דער פּאָגראָם האָט נאָך דירעקט נישט אָנגעריירט ראָוונע, אָבער זיין שיכּורער אָטעם האָט זיך שוין געשפּירט אויף יעדן שריט און טריט.

אַ געדיכטע שוואַרצע כמאַרע איז געהאָנגען איבער אונ־זער הימל.



# קאַפּיטל XII

אָסקולקאָ היט אָפּ די שטאָט פון פּאָגראָמען. — די גאַליציאַנער סעטשעוויקעס. — יעדער פּאָגראָם קאָסט אַ שטיק טעריטאָריע — זעלנער שהערן אָסקולקאָן. — פּעטלורעס מלוכה ווערט אַלץ מער איינגעשרומפּן. — דער אַטאַמאַן-פּאָגראָמשטשיק פּאַליענקאָ. — מיין נייער שכן, וואָס פירט אַריין צו זיך אין צימער אָנגעראַבעוועטע זאַכן. — די נייע מהומה אין שטאָט. — באָלשעוויקעס גייען. — פּאַניק צווישן זעלנער. — אַן אָפיציר וויל זיך ראַטעווען דערמיט, וואָס ער שניידט זיך אָפּ דעם קאָזאַק-טשוב. — די בהלה ביי אונז אין הויז. — די טענות אין קאָמיסאַריאַט. — אָפיצירן-פּחדנים. — צי ווייסט איר, וואָס אַזוינס איז שרעק? — גוט איז נאָר דעם פרומען מענטשן. — דער צער פון די יונגע. — פּחד מאַכט פון אַלץ אַ תל.

אָסקולקאָס נאָמען האָב איך שוין פריער דערמאָנט. ער איז געווען איינער פון פּעטלורעס מושלים איבער ראָוונע אַ שטרענגער, אַ האַרבער, האָט ער אָבער ליב געהאַט אָרדענונג. ער האָט זיך נישט געשעמט צו באַשטראָפן אַ זעלנער, צי אַן אָפיציר, וואָס האָט זיך באַשעפטיקט מיט גזילה און רציחה און האָט אַ סך געטאָן צו פּאַרהיטן ראָוונע פון פּאָגראָמען.

ער האָט געזען, אַז די אוקראַינער באַנדעס און זעלנע-

רישע שינעלן קענען זיך נישט איינהאַלטן און רייסן זיך צו פּאָגראָמען, האָט ער אַראָפּגעבראַכט עטלעכע ראָטעס פון די גאַליציאַנער „סעטשעוויקעס", וואָס זענען נישט אַזוי דעמאָראַ-ליזירט, און זיי האָבן געהיט די אָרדענונג אין שטאָט. איך מיין, אַז די איינציקע ערלעכע אָפיצירן, וואָס זענען געווען אונטערגעוואָרפן פּעטלורען, האָבן געהאַט מער זאָרג מיט די אינערלעכע אומאָרדענונגען, ווי מיט דעם באָלשעוויסטישן פראָנט. זיי האָבן געמוזט איינזען, אַז די פּאָגראָמען און רציחות וועלן דערפירן זייערע מיליטערישע אונטערנעמונגען צו די גרעסטע מפּלות.

און אַזוי איז טאַקע געווען: וואָס מער פּאָגראָמען, אַלץ מער מפּלות אויפן פראָנט. יעדער פּאָגראָם האָט פּעטלורען גע-קאָסט אַ שטיק טעריטאָריע.

איך בין געווען דערביי, ווען אָסקולקאָ האָט נאָך אַ תּפילה אין דער קאַטעדראַלע געהאַלטן אַ פייערדיקע דרשה פאַר די „סעטשעוויקעס", אָנווייזנדיק זיי, אַז די פּאָגראָמען הרגענען אַוועק דעם פּרעסטיזש פון דער אוקראַינישער מלוכה און שוואַכן אינגאַנצן אָפּ דעם פראָנט קעגן די באָלשעוויקעס.

צולעצט האָט ער זיי געהייסן אויפהייבן די הענט און שווערן, אַז זיי וועלן אַליין נישט מאַכן קיין פּאָגראָמען און וועלן אויך די אַנדערע נישט דערלאָזן דערצו. די זעלנער האָבן ווי איין מענטש אויפגעהייבן די הענט און אויפריכטיק געשוואָרן.

זייער שבועה האָבן זיי נישט געבראָכן. זיי האָבן ער-לעך אָפּגעהיט די שטאָט פאַר גזילות און רציחות. איך האָב שוין פריער געזאָגט, אַז נאָר זעלנער קענען אויפהאַלטן זעלנער און ווירקן אויף זיי.

מיר האָבן אָבער אַלץ געלעבט אין שרעק. די ידיעה וועגן די פּאָגראָמען אין אוקראַינע און וואָלין האָבן זיך אונז געלייגט אויף דער נשמה, ווי בליי... מיר זענען אַרומגעגאַנגען, ווי אין אַ ביטערן טשאַד, צעבראָכענע, פאַרלאָרענע.

באַלד נאָכן בלוטיקן פּאָגראָם אין זשיטאָמיר האָבן די באָלשעוויקעס פאַרנומען דידאָזיקע שטאָט. פּעטליורעס „מלוכה" האָט זיך אַלץ מער און מער איינגעשרומפּן. ער האָט פאַרלאָזט איין פּאָזיציע נאָך דער צווייטער, איין פּונקט נאָך דעם צווייטן.

דער אַטאַמאַן פּאַליענקאָ, דער אָרגאַניזאַטאָר פון דעם זשיטאָמירער פּאָגראָם, האָט זיך עוואַקויִרט קיין ראָוונע און האָט אַריינגעפירט אַהער עטלעכע וואַגאַנעס מיט אָנגעראַבעוועטע זאַכן.

דער שטרענגער אָסקילקאָ האָט אים תחילת אַרעסטירט, דער עיקר צוליב דעם, ער זאָל דאָ אויך נישט ווייזן זיינע באַנדיטישע בלוטיקע קונצן, ווי אין זשיטאָמיר. שפּעטער אָבער האָט ער אים באַפרייט אונטערן דרוק פון פּעטליורען, און דער־דאָזיקער פייגל האָט זיך באַזעצט ביי מיר אין וואוינונג... און טאָמער איז דאָס ווייניק, האָט ער נאָך אַריינגעשלעפּט צו זיך אין צימער די אָנגעראַבעוועטע זאַכן פון זשיטאָמיר, און מיר האָבן זיי געפילט פּונקט ווי לעבעדיקע, וואָס האָבן צו אונז פיינלעכע טענות...

מיר האָבן זייער געליטן פון דעמדאָזיקן שכן, פּונקט ווי ער וואָלט אונז אָפּגעשפּריצט מיטן בלוט פון זיינע קרבנות, אָבער מיר האָבן געמוזט שווייגן און נאָך מאַכן אַ העפלעכע מינע, ווען מיר האָבן זיך אָנבאַגעגנט מיט אים.

די רויטע אַרמעען זענען אַלץ געגאַנגען פאָרויס. זיי האָבן זיך צוגערוקט צו ראָוונע און האָבן איבערגעשראָקן די

זעלנער און די אָפיצירן. דאָס זענען געווען אין פלוג איבער־בעשראָקענע באַנדיטן... יעדע רגע זענען זיי געווען מוכן ומזומן צו מאַכן פּליטה און בעת מעשה זיך אויך אָפּרעכענען מיט דער שטאָט.

איינמאָל, פאַר פסח, ווען איך בין געראַדע געווען אין גאַס, האָט זיך פּלוצלונג, ווי אַ שטורעמווינט אויפגעהייבן אַ מוראַדיקע מהומה אין שטאָט. עס זענען געלאָפן זעלנער, אָפּיצירן מיט אַרויסגעשפּאַרטע אויגן פון פּחד אָדער מיט רויטע פּנימער פון רציחה. קרעמער האָבן גיך אַראָפּגעלאָזן די שטאָרן, צוגעשלאָסן די קראָמען און געלאָפן הענדום־פּענדום אַהיים. דורכגייער און פורידלעכע מענטשן האָבן איינגעצויגן די קעפּ אין די אַקסלען און האָבן כהרף־עין אָפּגעליידיקט די גאַס...

קיינער האָט געגוי נישט געוואוסט, וואָס עס איז געשען און קיינער האָט זיך אויך נישט געדאַרפט אַריינגריבלען אין די סיבות פון דער מהומה. וואָס קען זיין אין אַזאַ צייט? אָדער אַ התחלה פון אַ פּאָגראָם אָדער די באָלשעוויקעס זענען שוין דאָ...

פאַרכאַפּט פון דער אַלגעמיינער מהומה, האָב איך געגוי־מען אַ דראָזשקע און בין פייל פון בויגן געפלויגן אַהיים. אָבער אַ מאָדנע זאַך, אַלע קאָזאַקן, אַלע זעלנער לויפן אויך צו אונזער הויז. אפשר ה י י ב ט ז י ך ד אָ ס אָ ן פון אונזער הויז?

איך הער, ווי אָפיצירן שרייען צו די זעלנער.

„רעביאַטאַ, וואָס קוקט איר? פּאָגראָמירט דעם זאַוואָד? בּרעכט, האַקט, שניידט! נעמט זיך צו דער אַרבעט!"

איך קוק מיך אום: מיין פרוי שטייט, אַ בלאַסע, ווי

קאַלך. די הענט זענען ביי איר אַראָפּגעלאָזט, די אויגן גרויסע, איבערגעשראָקענע.

וואָס איז געשען? ס'איז געשען אַ מהומה, וואָס קומט פון שרעק — דאָסמאָל פון זעלנערישן שרעק. עמעץ, אַ צעמיש־טער האָט אַ געשריי געטאָן:

„די באָלשעוויקעס גייען!"

און מער האָט מען נישט געדאַרפט. אַלץ, וואָס האָט נאָר געטראָגן אויף זיך אַ שינעל און האָט פאַרטיידיקט פעטלורעס מלוכה, האָט זיך מיט גרויס אימפּעט אַ וואָרף געטאָן צום דובנער שאָסיי און האָט געמאַכט פיס. מען איז געלאָפן, ווי די רוחות, און מען האָט זיך אַפילו נישט אומגעקוקט. דער פּחד פאַר די באָלשעוויקעס איז אַלעמאָל געווען אַזוי גרויס, אַז בלויז דער איין קלאַנג „באָלשעוויקעס" איז געווען גענוג אויפצוהייבן דאָס מיליטער אויף די פיס און צעוואַרפן עס, ווי אַרבעס, אויף די אַרומיקע טראַקטן.

די פּאַניק האָט זיי געטריבן אויפן דובנער טראַקט, און דידאָזיקע פּאַניק האָט אויך געטריבן די שטאָטישע באַפעלקערונג, וואָס האָט אָפּגעלייִדיקט די ראָוונער געסלעך און האָט זיך מיט אַ פאַרהאַקטן אָטעם פאַרגראָבן אין די הייזער.

דער דובנער שאָסיי ציט זיך פאַרביי מיין הויז. איינער פון די מיליטערישע פּליטים, אַן אָפיציר, וואָס האָט זיך, קענטיק, איבערגעשראָקן צו טויט, איז אַריינגעלאָפן צו מיר אין הויז און האָט נישט מיט זיין קול גענומען שרייען:

„אַ מעסער, אַ שער! אַ שער גיט מיר אַהער! איך מוז מיר אָפּשניידן דעם טשוב! גיכער, גיכער אַ שער! אַ מעסער!"

ער האָט געטראָגן אַ קאָזאַקישן טשוב און האָט מורא געהאַט, אַז טאָמער וועלן אים פּאַקן די באָלשעוויקעס, וועט

אים אַרויסגעבן דער טשוב, וועלכער וועט אָנווייזן, אַז ער שטאַמט פון פעטלוּרעס חיילות...

מיט דער אוקראַינישער אוניפאָרם האָט ער זיך אַן עצה געגעבן: ער האָט זי באַלד אַראָפּגעוואָרפן פון זיך. איצט האָט ער נאָר געדאַרפט אָפּשניידן דעם געפערלעכן טשוב.

מיין פרוי האָט אָבער נישט פאַרשטאַנען זיינע קולות. זי האָט נאָר געהערט, אַז ער שרייט אַלץ „אַ שער!" „אַ מעסער!" גראַדע אַזעלכע זאַכן, וועלכע מען טאָר נישט דערלאַנגען אין אַזאַ צייט אַ פעטלוּרע-אָפיציר...

שרייט ער אַלץ מיט ווילדע קולות דאָס זייניקע און מיין פרוי גיט עס אים נישט. איז ער אַריינגעלאָפן אין קיך, האָט געכאַפּט ביי דער איבערגעשראָקענער דינסט אַ שער און האָט זיך גענומען שניידן דעם טשוב.

דידאָזיקע מאַניפּולאַציע איז אינגאַנצן געווען אומפאַר-שטענדלעך פאַר מיין פרוי, און אַזוי ווי זי איז געווען איינע אַליין אין שטוב, האָט זי אַרויסגערופן אַ פּאָר אַרבעטער פון זאַוואָד. די אַרבעטער האָבן אים אַרויסגעבעטן פון שטוב.

ער איז אַרויסגעלאָפן אַ צעמישטער אינדרויסן. די מהומה מיט די באָלשעוויקעס האָט זיך שוין גענומען איינשטילן. די לויפער האָבן געשריען צו איינאַנדער:

„אַ טעות! נישטאָ קיין באָלשעוויקעס! עמעצער האָט אַרויסגעלאָזט אַ פאַלשן קלאַנג!"

מען האָט דעם אָפיציר באַרואיקט. אָבער צי דערפאַר, ווייל ער האָט געזשאַלעוועט זיין אָפּגעשניטענעם טשוב אָדער צי דערפאַר, ווייל ער האָט זיך בכלל געשעמט פאַר זיין אַרויסגעוויזענעם פחדנות, האָט ער פלוצלונג גענומען שרייען צו די אַרומיקע קאָזאַקן:

„מען האָט מיך באַליידיקט אין זאַוואָד! לאָמיר אים פּאָג-ראָמירן! אַ שטיין אויף אַ שטיין וועלן מיר דאָרט נישט אי-בערלאָזן!"

צום גליק, האָבן זיך די קאָזאַקן נישט צוגעהערט צו זיינע געשרייען. זיי זענען נאָך נישט געקומען צו זיך פונם איבערגעלעבטן פּחד און האָבן נישט געוואוסט אויף וואָסער וועלט זיי זענען. מיט דעם אָפיציר זענען בלויז מיטגעגאַנגען עטלעכע חברים זיינע, וואָס האָבן געמאַכט אַ טומל אין הויף פון זאַוואָד.

מיין זון איז אַוועקגעלאָפן צום קאָמענדאַנט. דער קאָמענ-דאַנט האָט אַרעסטירט די אָפיצירן צוזאַמען מיט מיין זון. מען האָט זיי אָפּגעפירט אין קאָמיסאַריאַט.

דאָרט האָט מען זיי אויסגעפרעגט.

דער אָפיציר מיטן אָפּגעשניטענעם טשוב האָט געטענהט, אַז די יידן האָבן נישט געוואָלט אויסבאַהאַלטן אַן אָפיציר אין אַ צייט פון אַ סכנה.

„דאָס איז געמיין?" האָט ער געשריען. „אַזעלכע יידן זענען פאַרברעכער!"

מיין זון האָט זיך אָבער נישט דערשראָקן און האָט אים דרייסט געענטפערט:

„שוין זשע דאַרף זיך אַן אָפיציר אויסבאַהאַלטן אין אַ צייט פון אַ סכנה? איך מיין, אַז אַן אָפיציר דאַרף זיך דווקא געפינען אויף דער גאַס אין אַזאַ צייט און דאַרף אָפּהיטן די אָרדענונג אין שטאָט... מען טאָר נישט איבערלאָזן אַ שטאָט אויף הפקר און אַליין לויפן זיך ערגעץ באַהאַלטן... אַ מוטיקער אָפיציר וועט אַזוי נישט טאָן. וואָס איז אָבער שייך צו דעם פאַל, האָבן מיר בכלל נישט געוואוסט, אַז דער אָפיציר וויל

זיך באַהאַלטן. מיין מוטער איז געווען אַליין אין שטוב און זי האָט נישט פאַרשטאַנען, וואָס ער וויל. זי האָט זיך נאָר שטאַרק איבערגעשראָקן".

דער קאָמיסאַריאַט האָט ביידע צדדים באַפרייט. דער אָפיציר האָט אָבער געסטראַשעט מיין זון:

„מיר וועלן זיך אָפּרעכענען מיט אייך. נישקשה, מיר קענען זיך אָפּרעכענען. קיין מצה וועט איר שוין אויף פּאַסכע נישט עסן, ווייל ביז דעמאָלט וועלן מיר אויסקוילענען אַלע יידן..."

אויב מיר האָבן נאָך דעם ריכטיקן פּאָגראָם נישט געהאַט אין ראָוונע, האָבן מיר אָבער געהאַט גענוג פּאָגראָם-סטראַשונ-קעס, וואָס האָבן געווירקט אויף דער פּסיכיק, נישט ערגער, ווי אַ פיזישער פּאָגראָם.

צי ווייסט איר, וואָס אַזוינס איז שרעק? צי ווייסט איר דעם טעם פון קאַלטן שווייס אויפן שטערן, פון ברענענ-דיקע האָר אויפן קאָפּ, פון אַן אָפּגעשטאָרבן האַרץ, בעת דער אָטעם ווערט מיטאַמאָל פאַרפאַלן, פון גליווערנדיקע קני, פון בלויע און רויטע רויפּעלעך פאַר די אויגן?..

דאָס אַלץ איז שרעק, פחד, אימה, מורא, און דאָס אַלץ האָבן מיר איבערגעלעבט אין יענע טעג אין ראָוונע.

וויפל מאָל האָב איך אין יענע טעג געזען, ווי אַ קינד איז מיטאַמאָל אָפּגעפאַלן דאָס בלוט פון פּנים און עס האָט זיך פאַראָפּגעלאָזט מיט אונטערגעהאַקטע קני; ווי אַ פרוי האָט אַ געשריי געטאָן מיט אַזאַ שטימע, וואָס האָט דערמאָנט אין טויט; ווי ביי אַ זקן האָבן זיך גענומען טרייסלען די דזשאָבלעס אָן ציין צוזאַמען מיט דער גרויער צעפּלאָנטערטער באָרד; ווי אַ געזונטער מאַנסביל האָט פּלוצלונג גענומען

שטאַמלען אַ צעמישטער מיט אַרויסגעשפּאַרטע אויגן פון פחד...

דאָס אַלץ זענען שטריכן, טיף אין דער נשמה איינגע־קריצטע שטריכן פון יענע טעג אין ראָוונע.

בלויז אמת פרומע יידן, וואָס האָבן געהאַט אַ פול האַרץ פאַר גאָט, האָבן זיך אַן עצה געגעבן מיטן פחד, וועל־כער האָט זיך אַריינגעגריזשעט אין די ביינער. זיי האָבן אומעטום און אַלעמאָל זיך געווענדט מיטן רעיון צו גאָט, און ביי אים האָבן זיי געפונען מנוחה און טרייסט.

אַ פרומער זקן האָט מיר געזאָגט מיט אַ פרומען קרעכץ:

„אַ מענטש וועט נישט שטאַרבן פריער, ווי דאָס איז אים באַשערט... גאָט האָט מיר געשענקט אַזויפיל יאָרן און איך וועל זיי מיט זיין הילף אויסלעבן... קיינער וועט נישט קענען ענדערן גאָטס רצון. מען דאַרף זיך נאָר פאַרלאָזן אויפן רבונו־של־עולם..."

אָט די זקנים האָבן זיך כמעט נישט געראַנגלט אין אַ פּאָגראָם. זיי האָבן אויסגעצויגן די העלזער פאַרן חלף און האָבן באַצייטנס צוגעמאַכט די אויגן. זיי האָבן געוואוסט, אַז אויף אַלץ איז דאָ גאָטס רצון, און אַז אָן דעמדאָזיקן רצון וועט זיי אפילו אַ האָר נישט געמינערט ווערן אויף די אַלטע שיטער־האָריקע קעפּ...

דערפאַר אָבער האָבן שטאַרק געליטן די יונגע. זיי האָבן זיך געשעמט מיטן פחד און מיט דער פחדנות. זיי האָבן תמיד געטראַכט פון אַ ווידערשטאַנד, וואָס איז אָבער זעלטן מעגלעך געווען. ווי קען מען שטעלן אַ ווידערשטאַנד אַ גרויסער באַ־וואָפנטער באַנדע?

מען האָט געזען דעם טיפן צער אין די אויגן פון די

יונגע. די מעגלעכקייט פון אַ פּאָגראָם האָט אַלעמאָל צעשטערט זייערע אָנשויונגען, זייערע אידעאַלן. זיי האָבן נישט געקענט פועלן ביי זיך, אַז עס זאָל נישט זיין אַזאַ כּוח, וואָס זאָל איבערוועגן די כּוחות פון די פּאָגראָמשטשיקעס. אַזאַ כּוח מוז עקזיסטירן. ער האָט אָבער נישט עקזיסטירט, און די יונגע זענען אַריינגעפאַלן אין יאוש, ווי אין אַ תּהום...



# קאפיטל XIII

א פסח מיט מצה און קנײדלעך, אבער אן פרײד. — פײער מיט וואסער. — דער ערשטער קרבן אין ראוונע. — פאראן צײטן, ווען מען טאר נישט זײן קײן גביר. — צער און אנגסט פון עשירות. — טריומפירנדיקע בליקן. — די מחלוקת צווישן פעטלורען און אסקולקאן.—ראוונע עוואקואירט זיך.—צווישן צוויי פלאמען. — פאליאקן נישט ווײט פון ראוונע. — א פלאן צרוסציפארן קײן ווארשע. — א קאמף אויף לעבן און טויט צווישן צוויי „מלחמה-פעלדער".—ראוונע זאל ווערן א שלאכטפעלד. — דער פאגראמשטשיק פאליענקא. — אן אוונט-שמועס מיטן פאגראמשטשיק. — מלחמה געבונדן מיט פאגראמען און פאגראמען געבונדן מיט מלחמה. — אין דערווארטונג אויף א שלאכט און אויף א פאגראם. — מיטן געהער און מיט די אויגן אויף דער גאס. — דער נאכט-ערעסט פון דעם פאגראמשטשיק. — זײנע זארגן וועגן די אנגעראבירטע זאכן. — עס ווערט אונז לײכטער אויף דער נשמה.

דער אפיציר האט אונז אפילו געסטראשעט, אז דעם פסח וועלן מיר שוין נישט דערלעבן צו עסן קײן מצה, ווײל מען וועט אונז אלע אויסקוילענען. דידאזיקע סטראשונקעס זענען נישט מקוים געווארן. מיר האבן יא געפראוועט א פסח מיט מצה און קנײדלעך, דרויסן איז געווען פרילינג, די ליבע זון האט געשײנט, אבער אויפן הארצן איז נישט גצוועזן פרײלעך.

מען האָט געלעבט אין שרעק. ווען פעטלורע װעט אַוועק, וועלן קומען די באָלשעוויקעס, און איך מיט זיי זענען פייער מיט וואַסער...

איך בין גאָרנישט געווען אַזוי נאַיוו צו גלויבן, אַז איך וועל מיך קענען איינלעבן מיט די באָלשעוויקעס, בלייבנדיק ביי מיין פאַרמעגן. דאָס איז אַן אויסגעשלאָסענע זאַך. גיכער פון אַלץ וואָלט איך מסתמא געווען זייער ערשטער קרבן אין ראָוונע.

מיינע רעיונות האָבן זיך נישט ווילנדיק כסדר געדרייט אַרום פעטלורען און די באָלשעוויקעס. עס איז געווען אַ גאַנצע קייט פון רעיונות, וועלכע האָבן מיך אָבער בשום אופן נישט געקענט באַרויקן. פאַרקערט, גיכער האָב איך דערזען דורך זיי אַלץ נייע סכנות פאַר מיר...

הערט איר, פאַראַן צייטן, ווען מען טאָר נישט זיין קיין גביר, מען טאָר נישט האָבן קיין אייגן הויז, קיין פאַבריקן, קיין געלט אין באַנק... דיין אייגענע עשירות שרעקט דיך, ברענט דיר די באַקן, שטעלט דיך אַוועק אין אַ גרויסער סכנה... עס בינדט דיר די הענט און די פיס און גייט דיר נאָך, ווי אַ געשפענסט, ווי אַ שרעקבילד.

אַ גרויסן טייל פון מיינע פחדים און אַנגסטן האָב איך צו פאַרדאַנקען מיין פאַרמעגן. ס'איז מערקווירדיק, אַז אַפילו די מענטשן פון דער אייגענער שטאָט, דער עיקר, נאַטירלעך, די אומפאַרמעגלעכע, האָבן עפּעס אַ טיפע הנאה דערפון, וואָס דיין עשירות האָט פאַרלאָרן איר רייץ און איר יחוס...

און מען האָט טאַקע געשמועסט צווישן זיך:

„אַ גביר איז איצט נישט מקנא צו זיין... אויב ער איז דאָס גאַנצע לעבן נישט אָפּגעקומען, וועט ער כאָטש איצט אָפּ־קומען און וועט וויסן „פּאָטשאָם פונט ליכאַ...״

ווען איך פלעג מיך אָנבאַגעגענען מיט זיי אין גאַס, פלעג איך אַרויסלייענען פון זייערע אויגן דעם תענוג פון באַוואוסט-זיין, אַז דער גביר קומט איצט אָפּ...

קיינער האָט אויף אים קיין רחמנות נישט געהאַט. קיינער האָט אים נישט באַדויערט...

מאַנכע, פאַרביסענע, האָבן זיך אַפילו געקלאָגט דערויף, וואָס דער גביר קען זיך מיטן געלט אויך איצט אַרויסדרייען פון זיין לאַגע.

„איר ווייסט נישט, וואָס געלט איז", האָבן זיי געטענהט מיט פאַרביסנקייט. „מיט געלט קען מען זיך אַלעמאָל אַן עצה געבן בעסער, ווי דער אָרעמאַן... מיט געלט קען מען אונטער-קויפן און אונטערשמירן וועמען מען דאַרף און מען קען אַנט-לויפן און מען קען זיך באַהאַלטן... וואָס קען מען נישט מיט געלט? ווי קען זיך אָבער אַן עצה געבן דער אָרעמאַן און ווי קען ער, אַ שטייגער, אונטערקויפן, אַז ער האָט נישט קיין געלט?"

די מענטשן, וואָס האָבן אַזוי געטענהט, האָבן זיך טועה געווען. ווען עס איז דערגאַנגען צו געלט, איז שוין געווען גוט. ס'איז אָבער נישט דערגאַנגען צו געלט. מען האָט דעם גביר פריער דערהרגעט.

אין מיין גאַנץ לעבן האָב איך נישט געזען אַזעלכע טריומפירנדיקע בליקן אין באַצוג צו מיר, אַזעלכע צווידייטיקע שמייכלען. מיר האָבן אַלע געליטן. דעם אומפאַרמעגלעכן איז דאָך אָבער געווען לייכטער. די געפאַר האָט אויף אים אַזוי נישט געלויערט, ווי אויף דעם פאַרמעגלעכן.

פעטלורעס געשעפטן זענען געגאַנגען זייער שלעכט, האָט ער זיך אָנגעהייבן אַרומקריגן און אַרומרייסן מיט אָסקולקאָן. ס'איז מיר אומבאַקאַנט די סיבה פון זייער מחלוקה און איך

ווייס נישט ווער פון זיי איז געווען „גערעכט”. איך ווייס נאָר איין זאַך, אַז שלעכטע געשעפטן רופן אַלעמאָל אַרויס מחלוקת און קריגערייען.

די מהלוקת האָבן דערפירט צו קעגנזייטיקער שנאה און שפּאַלטונגען. עס האָבן זיך געשאַפן צוויי מיליטערישע צדדים: איין צד איז געשטאַנען פאַר פּעטלורען, דער צווייטער פאַר אָסקילקאָן.

און די באָלשעוויקעס האָבן דערווייל געטאָן זייערס: געשלאָגן ביידע צדדים און אָפּגעריייניקט גאַנצע שטחים פון די באַנדעס. מיט יעדן טאָג, האָבן זיי זיך אַלץ מער און מער דערנענט צו ראָוונע. איך מיין, אַז זיי האָבן שוין לאַנג געקענט אַריינגיין אין ראָוונע. קיינער וואָלט זיי אַוודאי נישט געקאָנט שטערן דערין. זיי האָבן אָבער אַלץ געצעגערט און בעת-מעשה זיך דאָך דערנענט צו אונזער שטאָט. איבעריקנס, האָבן זיי געהאַט געגוג זאָרג אויפן קאָפּ חוץ די אוקראַינער.

די ראָוונער „מאַכט” האָט זיך ביסלעכווייז גענומען עוואַקואירן, און די שטאָטישע באַפעלקערונג האָט זיך אַלץ געפרעגט:

„וועט זיין אַ פּאָגראָם, צי עס וועט נישט זיין קיין פּאָג־ראָם? ווי מיינט איר?”

מען האָט שוין גוט געוואוסט, אַז פּעטלורעס לייט קענען מאַכן דאָסדאָזיקע שטיקל אַרבעט אויך דעמאָלט, בעת זיי פאַרלאָזן אַ שטאָט. פּאָגראָמען פלעגן זיי מאַכן פאַרשיידן: אַמאָל לאַנגזאַם, באַריכות, נישט געכאַפּט, אין אַ משך פון גאַנצע דריי טעג, און אַמאָל, ווידער, כאַפּנדיק און איילנדיק, מיט איין אָטעם, אין אַ משך פון עטלעכע שעה. אַזאַ מין פּאָג־ראָם „מיט איין אָטעם” פלעגן זיי מאַכן על-פּי-רוב, ווען זיי פלעגן פאַרלאָזן אַ שטאָט...

איך בין געשטאַנען אין אַ מיטן וועג צווישן צוויי פלאַ־

מען: פעטלוראָוועס און באָלשעוויקעס. איך האָב געזען, ווי די ערשטע עוואַקויִרן זיך און איך האָב געוואוסט, אַז די לעצטע וועלן דורכאויס אַריין אין שטאָט. איך האָב מיך אָבער נישט געקענט באַשליסן וואָס צו טאָן. איין זאַך איז פאַר מיר געווען קלאָר ווי דער טאָג: איך טאָר נישט זיין פאַר די באָלשעוויקעס אין ראָוונע. איך מוז מאַכן פיס, אַנטלויפן, וואו די אויגן טראָגן...

איך האָב געטראַכט פון וואַרשע. עס איז געווען אַ לאָגישער טעם דערביי. די פּאָליאַקן, וואָס האָבן זיך דעמאָלט גע־שלאָגן מיט די באָלשעוויקעס, האָבן זיך אויך דערנענט צו ראָוונע. זיי האָבן שוין פאַרנומען לוצק און ראָזישטש, און מיר האָט זיך געדאַכט, אַז איך קען מיך לייכט אַריבערכאַפּן פריער קיין לוצק און נאָכדעם מיטן גלייכן וועג קיין וואַרשע...

אַזוי האָב איך מיך געטראַכט. אָבער פון דעם לאָגישן געדאַנק בין איך געקומען צו נאָך אַ לאָגישערן געדאַנק: צו וואָס לויפן קיין וואַרשע און זיין אָפּגעשיידט פון דער פאַמיליע, אַז איך קען איבערוואַרטן אין ראָוונע ביז די פּאָליאַקן וועלן פאַר־נעמען די שטאָט?.. אין די כּוחות פון די פּאָליאַקן האָט זיך שטאַרק געגלויבט, און עס האָט אויסגעזען, אַז זיי וועלן אַריין אין ראָוונע פריער פון די באָלשעוויקעס.

אַזוי־אַרום בין איך פאַרבליבן אין ראָוונע, צוקוקנדיק זיך צו די געשעענישן מיט גרויס פּחד און האַרצקלאַפּעניש.

דער סכסוך צווישן פּעטלורען און אָסקולקאָן האָט זיך ביסלעכווייז פאַרוואַנדלט אין אַ קאַמף אויף טויט און אויף לעבן. יעדער צד האָט געצויגן און געשלעפּט די באַנדעס אויף זיין זייט. פּעטלורע האָט זיי באַאַרבעט און אָסקולקאָ האָט זיי באַאַרבעט. עס האָט געקאָכט ווי אין אַ קעסל. מען האָט פאַר־געסן וואו מען האַלט אין דער וועלט און מען האָט זיך גע־

ריסן צווישן זיך, ווי די קעץ. מען האָט אַפילו פאַרגעסן, אַז מען דאַרף זיך אַ ביסעלע שנעלער עוואַקויִרן...

די פּערזענלעכע אינטערעסן האָבן אָוועקגעשטויסן אָן אַ זייט די מלחמה־אינטערעסן און אַפילו די מלוכה־אינטערעסן. עס האָט שוין, גאָט צו דאַנקען, געהאַלטן דערביי, אַז אַסקולקאָ זאָל אַרעסטירן פּעטליורען און אומגעקערט: פּעטליורע זאָל אַריינזעצן אין קאָזע אַסקולקאָן. די פראַגע איז נאָר, ווער עס איז געווען שטאַרקער.

עס האָט געהאַלטן דערביי, אַז איבער נאַכט זאָלן אויפגעשטעלט ווערן צוויי פראָנטן — אַ פּעטליורע־פראָנט און אַן אַסקולקאָ־פראָנט, און ביידע זאָלן זיך אָנהייבן צו באַשיסן מיט האַרמאַטן אויף די שטחים פון ראָוונע, פאַרוואַנדלענדיק די שטאָט אין אַ טייל פונם שלאַכטפעלד...

נאָר דאָס האָט נאָך געפעלט. ראָוונע האָט זיך, קענטיק, געוואַלדיק געגוטיקט אין אַ שלאַכט, וואָס זאָל גיין איבער די אַזוי אויך גענוג איבערגעשראָקענע און צעמישטע קעפּ פון דער באַפעלקערונג...

מען האָט אין פלוג נישט אַזוי שטאַרק געטראַכט און געזאָרגט וועגן דער אוקראַינישער מלוכה, ווי מען האָט זיך געוואָלט שפּילן אין נאַפּאָלעאָנדלעך, אין מלחמהלעך. ס׳איז דאָך פאָרט איצט געווען אַזאַ גינסטיקע צייט סיי פאַר דאָס, סיי פאַר יענץ. ווען וועט נאָך זיין אַזאַ צייט און אַזאַ געלעגנהייט?

עס פאַרשטייט זיך, אַז דידאָזיקע ווערטער דאַרפן זיך באַציען מער צו פּעטליורען, ווי צו אַסקולקאָן. דעם ערשטן האָב איך אַלעמאָל געקענט פאַר אַ שלעכטן נאַפּאָלעאָן־שפּילער, בעת דער לעצטער האָט דאָך אָפּגעהיט ראָוונע פון פּאָגראָמען... פאַר אַסקולקאָן האָב איך דאָך אַ שבח. וואָס האָב איך אָבער פאַר פּעטליורען?

ווי געזאָגט, האָט ביי מיר געוואוינט דער שעף פון אַ דיוויזיע אָדער ווי איך רוף אים: דאָס איידעמל אויף קעסט. צו אים, ווידער, האָט זיך אריינגעצויגן דער אַטאַמאַן-פּאָגראָמשטשיק פּאַליענקאָ מיט די אַלע זאַכן, וועלכע ער האָט אָנגעראַבעוועט אין זשיטאָמיר בעת דעם דאָרטיקן פּאָגראָם.

די ביידע העלדן, סיי דער דיוויזיע-שעף און סיי דער אַטאַמאַן, האָבן געהאַלטן פּאַר אסקולקאָן. ביי מיר אין הויז, איז, אַלזוי, געווען אַ מין נעסט פון אסקולקאָניקעס... מילא, וואָס איז עס מיר אָנגעגאַנגען און וואָס האָט עס מיר געקענט אָנגיין? כלעבן, איך האָב געהאַט אַ ביסל גרעסערע דאגות און צער פון דעם.

גיי איך אָבער איינמאָל אינאָוונט אַרויס אויפן הויף, גייט מיר אַנטקעגן דער פּאָגראָמשטשיק פּאַליענקאָ. קוקט ער מיך אָן מיט זיינע שאַרפע אויגלעך און פרעגט מיך:

„איר זענט דאָ דער באַלעבאָס?"

אין יענע צייטן איז עס געווען אַ געפערלעכע פראַגע. פון אָט דער פראַגע האָט מען תמיד אָנגעהייבן צו פּאָגראָמירן דאָס הויז אָדער אויסצוהרגענען די הויז-נפשות, און דעם ערשטן טאַקע — דעם באַלעבאָס אליין...

איך האָב אָבער געוואוסט, אַז פּאַליענקאָ שטעלט מיר איצט דידאָזיקע פראַגע צוליב עפּעס אַן אַנדער כוונה, און איך האָב אים געענטפערט:

„יאָ, איך בין דער באַלעבאָס".

שווייגט ער אַ ווײַלע. נאָכדעם רופט ער זיך אָן מיט אַ קאַלט שטימעלע פון אַ רוצח:

איך גיי איצט פון די קאַזאַרמעס... היינט ביינאַכט קען אויסברעכן אַ גרויסע שלאַכט צווישן אסקולקאָן און פּעטליורען...

מען האָט דאָרט געשמועסט פון דעם... עס קען קומען צו אַ גרויסער בלוטפאַרגיסונג..."

ער האָט מיך ווידעראַמאָל שטאַרק אָנגעשטאָכן מיט די אויגלעך און האָט פאַרענדיקט מיט אַ העכערן טאָן:

„איך האָב אָבער געזאָגט די קאָזאַקן, אַז טאָמער וועט זיך ביינאַכט אָנהייבן אַ שלאַכט, זאָלן זיי זיך אַ וואָרף טאָן אויף די יידן... אין אַזאַ פאַל איז דאָס גלייכסטע – פּאָגראָמירן ראָוונע... נאַטירלעך, דאָס איז שרעקלעך", האָט ער אַ בלישטשע געטאָן מיט די אויגלעך און צוגעשמייכלט מיט אַ באַנדיטיש שמייכעלע, „אָבער דאָס איז גוט... דאָס איז אַן אויסגעצייכנט מיטל..."

עס ווערט מיר קאַלט אין אַלע אברים, די קני ציטערן מיר, אָבער איך פרעג אים:

„צי וואָס, אייגנטלעך, דערציילט איר מיר עס? און פאַרוואָס איז גוט אַ פּאָגראָם?"

בלישטשעט ער ווידער מיט די אויגלעך, ווי מיט אומהיימלעכע פייערלעך.

„איך זאָג דאָס אייך צוליב דעם", רופט ער זיך אָן, „ווייל איך וויל אייך געבן אַ פריינטלעכע עצה..."

דער פּאָגראָמשטשיק פּאַליענקאָ און אַ פריינטלעכע עצה. פּאָגראָם – און פריינטשאַפט. איך פרעג אים:

„וואָס פאַר אַן עצה?"

זאָגט ער:

„אָט וואָס. בשעת מען וועט אָנהייבן פּאָגראָמירן די שטאָט, זאָלט איר זיך איבערציען מיט אייער פאַמיליע צו אונז אין די צימערן... דאָרט וועט איר זיין געזיכערט... פּאָניאַלי?"

ביי אַזאַ מין שמועס איז שווער אַפילו צו פאַרשטיין אַ „פריינטלעכע" עצה...

דער קאָפּ האָט זיך מיר געמישט.

איך פרעג אים פלוצלונג:

„נו, און איר האָט אייך שוין איינגעשריבן אין דעם מעלדונגסבוך פון מיין הויז?"

ער האָט עפּעס די גאַנצע צייט אויסגעמיטן דאָס מעלדונגסבוך פון מיין הויז, וואו ער האָט געוואוינט.

ענטפערט ער האַרב:

„עס האָט נאָך צייט. נישטאָ זיך וואָס צו איילן!"

און מיט דידאָזיקע ווערטער איז ער אַוועק, ווי אַ שרעקבילד, אין די געדיכטע שאָטנס פונם אָוונט.

איך בין אַרויף צו מיר אין הויז און האָב געמאָלדן מיין פאַמיליע, אַז מען דאַרף די נאַכט נישט שלאָפן. עס האַלט ביי אַ פּאָגראָם אין שטאָט. פּאַליענקאָ האָט עס מיר געזאָגט, און אין דעם פּרט איז פּאַליענקאָ זייער אַ באַגלויבטע פּערזאָן...

עס פאַרשטייט זיך, אַז קיינער האָט שוין ביי אונז נישט צוגעמאַכט מיט אַן אויג. מען האָט זיך אַרומגעדרייט ווי די שאָטנס איבער די צימערן און מען האָט געגענעצט פון נערוועזיטעט... עס האָט זיך שוין נישט געוואָלט רעדן. עס האָט זיך געוואָלט שטומען ווי די ווענט...

שפּעטער האָט מען זיך אין אָנטאָן אוועקגעלייגט אין די בעטן און אין די טויט־שטילע צימערן זיך צוגעהערט מיט אָנגעשפּיצטע אויערן צו דעם געמרויש אינדרויסן...

יעדער שאָרך, יעדער קלאַנג האָט אָפּגעקלונגען אין דעם געשפּאַנטן אויער, ווי אַ דונער...

אַ מערכה, די לייכטע פרילינגסנאַכט איז שנעל געלאָפן. אין איר ווייכער טונקלקייט איז באַלד אַריינגעפאַלן דער גרינער שיין פון באַגינען.

אַ זייגער צוויי ביינאַכט האָב איך שוין געקענט זען, ווי

עס מאַרשירט אינדרויסן אַן אָפּטיילונג מיליטער. זי מאַרשירט זייער ענערגיש און פאָרויס גייט אַן אָפיציר. איך צייל אירע טריט און דאָס האַרץ קלאַפּט מיר. וואוהין גייט זי? יאָ, זי גייט צו מיר אויפן זאַוואָד...

ביי אַ מינוט גיט זיך מיר אַ וואַקל די פּאָדלאָגע אונ־טער די פיס. איך מאַך מיר אָבער האַרץ און הער מיך צו. איך הער, ווי מען קלאַפּט אין טויער און דער שומר וויל זיי נישט עפענען. שטרענג איך אָבער אָן גוט די אויגן און קוק מיך צו, זע איך, ווי זיי נעמען אַראָפּ די ביקסן פון די אַק־סלען און מאַכן זיך גרייט צו שיסן...

דאָס ווירקט, קענטיק. דאָס טויער ווערט געעפנט און זיי־שיטן זיך אַריין אין הויף מיטן אָפיציר בראש.

וואוהין גייען זיי? מיין אויער לויפט זיי נאָך. ער באַ־גלייט זיי. און איך הער, ווי זיי גייען צו דער פּראָנטטיר, צו יענער טיר, וואָס פירט צו די צימערן פון די אָפיצירן... איז דאָס פאַר מיר גוט, צי שלעכט? וואָס קען דאָס זיין פאַר אַן אָפּטיילונג? וואָס איז איר צוועק? נאָך וואָס איז זי געקומען אַהער נאָך האַלבער נאַכט?

מיר שלאָפן קיינער נישט. און יעדער פון אונז וויל נישט זאָגן דאָס שלעכטע וואָרט, וואָס ליגט אים אויף דער צונג. מען האַלט נאָר אָפן די אויגן און אָפן דאָס געהער...

פּאַוואָליע, אויף די שפּיץ פינגער, ווי אַ גנב, גיי איך צו צו דער טיר פון די אָפיצירן און לייג צו דאָס אויער צו דעם לאָך פון שלאָס.

אין דער אַרומיקער סומנער און פורכטלעכער שטילקייט הער איך אַ פרעמדע שאַרפע שטימע. דאָס רעדט מסתמא דער אָפיציר, וואָס האָט געפירט די אָפּטיילונג מיליטער. איך הער, ווי ער זאָגט:

„איך ווערט אַרעסטירט אין נאָמען פון פעטלורען..."
אַ קליינע הפסקה. און באַלד דערויף:
„טוט אייך אָן שנעל. מיר וואַרטן..."
ווידער אַ קליינע הפסקה. און נאָכדעם:
„גיכער, גיכער. די צייט שטייט נישט!.."
איך הער, ווי איינער פון די אַרעסטירטע אָפיצירן זאָגט:
„יאָ אָבער לאָזט אונז אויסטרינקען אַ גלאָז טיי... נישט געשמאַק אין מויל... מען רייסט אויף מענטשן אינמיטן שלאָף..."

איך נעם צו דאָס אויער פון טירלעכל און טראַכט בעת מעשה. „הייסט עס, אַז מען אַרעסטירט זיי גאָר? וואָס איז דאָ געשען? און צי איז דאָס גוט אָדער שלעכט פאַר מיר?" פאַרשיידענע רעיונות טאַנצן אַרום אין קאָפּ, און ביי אַ מינוט דאַכט זיך מיר, אַז איך פאַרשטיי דאָ בכלל גאָרנישט, ווי איך זאָל נישט אָנשטרענגען דעם מוח. די גאַנצע נאַכט זעט מיר אויס, ווי אַ שלעכטער חלום, אין וועלכן עס איז נישטאָ קיין לאָגישער אָנהייב און קיין לאָגישער סוף, נאָר אַ ווילדער אומפאַרשטענדלעכער מיטן...

איך גיי אַראָפּ אין הויף. דאָרט דרייען זיך אַרום זעלנער. מאַנכע שטייען אָנגעשפּאַרט אויף די ביקסן און קוקן מיט טעמפּע אויגן אין דער ליכט אַוועקגייענדיקער פרילינגס-נאַכט...

פּלוצלונג שווימט אַרויס פּאַליענקאָ. הינטער אים רוקט זיך אַ זעלנער, ווי אַ שאָטן. דער לעצטער היט דעם ערשטן. פּאַליענקאָ קוקט מיך אָן (זיינע אויגן בלישטשען שוין נישט אַזוי, ווי פריער), דערקענט מיך און רופט זיך אָן מיט אַ פּאַרדראָסיק-באַלעבאַטישן טאָן:

„זעט איר, מען קען גאָרנישט באַרעכענען, וואָס שפּעטער וועט זיין. דו טראַכסט און טראַכסט און רעכנסט אויס אַזוי און

אַזוי, און עס מאַכט זיך דווקא פּונקט פאַרקערט... מיר האָבן גערעכנט, אַז ביינאַכט וועט זיין אַ שלאַכט און אַ פּאָגראָם... ביידע זאַכן וועלן זיך מיט איין קלאַפּ אָפּשפּילן אין ראָוונע. און צום סוף האָט מען אונז גאָר אַרעסטירט און אסקולקאָ איז אַנטלאָפן צו די פּאָליאַקן... אַלץ איז געשען אין דערדאָזיקער פאַרשאָלטענער נאַכט... היינט גיי זיי אַ בריה און באַרעכן, וואָס שפּעטער וועט זיין".

ער האָט זיך אַראָפּגערעדט דאָס רוצחישע האַרץ. קענ־טיק, אַז ס'האָט אים שטאַרק פאַרדראָסן, וואָס עס איז נישט געקומען צו אַ פּאָגראָם און צו אַ שלאַכט. ער האָט פריער אַזוי גוט אַלץ צוגעגרייט און אַלץ באַרעכנט און אַלץ פאַרזען, ווי אַ גוטער געניטער פּאָגראָמשטשיק, און צום סוף האָט זיך פון אַלץ אויסגעלאָזט אַ בוידעם...

ער איז אַרומגעגאַנגען איבערן הויף מיט דעם זעלנער הינטער זיך, ווי אַ הונט אויף אַ קייט און האָט עס בשום אופן נישט געקענט איבערקאָכן, משיג זיין.

„מען קען קיינמאָל נישט באַרעכענען, וואָס שפּעטער וועט זיין", האָט ער ווידעראַמאָל געזאָגט דאָס אייגענע. „דו רעכנסט אויס אַזוי, און עס לאָזט זיך אויס קאַפּויר..."

פונדעסטוועגן האָט ער געהאַלטן, אַז ער האָט נאָך נישט אַלץ פאַרשפּילט און אַז מען וועט אים אינגיכן באַפרייען. צו וואָס וועט אים פּעטלורע האַלטן אין תפיסה? אָט וועט ער נעמען און וועט איבערגיין אויף פּעטלורעס זייט, וועט מען אים גלייך באַפרייען. ווי יעדער באַנדיט, האָט ער געזוכט אַן אויסוועג, וואו עס האָט זיך נאָר געלאָזט. וועגן ערלעכקייט און איבערצייגונגען האָט דאָ גאָר קיין שום רייד נישט געקענט זיין. פריער האָט זיך אים געגלוסט, איז ער געגאַנגען מיט אסקולקאָן. איצט וועט זיך אים מסתמא לוינען צו גיין מיט

זיין קעגנער, וועט ער גיין מיט פּעטלורען. עס איז נאָר אַ פּראַגע, ווי און וואו עס לוינט זיך בעסער.

דערזען מיין פרוי אויפן הויף, האָט ער זיך אָנגערופן צו איר:

„מען פירט מיך אַוועק. איך האָב אָבער איבערגעלאָזט אין מיין צימער אַ סך ווערטפולע זאַכן. איך ווייס, אַז איר זענט אַן ערלעכע פרוי און איר וועט זיי מיר אָפּהיטן ביז איך וועל מיך צוריקקערן... איר באַהאַלט זיי נאָר גוט, אַז קיינער זאָל זיי ביי אייך נישט אַוועקלקחנען... שפּעטער וועל איך אייך גוט אָפּדאַנקען דערפאַר..."

מיין פרוי האָט גוט געוואוסט, וואָס דאָס זענען פאַר אַ זאַכן. זי האָט גוט געוואוסט, אַז זיי זענען דורכגעווייקט מיט יידיש בלוט און יידישע טרערן, און זי האָט געענטפערט דעם פּאָגראָמשטשיק:

„ניין, איך קען נישט נעמען אייער׳ע זאַכן צו היטן, ווייל איך קען איצט, אין אַזאַ צייט, נישט ערוב זיין אפילו פאַר מיינע אייגענע זאַכן. נעמט זיי אייך צו. דאָס איז דאָס בעסטע".

דעם פּאָגראָמשטשיק האָט מען ארויסגעפירט פון הויף, ווען עס איז שוין געווען גוט ליכטיק אינדרויסן. עס איז אונז מיטאַמאָל לייכטער געוואָרן אויף דער נשמה.



# קאַפּיטל XIV

אַ נצחון, וואָס פאַרלייכטערט נישט די לאַגע. — מען מוז זיך אַרויספּעקלען פון ראָוונע. — בלויז איין וועג. — מען פאַרקויפט דעם פּ״אָוויאַנט.—וואָס ייִדן רעדן צווישן זיך. — אַ רשימה פון הימלשרייענדיקע פאַרברעכנס. — קללות, וואָס רייסן זיך אומגערן אַרויס פון טיפן האַרצן. — ווי מען פילט זיך אָן אַ באַשטימטער מאַכט. — אַ ייִדישע שמירה. — מנוחה פאַר אַלעמען גלייך. — די ריין ייִדישע איינגנשאַפט. — אַ קליינינטשקע זעלבשטענדיקע רעפּובליק. — פון דריי זייטן. — אַן אינזעלע אין אַ מיטן רויִשיקן ים. — וואָס מען פרעגט ביי איינאַנדער אינדערפרי, בייטאָג און ביינאַכט. — דער לשון פון ביקסן אין דער לשון פון האַרמאַטן. — פּחד פאַר די רעשטלעך פון די פּעטלוראָווצעס.

אַסקולקאָ איז אַנטלאָפן צו די פּאָליאַקן, און פּעטלורע האָט געזיגט. דערדאָזיקער נצחון האָט אָבער אויף אַ האָר נישט פאַרלייכטערט די לאַגע אויף זיין פראָנט. ער האָט כסדר גע־האַלטן אין איין אָפּטרעטן. עס האָט אויסגעזען, ווי אַ מין טראַגיש שפּיל: ער — צוריק, די באָלשעוויקעס — פאָרויס...

ראָוונע איז שוין פאַר אים געוואָרן אַן אומזיכערער פּונקט, וואָס קען אַ ליאַדע מינוט באַזעצט ווערן פון שונא. און דעריבער האָט מען זיך גענומעז געשמאַק פּאַקן אין ראָוונע.

מען האָט אַרויסגעפירט די „מלוכה-אינסטיטוציעס", די „מיניס-טאָרן" האָבן גענומען דעם שטעקן אין האַנט אַריין.

איבעריקנס, האָבן זיי געהאַט פֿאַר זיך בלויז איין וועג — דעם וועג קיין גאַליציע, וואו די פּאָליאַקן האָבן שוין אויך פֿאַרנומען לעמבערג. די אַלע אַנדערע וועגן זענען געווען אָפּ-געשניטן אָדער פֿון די באָלשעוויקעס אָדער פֿון די פּאָליאַקן.

אַזוי ווי מען האָט זיך שטאַרק געדאַרפֿט צואיילן מיט דער עוואַקואַציע, האָט מען, נאַטירלעך, נישט אַלץ געקענט אַרויספירן. ווי קליין פעטלורעס מלוכה-עשירות איז געווען, איז ער דאָך געווען געצוואונגען איבערצולאָזן אַ טייל פֿון דעם אין ראָוונע.

ער האָט געמוזט איבערלאָזן אַ היפּשן חלק פּראָוויאַנט, ווי צוקער, מעל, קאַשע, און מען האָט עס פֿאַרקויפֿט אין שטאָט צו ביליקע פּרייזן. קיין קונים האָבן, נאַטירלעך, נישט געפֿעלט. די פּראָדוקטן, וועלכע דער דייטש האָט פריער איבערגעלאָזט אין גרויס איילעניש און וועלכע זענען צעשלעפּט געוואָרן פון דער אומפֿאַרמעגלעכער באַפעלקערונג, האָבן זיך שוין אויסגע-לאָזט, און דער עולם האָט איצט ווידער געהאַט פּראָדוקטן, הגם נישט אומזיסט, ווי פֿריער, דערפֿאַר אָבער גענוג ביליק.

ער האָט אונז אויך איבערגעלאָזט בײַ אַ פינף הונדערט ביקסן מיט פּאַטראָנעס, כּדי צו שיצן די שטאָט. אין די פּאָגראָמען האָט ער זיך, קענטיק, אַנטטוישט, און ראָוונע האָט אַזויאַרום דערוויילע אויסגעמיטן די שהיטות און רציחות, וואָס האָבן ביז אַהער באַגלייט פעטלורען אויף יעדן שריט און טריט.

דעם 15-טן מאַי האָט זיך אָנגעהייבן די אמתע לויפעניש פֿון ראָוונע איבער דעם איינציקן וועג, וואָס האָט געפירט קיין גאַליציע. מען איז געלאָפן הענדום-פֿעסנדום, אין דער גרעסטער איילעניש, פּונקט ווי מען וואָלט די לויפער געשמיסן פֿון

הינטן מיט אַ בייטש, און ראַוונע איז אָפּגעלײדיקט געוואָרן פון די אוקראַינער...

„געלויבט צו גאָט, אַבי פּטור געוואָרן!" האָבן אַנדערע יידן אויפגעהייבן די אויגן צום הימל און טיף אָפּגעצויגן דעם אָטעם.

„נישקשה, פאַר די פּאָגראָמען מעג ער צעבּרעכן הענט און פיס אין וועג", האָט מען אים באַגלייט מיט אַ קללה.

„אַז מען קען גאָר אויף זייערע פּנימער נישט קוקן", האָט אַן אַנדערער געזאָגט. „פּנימער פון רוצחים... אָפּגעהיטן זאָל מען ווערן!"

אַן עלטערער ייד האָט זיך אָנגערופן:

„איך וואָלט זיי אַלץ מוחל געווען: די פּנימער, די שיכּרות, די גראָבקייט, די ווילדע געשרייען, די צעלאָזנקייט, די הפקרות, ווען נישט די פּאָגראָמען... די פּאָגראָמען זיצן מיר אין די ביינער!" האָט דער ייד פאַרענדיקט מיט פייכטע אויגן.

אַ יונגערמאַן הייבט אָן אויסצורעכענען, וואָס די פּעטליוראָווצעס האָבן אָפּגעטאָן אין די יידישע שטעט און שטעטלעך פאַר דער צייט פון זייער ממשלה, און עס שטעלן זיך אויף די האָר אויפן קאָפּ.

„פאַרגוואַלדיקט מיידלעך אויף די אויגן פון די פאַרצווייפלטע עלטערן... פאַרגוואַלדיקט פרויען אויף די אויגן פון די האַלב-טויטע מאַנען... דערשטאָכן און דורכגעלעכערט די בייכער פון מעוברתע ווייבער... פאַרבּרענט אויפן פייער פיצעלעך קינדער... אויפגעהאָנגען שוואַכע זקנים מיט די פיס אַרויף און מיט די קעפּ אַראָפּ... צוגעבונדן יידישע יונגעלייט צו די הינטערשטע פיס פון פערד און מיט דעם גרעסטן אימפּעט געטריבן די פערד איבער צעגראָבענע און און מיט שטיינער פאַרלייגטע וועגן... געצוואונגען עלטערן צו דערהרגענען זייערע

קינדער, און קינדער — זייערע עלטערן... ווער קען דאָס אַלץ אויסרעכענען, וואָס די פּעטלוראָווצעס האָבן אָפּגעטאָן אין אוקראַינע און וואָלין?

יידן הערן און קרעכצן. ווייבער ברעכן מיט די הענט און שעפּטשען:

„אוי, וויי איז מיר... וויי איז מיר..."

און נישט ווילנדיק האָבן זיך געשאָטן קללות פון אַלע זייטן:

„אַ וויסטער סוף זאָל אויף זיי קומען, טאַטע אין הימל!"

„זיי זאָלן דעם ליכטיקן מאָרגן נישט דערלעבן!"

„דעם טאָג נישט זען!"

„פינסטער און ביטער זאָל זיי זיין!"

עמעץ רופט זיך אָן:

„נו, וואָס העלפט דאָס שילטן? פון אַ קללה איז נאָך קיינער נישט אומגעקומען... און ווידער — ווער ווייס, צי עס וועט שוין איצט גוט זיין, ווען זיי זענען אַוועק... מען הענגט נאָך אַלץ אין לופטן און מען ווייס נישט אויף וואָסער וועלט מען איז. די אָרעמקייט איז שרעקלעך גרויס, דער יקרות האַלט אין איין וואַקסן, און טאָמער וואָלסטו געוואָלט מאַכן עפּעס אַ שטיקל געשעפט און פאַרדינען אַ פּאָר גראָשן צום לעבן, פּשוט צו דערהאַלטן די נשמה, איז דאָס אויך נישט מעגלעך. ווער קען איצט מאַכן געשעפט? ווער קען איינשטעלן דאָס לעבן אין סכנות? ס'איז פּשוט אַ מורא אַרויסצופאָרן פון שטאָט. אויף אַלע וועגן דרייען זיך אַרום באַנדיטן, רוצחים, פּאָגראָמשטשיקעס, וואָס קענען דערהרגענען אַ מענטשן פאַר אַ קנעפּל פון אַ בגד..."

„יאָ, יאָ..." האָט דער עולם צוגעזיפצט.

ווען עס איז נישטאָ קיין באַשטימטע מאַכט, קיין פעסטע

אָרגאַניזירטע ממשלה, לעבט מען עפּעס אַזוי ווי אָן אַ מאָרגן. מען לעבט בלויז מיט דער לויפיקער שעה, מיט דער מינוט און מען שפּירט זיך אַזוי, ווי די ערד וואָלט זיך געוואַקלט אונטער די פיס. נישטאָ מער קיין אָנשפּאַר און קיין ווייטער בליק פאַרן מאָרגן. די רעיונות ווערן קליינע, קורצע, אָפּגע-האַקטע... און אַ מענטש באַחשבונט זיין לעבן בלויז אויף דעם איינאיינציקן טאָג, וואָס ער לעבט.

נישט געקוקט אויף די פעסימיסטישע רעיונות, איז די שטאָט דאָך געוועז געוואַלדיק צעפרידן, וואָס מען איז פּטור געוואָרן פון פעטלורען. ער האָט באַלד פון אָנהייב אָן גענומען בויען זיין מלוכה אויפן בלוט פון דער אייגענער פרידלעכער באַפעלקערונג, און די גרויסע המונים, וועלכע ער האָט מאָבי-ליזירט צום פראָנט, זענען ביי אים פאַרוואַנדלט געוואָרן אין באַנדיטן.

פון דער גרינער פעטער אוקראַאינישער ערד וועט נאָך יאָרנלאַנג אַרויסשרייען צום הימל דאָס אומזיסט פאַרגאָסענע בלוט...

* * *

די פינף הונדערט ביקסן, וואָס זענען איבערגעלאָזט גע-וואָרן אין שטאָט, זענען פאַרטיילט געוואָרן צווישן דער יוגנט. עס איז באַלד אָרגאַניזירט געוואָרן אַ זעלבסטשוץ און אַ נייע פּאָליציי, וואָס איר מערהייט איז באַשטאַנען פון יידן. העכער אַ מאה יידישע יונגעלייט האָבן ביי טאָג און ביי נאַכט געהיט

די שטאַט. זיי זענען געווען גוט באַוואָפּנט, און פון פּרייִלעכ-קייט וועגן האָט מען טיילמאָל ביינאַכט געשאָסן אין דער לופטן...

„באַך! באַך!" האָט עס געדונערט אין דער שטילקייט, אָבער קיינער האָט זיך נישט געשראָקן. מען האָט געוואוסט, אַז מען ווערט באַוואַכט דורך טרייע יידישע שומרים.

אַך, געבענטשט זאָלן זיין די יידן פאַר זייער עקל צו בלוט! דידאָזיקע אייגנשאַפט איז ממש נישט אָפּצושאַצן. צווישן יידן קענען זיין, ווי צווישן אַלע פעלקער, שווינדלער, אויס-וואורפן, אויספּרעסער, רמאים, געמיינע לייט. צווישן יידן זענען אָבער דאָ ווייניק, זייער ווייניק רוצחים! אויב ביי יידן זענען דאָ אַ ביסל בעלנים אויף יענעמס האָב און גוטס, זענען אָבער גאָר ווייניק פאַראַן בעלנים אויף יענעמס בלוט. מיטן האָב און גוטס ווערט נאָך אַ מענטשנס לעבן נישט איבערגעשניטן, מיטן בלוט קומט אַ סוף צו אַלץ.

ווען די יידישע יונגעלייט האָבן באַוואַכט ראָוונע, האָט עס געהייסן, אַז נישט בלויז דער ייד דאַרף זיין רואיק, נאָר אויך דער קריסט. די מנוחה איז גאַראַנטירט פאַר אַלעמען גלייך. דידאָזיקע גאַראַנטיע, ווי בכלל די זיכערקייט, האָט אָבער קיינמאָל נישט געקענט זיין, ווען די שטאָט וואָלט באַ-וואַכט געוואָרן פון נישט-יידן...

מען מוז דאָך זאָגן דעם אמת, אַז די נישט-יידישע פּאָ-ליציי און די נישט-יידישע שמירה האָט אין יענע צייטן גע-געבן אַ גרויסע צאָל באַנדיטן, וועלכע האָבן זיך באַטייליקט אין רויב און רציחה...

מען האָט זיך פאַר דער פּאָליציי און דער שמירה גע-דאַרפט שרעקן מער ווי פאַר די אומבאַקאַנטע טונקעלע פאַר-

שוינען, וועלכע האָבן זיך פֿאַרדעכטיק אַרומגעבאָמבלט איבער די גאַסן און געסלעך פֿון ראָוונע.

פֿאַר דער יידישער שמירה האָט מען זיך אָבער נישט באַדאַרפֿט שרעקן. מען איז געווען מיט איר זיכער. מען האָט געפֿילט אין איר אַ שוצוואַנט קעגן דעם געפֿערלעכן באַנדי־טיזם, ווי אויך קעגן די אַלע, וואָס זענען אין יענע טעג אַרויס פֿון מענטשלעכן גדר.

עס האָט אויסגעזען, ווי ראָוונע וואָלט זיך פֿאַרוואַנדלט אין אַ קליינינטשקער זעלבשטענדיקער רעפּובליק...

זי האָט זיך געלעבט פֿון זיך און מיט זיך. איר פּאַר־לאַמענט איז געווען דער מאַגיסטראַט, איר אַרמעע — דער זעלבשוץ מיט פּעטלורעס ביקסן און די פּאָליציי. וואָס וואָלט, אַ שטייגער, געווען, ווען מען לאָזט איר אַזוי עקזיסטירן?..

זי האָט אָבער דערמאָנט אין אַ קליינטשיק אינזעלע אין אַ מיטן שטורמישן ים. אַ קליינינטשקער אומבאַוועגלעכער פּונקט צווישן רוישיקע אומרואיקע כוואַליעס. אָט וועט זיך אויפהייבן אַ מוראדיקע כוואַליע און וועט אים אינגאַנצן פֿאַרגיסן, פֿאַר־פֿליצן, אַז ער וועט זיך שוין מער נישט אַרויסזען...

נישט ווייט פֿון ראָוונע איז געשטאַנען די רויטע אַרמעע, און קיינער האָט נישט געוואוסט דעם טעם, פֿאַרוואָס זי איילט זיך נישט צו פֿאַרנעמען די שטאָט. זי האָט זיך אַזוי ווי נישט ווויסנדיק געמאַכט, אַז דאָ דערביי עקזיסטירט אַ קליינינטשקע פֿרייע רעפּובליק...

פֿון דער צווייטער זייט, ווידער, זענען נישט ווייט גע־שטאַנען די פּאָליאַקן און האָבן זיך אויך נישט דערנענטערט צו ראָוונע.

פֿון איין זייט — באָלשעוויקעס, פֿון דער צווייטער זייט — פּאָליאַקן און פֿון דער דריטער זייט, דערביי, אין זדאָלבונאָוו,

אויפן וועג קיין גאַליציע — רעשטלעך פון פעטלוראָוועס. די־
דאָזיקע רעשטלעך זענען שוין גאָרנישט געווען אַזוי גלייכגיל־
טיק צו ראָוונע. זיי האָבן געלעכצט נאָך בלוט און נאָך רויב,
און ראָוונע האָט נאָך קיינער נישט פאַרנומען. פאַרוואָס זאָלן
זיי זיך טאַקע נישט אַ וואָרף טאָן אויף דערדאָזיקער שטאָט
און אָפּשפּילן דאָ אַ בלוטיק שפּיל?

אַזוי האָבן מיר געלעבט אין דער קליינטשקער אומפּאַר־
געסלעכער רעפּובליק, וואָס איז פּלוצלונג, אומגעריכט געבוירן
געוואָרן און וואָס האָט אָבער אויך פּלוצלונג געקענט צומאַכן די
אויגן...

אינעווייניק, אין דער רעפּובליק, איז אַלץ געווען רויק,
אָבער דער דרויסן האָט שטאַרק געשראָקן. עס האָבן גע־
שראָקן די אַרומיקע הויכע רוישיקע כוואַליעס. זיי האָבן אַ
ליאַדע מינוט געקענט אונז פאַרגיסן און אַראָפּשלעפּן אונז צום
קאַלטן אָפּגרונט...

אינדערפרי, בייטאָג און ביינאַכט האָבן די מענטשן גע־
מוזט פרעגן איינאַנדער:

„ווי שטייען די באָלשעוויקעס? זענען זיי נישט צוגע־
גאַנגען נעענטער?"

„וואָס הערט זיך מיט די פּאָליאַקן? טראַכטן זיי גאָרנישט
פון ראָוונע?"

„ווי האַלט עס מיט פּעטלורעס פּאָגראָמשטשיקעס? האָט
זיי דער בייזער רוח נישט פאַרטריבן ווייטער פון ראָוונע?"

אָבער אַלע זענען כמעט געשטאַנען אויף איין אָרט אַזוי
ווי אָן באַוועגונג.

עס פאַרשטייט זיך, אַז דער קלענסטער גערויש אינדרויסן
האָט באַלד געגעבן אַ פּילן דער שטאָט, אַז עמעץ פון די
דריי באַוועגט זיך. האָט מען אָנגעשפּיצט די אויערן און מען

האָט צום טויזנטסטן מאָל טובל געווען דאָס האַרץ אין דער מקווה פון פּחד...

כלעבן, אויב מיר האָבן ווען געזינדיקט אין אונזער לעבן, האָט אונז דידאַזיקע טבילה געדאַרפט ריינוואַשן פון אַלע זינד!

ביינאַכט, אַז מען איז געלעגן אין די בעטן, האָט מען זיך טיילמאָל צוגעהערט מיטן אויער און מיטן גאַנצן בלוט, צי עס ציטערן נישט ערגעץ די האָריזאָנטן פון האַרמאַטן. ווען עס שיסן די ביקסן דאָ און דאָרט, ווייסן מיר, אַז דאָס איז דער לשון פון אונזער שמירה, זאָל נאָר געזונט און שטאַרק זיין. אָבער ווען עס נעמען הילכן און דונערן האַרמאַטן, דאַרף מען פאַרשטיין, אַז מיר ליגן אין פּעקל...

דער האַרמאַט האָט גערעדט אַנדערע דיבורים. ער האָט על-פּי-רוב קורץ און שאַרף געזאָגט:

„מיט דיין מנוחה איז דערווייל געענדיקט. נעם און קריך אַריין אין קעלער, אויב דו ווילסט נאָך לעבן".

מיר האָבן געציילט די טעג פון דער ראָוונער רעפּובליק און ביינאַכט האָבן נאָך אַלץ גערעדט די ביקסן.

אָבער עמעץ מוז אַריין אין ראָוונע. עס איז נאָך אויף דער וועלט נישט געווען דער פאַל, אַז מען זאָל לאָזן אַ שטאָט זיך לאַנג וואַלגערן אָן אַ באַלעבאָס.

דער עיקר האָט מען זיך געשראָקן פאַר זדאָלבונאָוו, וואו עס האָבן זיך געפונען די רעשטלעך פון די פּעטלוראָוו-צעס. מענטשן מיט מידע נערוון האָבן נביאות געזאָגט:

„אַט וועט איר זען, אַז די באַנדיטן וועלן נאָך אַריין צוריק קיין ראָוונע... זיי קענען זיך נישט מוחל זיין, וואָס ראָוונע איז אָפּגעקומען אָן אַ פּאָגראָם".

אַנדערע, מוטיקערע, האָבן אָבער איינגעווענדט:

„און די באָלשעוויקעס? און די פּאָליאַקן? די פּעטלוראָווצעס קענען זיך דאָך נישט רירן פון אָרט. זיי זענען געבונדן פון דריי זייטן. אַ וויסטן סוף וועלן זיי האָבן, ווען זיי וועלן זיך נאָר אַרויסרוקן פון זדאָלבונאָוו. אַלע ביז איינעם וועלן אַריינפאַלן אין די צוואַנגען פון די באָלשעוויקעס. אגב, וועט מען זיי אויך פון זדאָלבונאָוו באַלד פאַרטרייבן... מען וועט זיי דאָ נישט לאָזן לאַנג פאַנעווען...“

„הלוואי פון אייער מויל אין גאָטס אויערן!..“ האָט מען זיי געזאָגט און מען האָט זיך באַרואיקט.



# קאַפּיטל XV

די באָלשעוויקעס ווען דאָך אַריין אין ראָווגע. — אָן אַן אויסהויג. — מען קנײטשט מיט די שטערנס און מען ישובט זיך. — אַ באַהעלטעניש ביי אַן אַרבעטער. — אַ הייל אַ קבר און שווערע גאַזן פון זומפּן. — דער אַרבעטער אַליין קען אַרויסגעבן. — אַ פאַנצערצוג מיט הײדאַמאַקן. — די ריכטיקע פּאָגראָמשטשיקעס. — מען פאָדערט אַ הויכע קאָנטריבוציע. — וואָס מען שמועסט צווישן זיך. — התלהבותדיקע יונגעלייט און לייכטגלויביקע עלטערע מענטשן. — נישט דער ערשטער קרבן, נאָר אַ קרבן גלייך מיט אַלעמען. — דער תענוג פון אַן אייגן ווינקל. — חלומות און פאַנטאַזיעס אין אַ צייט, ווען מען שטייט אויפן ראַנד פון אָפּגרונט.

די באָלשעוויקעס האָבן זיך נאָך אַלץ געלאָזט בעטן און זענען נישט אַריין אין ראָוונע. מען האָט אָבער געוואוסט, אַז די טעג פון דער זעלבשטענדיקער ראָוונער רעפּובליק זענען געציילטע און אַז די באָלשעוויקעס וועלן דאָך אײנגיכן פאַרנעמען די שטאָט.

אַזוי־אַרום האָט זיך אונטערגערוקט דער מאָמענט, ווען איך האָב מיך געדאַרפט גוט באַדאַכטן וואָס צו טאָן, וואָרים איך האָב בשום אופן נישט געוואָלט זיין דער ערשטער קרבן אין ראָוונע...

איך האָב מיר אָבער ווייניק געקענט העלפן: ס'איז פשוט קיין אויסוועג נישט געווען. אלע וועגן און טראַקטן זענען גע־וועז פאַרשפּאַרט מיט מיליטער אָדער מיט באַנדיטן. מען האָט נישט געקענט אַנטלויפן, זיך אַריבערכאַפּן ערגעץ אין אַ מער זיכערן פּונקט.

מיר, איך און מיינע נאָענטע, האָבן לאַנג געקנייטשט די שטערנס, געטראַכט, געקלערט, זיך געישובט, ביז ס'איז גע־בליבן, אַז איך זאָל מיך דערווייל אויסבאַהאַלטן ביי אונזערן אַן אַרבעטער, אַ ייִד, וואָס וואוינט אין עק שטאָט, ביי דער אייזנבאַן.

דאָס הייזל פון דעם אַרבעטער שטייט צווישן זומפּן, און אַהין איז נישט אַזוי לייכט צוצוקומען. מען האָט איינגעפונען, אַז אין דעמדאָזיקן הייזל וועל איך קענען זיצן רואיק, קיינער וועט מיך דאָרט נישט באַמערקן. דאָס דאַרף זיין אייגנטלעך, אַ צייטווייליק שוצווינקעלע, פון וועלכן איך וועל מיך אַריבער־פּעקלען ערגעץ אַנדערש, אין אַן אַנדער שטאָט, דער עיקר קיין פּוילן, וויבאַלד עס וועט זיך נאָר מאַכן די ריכטיקע גע־לעגנהייט.

פון דערהיים האָב איך אָבער געמוזט וואָס צום גיכסטן אַוועק, ווייל ס'איז געווען קלאָר, אַז קוים וועלן אַריין די־באָלשעוויקעס, בין איך אַ פאַרשפּילטער. אגב, ווען איך זאָל מיך דעמאָלט וועלן אויסבאַהאַלטן פאַר זיי, וועט עס מיר אָנ־קומען שווערער, ווי איצט. זיי האָבן געהאַט צו שאַרפע אויגן פאַר אַזאַ אונטערנעמונג און זי וואָלט מסתמא באַלד דורכגע־פאַלן.

קיין אַנדער עצה איז נישט געווען, און אָט בין איך מיט אַ שווערער געמיט אַרויס פון מיין הויז און בין אַוועק צו דעם

אַרבעטער. מיינע זין האָבן מיך באַגלייט פון די זייטן מיט די ביקסן אויפן אַקסל, פּונקט ווי וואַכסאָלדאַטן וואָלטן געפירט אַן אַרעסטאַנט...

די גאַנצע אונטערנעמונג האָט אָבער געטויגט אויף די גוטע כּפּרות. ערשטנס, איז עס געווען אַ הייזל — אַ קבר, אָן לופט און אָן ליכט. מען האָט דאָרט פּשוט געקענט דערשטיקט ווערן. קיין בעסערע תּפיסה פאַר אַ בורזשוי האָבן זיך די באָלשעוויקעס אַליין נישט געוואונטשן... ביינאַכט האָבן די זומפּן אַרויסגעגעבן פון זיך אַזעלכע שווערע גאַזן, וואָס האָבן זיך געלייגט אויפן האַרץ און אויף די לונגען, ווי בליי... איך האָב נישט געקענט אָטעמען און האָב געמיינט, אַז דאָס לעבן עקט זיך מיר.

דאָס איז, ווי געזאָגט, ערשטנס. נו, און צווייטנס — צווייטנס, וואָלט מיך דער אַ ר ב ע ט ע ר אַ ל י י ן אַ ר ו י ס ג ע ג ע ב ן...

צו וואָס זאָל ער זיך מיט מיר צאַצקען, ווען ער וואוינט אין אַ קבר און איך וואוין לגבי אים אין פּאַלאַצן?

ער וואָלט זיך מסתּמא קיין איין מינוט נישט געוואַקלט און וואָלט מיך באַלד איבערגעגעבן אין די צאַרטע הענט פון די באָלשעוויקעס.

איך בין איבערגעקומען זייער אַ שווערע נאַכט, שטיקנ־דיק זיך מיט די גאַזן פון די זומפּן. אינדערפרי בין איך אַרויס מיט דעם אַרבעטער כאַפּן אַ ביסל פרישע לופט און אויסלייטערן עטוואָס דעם קאָפּ פון דער נאַכט־שווערקייט. איך האָב מיך געפילט אַזוי, ווי איך וואָלט אַ גאַנצע נאַכט אָפּגע־לעגן אין אַ טיפן, פייכטן, פינסטערן קעלער... די הענט, די פיס זענען געווען אַזוי ווי נישט מיינע, פּונקט ווי עמעץ וואָלט זיי מיר אויסגעטוישט אויף אַנדערע, שוואַכערע...

נאָך אַזאַ נאַכט האָט זיך גוט און פריי געאָטעמט אינ-
דרויסן אַפילו אויף די זומפּן. איך האָב מיך אַלץ טיפער אָפּגע-
אָטעמט און בעת מעשה פיינלעך געטראַכט:

„וואָס טוט מען ווייטער?"

פאַרבלייבן אינם הייזל האָב איך ממש פיזיש נישט גע-
קענט. ס'איז געווען איבער מיינע כוחות. און גיין צוריק
אַהיים האָב איך אויך נישט געקענט: ס'איז געווען אַ צו גע-
פערלעכע זאַך פאַר מיר. איך האָב מיר אָנגעשטרענגט דעם
קאָפּ, ווי ווייט איך האָב נאָר געקענט און האָב גאָרנישט באַ-
וויזן אויסצוטראַכטן. קיין שום ישועה האָב איך נישט געזען
פאַר זיך.

פלוצלונג איז אָנגעלאָפן אַ פאַנצערצוג, וואָס האָט מיך
מיטאַמאָל אַרויסגעשלעפּט פון מיינע שווערע רעיונות. דאָס איז
געווען אַ פאַנצערצוג פון די אמתע פעטלוראָווצעס, פון די
רעכטע פאָגראָמשטשיקעס, וואָס האָבן אָנגעמאַכט אַ חורבן אוי-
מעטום, וואוהין זיי זענען נאָר געקומען.

פון די וואַגאָן-פענסטער האָבן אַרויסגעקוקט רויטע הפקר-
פּנימער. ביי די שלייפן האָט זיי געפלאַטערט אַ קאָזאַקן-טשוב.
זיי האָבן געטראָגן רויטע און געלע בענדער, ווי עס פּאַסט
פאַר עכטע היידאַמאַקן...

דער פאַנצערצוג האָט זיך אָפּגעשטעלט ביי דער אייזנ-
באַן-ראָגאַטקע אין רעכטן מיטן שטאָט.

די היידאַמאַקן האָבן אַרויסגעפאָדערט די פאָרשטייער פון
שטאָט — דעם בירגערמייסטער, דר. ג. און זיין געהילף. ווען
די לעצטע זענען געקומען, איז אַ היידאַמאַק אַרויסגעפאָרן
מיט אַ דרשה:

„מיר ווייסן אַלץ, וואָס עס טוט זיך אין שטאָט. מיר

ווייסן, אַז ווען אונזער מיליטער האָט פאַרלאָזט ראָוונע, האָט איר זיך געפרייט און ס׳איז ביי אייך געווען אַן אמתער יום־טוב... איר האָט געטאַנצט אין די גאַסן און געשריען מיט הילכיקע קולות, אַז איר זענט פטור געוואָרן פון פעטלורען...

איר זענט אָבער נאָך נישט פטור געוואָרן. ס׳איז נאָך צו פרי. מיר ווייסן אויך, אַז איר האָט צעראַבירט די לאַגערן מיט פּראָוויאַנט און צעשלעפּט אַלץ, וואָס עס האָט זיך נאָר געלאָזט. פאַר אַזעלכע מעשים און פאַר אַזאַ אויפפירונג באַשטראָפט מען. אונזער שטראָף איז אַזאַ: מיר לייגן ארויף אויף דער שטאָט אַ קאָנטריבוציע פון צוויי הונדערט טויזנט רובל חוץ פאַרשיידענע סחורות, וואָס איר דאַרפט אונז צושטעלן פאר דער אַרמעע. אונזער פאָדערונג מוז אויסגעפירט ווערן ביז פינף אַ זייגער פאַרנאַכט, ווען מיר וועלן ווידער קומען אַהער. איר זאָלט נישט מיינען, אַז דאָס איז אַ שפּאַס. דאָס איז גאָרנישט קיין שפּאַס, נאָר אַ שאַרפע התראה, וואָס קען אייך קאָסטן זייער, זייער טייער, ווען איר וועט זיך ערנסט נישט צוהערן צו איר. געדענקט זשע, וואָס מען רעדט מיט אייך!״

נאָכדעם איז דער צוג אַוועק צוריק קיין זדאָלבונאָוו. עס איז אין פלוג געווען אַ פּשוטע זאַך. די באַנדיטן האָבן איינגעזען, אַז ראָוונע הענגט נאָך אינדערלופטן, אַז קיינער פאַרנעמט זי נישט, און וויבאַלד אַזוי, טאָ פאַרוואָס זאָל אַ היפּשע יידישע שטאָט נישט געניסן פון אַ פּאָגראָם?

די פאָרשטייער פון דער שטאָט האָבן כמעט גאָרנישט געענטפערט די היידאַמאַקן. מען האָט זיי אויך נישט געהאַט וואָס צו ענטפערן. מען האָט זיך דאָך נישט געקענט נעמען שפּאַרן מיט די באַנדיטן, וועלכע האָבן געהאַט אין זייער רשות אַ געפּאַנצערטן צוג.

די שטאָט האָט זיך אין פלוג נישט שטאַרק באַאומרואיקט

פון דעמדאָזיקן וויזיט. ערשטנס, האָט מען געגלויבט, אַז ביז פינף אַ זייגער קענען נאָך אַריינקומען די באַלשעוויקעס, און, צווייטנס, איז מען דאָך עפּעס אַליין געווען נישט שלעכט באַוואָפנט.

יונגעלייט האָבן זיך געקאָכט:

„אַ קרענק וועלן מיר זיי געבן, די באַנדיטן, נישט קאָנ-טריבוציע! אַ חוצפּה אַ ביסל! נאָך איצט זיך אַריינצורייסן קיין ראָוונע! מען טאָר מיט זיי גאָר אַפילו נישט אַריינגיין אין אונטערהאַנדלונגען, אָבער זיי וועלן סיי ווי נישט קומען".

„און ווי וועט זיין", האָט עמעצער געפּרוּאווט אָפּשוואַכן די התלהבות פון די יונגעלייט, „יאָ, ווי וועט זיין, אַ שטיי-גער, ווען דידאָזיקע באַנדיטן וועלן זיך טאַקע נישט שעמען און וועלן קומען מיט אַ וויזיט און מיט די אמתע האַרמאַטן אַ צווייט מאָל און וועלן נעמען פאָדערן זייער קאָנטריבוציע גאָר מיט אַן אַנדער לשון, פאַרשטייט איר, מיט אַ לשון פון בלוט און רציחה, וואָס וועט מען דעמאָלט טאָן?"

דאָס וועט קיינמאָל נישט געשען!" האָבן די יונגעלייט פאַרזיכערט מיט התפעלות. „דאָס, וואָס די באַנדיטן האָבן פריער געקענט באַווייזן, וועט זיי אַ צווייט מאָל נישט געלינגען. זיי ליגן גוט אין דער אדמה. און טאָמער וועלן זיי טאַקע קומען, וועלן מיר זיי ענטפערן מיט אַ פעסטן זאַלפּ! מיר וועלן זיי געבן פעפער צו שמעקן!"

די יונגעלייט האָבן זיך פונדאָסניי באַוואָפנט, מען האָט זיך איינגעטיילט אין באַשטימטע שוץ-גרופּעס אונטער דער אָנ-פירונג פונם אומדערמידלעכן חיים ק., אַ מענטש, וועלכער האָט די גאַנצע צייט מיט לייב און לעבן אָפּגעהיט די שטאָט פון פאָגראָמען.

איך האָב איינגעזען, אַז איך האָב מיך נישט מער וואָס צו שטיקן אויף די גאַזן פון די זומפּן, און האָב מיך איבער־געפּעקלט אַהיים. ווי דאָס איז, האַנדלט זיך איצט נישט וועגן באָלשעוויקעס, נאָר וועגן באַנדיטן, און ביי זיי בין איך נישט „דער ערשטער קרבן״, נאָר אַ קרבן גלייך מיט אַלעמען...

איבעריקנס, האָבן כמעט אַלע געגלויבט, אַז זיי וועלן שוין מער נישט קומען. מען האָט משער געווען, אַז זיי האָבן בלויז געוואָלט אַ סטראַשע טאָן די באַפעלקערונג, ווייזן, אַז זיי לעבן נאָך, אַז זיי האָבן נאָך געפּאַנצערטע צוגן, און נאָכדעם, ווי דאָס איז זיי געלונגען, האָבן זיי געמאַכט פּליטה.

עלטערע, מיושבדיקע מענטשן האָבן געזאָגט:

„ווען די באַנדיטן וואָלטן טאַקע געווען ביי די אמתע כּוחות, וואָלטן זיי, נאַטירלעך, געפּאָדערט, מען זאָל זיי תּיכּף־ומיד אויסצאָלן אויף דער האַנט די קאָנטריבוציע. זיי וואָלטן נישט אָפּגעלייגט דעם עסק אויף פינף אַ זייגער. דאָס באַווייזט דאָך, אַז זיי האָבן פּשוט מורא געהאַט צו פאַרבלייבן אין ראָוונע אַן איבעריקע מינוט. בכן איז נישטאָ זיך וואָס צו שרעקן, אַז זיי וועלן קומען אַ צווייט מאָל און וועלן אַרויסשטעלן זייערע באַנדיטישע פאָדערונגען״.

איך האָב דערווייל געדאַנקט גאָט, וואָס איך זע ווידער מיינע נאָענטע, מיין היים, מיין אייגן ווינקעלע, הגם די סכּנה, וואָס האָט געלויערט אויף מיר, איז לגמרי נישט באַזייטיקט געוואָרן.

אַ מערקווירדיקע זאַך: ראָוונע איז איצט געלעגן אונטער דער נאָז פון די באָלשעוויקעס, און זיי האָבן זיך געצווילט אַריינצוגיין אין שטאָט.

„ווען זיי וועלן אַזוי שטיין נאָך אַ ביסל צייט״, האָב

איך מיר געטראַכט, „ווען אַריין די פּאָליאַקן, און דעמאָלט בין איך אַ געראַטעוועטער. ווען די פּאָליאַקן זאָלן אפילו אַריין ציטוויייליק, איז עס אויך אַ ישועה פאַר מיר. אין אַזאַ פאַל וואָלט איך מיך באַלד אַריבערגעפּעקלט קיין ווארשע, און וואָלט דאָרט איבערגעוואַרט דעם ראָוונער כאָאָס און די ראָוונער פּחדים".

אַ מענטש ווערט טיילמאָל נאַיוו און גלויביק, ווי אַ קינד, דווקא אין אַזאַ מאָמענט, וואָס פאָדערט פון אים די גרעסטע אָנשטרענגונג פון שכל און ניכטערקייט. דווקא אין אַזאַ מאָמענט פאַלט ער אַריין אין חלומות און פאַנטאַזיעס, מאָלט זיך אויס אין דמיון פאַרשיידענע בילדער, וועלכע זענען דער היפּוך פון דער ווירקלעכקייט און פילט נישט בעת מעשה, אַז ער שטייט אויפן ראַנד פון תהום, אַז דאָס קלענסטע ווינ־טעלע קען אים אַ שטויס טאָן און אומברענגען...

איך האָב געטראַכט פון פּאָליאַקן אונטער דער נאָז פון באָלשעוויקעס ביי די געפערלעכע סטראַשונקעס פון היידאַמאַקן...

איבעריקנס, האָב איך פאַרבראַכט אַ שווערע נאַכט אויף די גאַזן פון די זומפּן. דידאָזיקע גאַזן האָב איך נאָך אויך איצט נישט אַרויסגעאָטעמט פון זיך.



# קאַפּיטל XVI

די היידאַמאַקן האַלטן וואַךט. — מען זעט דעם טויט פאַר די אויגן. — אַ שיסעריי פון האַרמאַטן. — אַ גאַנצע שטאָט שרייט געוואַלד. — מען דאַרף זיך ראַטעווען. — מיין פרוי מיטן קראַנקן קינד פאַרלאָזן דאָס הויז. — מען פאָדערט געלט און ביזשוטעריע. — אויפן הויף פון זאַוואָד. — קריסטן שפּאַצירן אַרום פּאַנק און פרייט איבער די גאַסן. — איך זוך אַ באַהעלטעניש. — אין די קעלערס און אויף די בוידעמער. — אין קאַלכגרוב. — ווידעראַמאָל אויפן הויף. — אַ קורצער שמועס מיט די אַרבעטער. — וואָס איז די בעסטע רפואה אין אַ פּאַניק. — געוואַלדן פון טויטשרעק און האַרמאַטן.

די היידאַמאַקן זענען דאָך געקומען. פינף אַ זייגער נאָך האַלבן טאָג האָט זיך אָפּגעשטעלט זייער פאַנצערצוג אויף דעמזעלבן אָרט, וואָס פריער. זיי זענען אַרויסגעשפרונגען פון די וואַגאָנעס און האָבן באַלד גענומען קאָמאַנדעווען אויף זייער שטייגער.

די ערשטע זאַך האָבן זיי גענומען טרייבן דעם עולם פון די גאַסן אין די הייזער אַריין. אין שטאָט איז געוואָרן אַ מהומה. די יונגעלייט פונעם זעלבסטשוץ האָבן אַפילו געפּרואווט שטעלן אַ ווידערשטאַנד, וואָס איז אָבער נישט געלונגען. עט-

לעכע יונגעלייט זענען באַלד אַנידערגעפאַלן פון קוילן, און אַז די היידאַמאַקן האָבן גענומען באַשיסן די שטאָט מיט האַר־מאַטן, זענען געפאַלן נאָך אַ פּאָר יונגעלייט. די יונגעלייט פונם זעלבסטשוץ האָבן פאַרלאָרן דעם מוט און דעם חשק און האָבן זיך פאַוואָליע אָפּגערוקט פון פייער...

אויב מען האָט פריער געלעבט אין איין פּחד, האָט מען איצט געזען דעם טויט פאַר די אויגן.

„עס האָט זיך אָנגעהייבן!" האָט אויפגעפלאַמט דער גאַנצער קאָפּ מיט איין ברענענדיקער מחשבה.

די קלעפּ פון די האַרמאַטן האָבן אויפגעטרייסלט די לופט און עס האָט זיך געדאַכט, אַז די ערד וויגט זיך אונ־טער די פיס און מען קען מער נישט שטעלן קיין פעסטע טריט איבער איר. ס'ווילט זיך אַלץ אַנידערבאַלן, זיך אויס־ציען און בלייבן ליגן אַזוי אָן ווערטער און אָן באַוואוסטזיין...

לעבן מיין זאַוואָד האָבן די היידאַמאַקן אַוועקגעשטעלט אַ קוילנוואַרפער אויפן פעל, טאָמער וועלן די אַרבעטער אַרויס־טרעטן קעגן זיי מיט אַ קאַמף. אויפן וואָקזאַל האָבן זיי אָנ־געזאָגט די קריסטלעכע באַנאַרבעטער, אַז יענע זאָלן שווייגן, אַנישט וועלן זיי באַצאָלן מיט די קעפּ.

„מיר וועלן אייך נישט טשעפּען און איר טשעפּעט אונז נישט! וועט איר זיך אָבער מישן, וועט איר מיאוס אָפּשניידן".

אַזוי האָט מען זיי אָנגעזאָגט און יענע האָבן, נאַטיר־לעך, געשוויגן.

די האַרמאַטן האָבן געדונערט. צווישן די הפסקות פון איין שאָס און אַ צווייטן האָט מען געהערט די מאוימדיקע קולות אין שטאָט. עס האָבן געשריגן מיט גסיסה־קולות אַלט און יונג, ווייבער און מאַנסלייט. אַ גאַנצע שטאָט האָט גערע־וועט אין טויטשרעק...

איך בין אַרומגעלאָפן אין שטוב אַ צעמישטער. אַלץ איז מיר געפאַלן פון די הענט און אַלץ האָט מיר געטאַנצט, געפינטלט אין די אויגן.

מען האָט זיך געדאַרפט פונדעסטוועגן ראַטעווען. ווי אַזוי אָבער ראַטעוועט מען זיך? ווי גייט מען אַרויס אינדרויסן? און וואו גייט מען? ווער האָט עס די ריכטיקע שוצמיטלען און דאָס ריכטיקע שוצווינקעלע?

אין שטוב זענען אַלע אַרומגעלאָפן. קיינער האָט נישט געקענט איינזיצן אויף אַן אָרט. די נערוון האָבן געטריבן די פיס, דאָס האַרץ האָט געקלאַפט ווי מיט אַ האַמער. ביי אַלע-מען זענען די פנימער געוועזן טויט-בלאַס, אָן איין טראָפּעלע בלוט, די אויגן גרויס, ברייט אויפגעריסן און בלויז די אויערן האָבן געפלאַמט צונטער-רויט...

מען האָט גערעדט מיט האַלבע, אָפּגעהאַקטע ווערטער. און מען האָט קיינמאָל נישט דערגערעדט, וואָס מען האָט געוואָלט זאָגן, ווייל קיין שום רייד האָבן דעמאָלט קיין ווערט נישט געהאַט. זיי האָבן אפשר אויך קיין שום זין נישט געהאַט...

איך האָב אָבער נישט געקענט אויסהאַלטן און האָב מיך אָנגערופן צו מיין פרוי:

„פּאָגראָמשטשיקעס זענען באַפאַלן ראָוונע. עס איז אויפן העכסטן גראַד געפערלעך צו פאַרבלייבן דאָ. גאָט ווייס, וואָס אין אַ מינוט אַרום קען דאָ געשען מיט אונז. מען מוז זיך באַהאַלטן — יעדער איינער מוז זיך באַהאַלטן“.

פרעגט מיך דאָס ווייב מיט פאַרבראָכענע הענט:

„וואו זאָל איך מיך באַהאַלטן?“

ענטפער איך מעכאַניש:

„איך ווייס אויך נישט וואו. און איך האָב נישט קיין

עצה... יעדער איינער דאַרף זיך אויסבאַהאַלטן לויט זיין שכל און זיין איינזען..."

ס'איז זייער מעגלעך, אַז איך האָב אַזוי נישט געדאַרפט רעדן צו מיין פרוי, וואָס האָט זיך קוים געהאַלטן אויף די פיס. ווי דער ראש פון דער פאַמיליע, האָב איך געדאַרפט אַלעמען אייגנהענטיק באַהאַלטן און פאַרבאָרגן. דידאָזיקע שווערע און פיינלעכע אונטערנעמונג האָט געדאַרפט דורכגעפירט ווערן אונטער מיין פערזענלעכער השגחה. אַזוי זאָגט אונטער דער גלייכער שכל פון אַ מאַן און אַ פאָטער. איך בין אָבער דעמאָלט געווען אַזוי צעמישט און אַזוי צעטרייסלט, אַז איך האָב נישט געוואוסט, וואָס מיט מיר טוט זיך. איך האָב מיך אינגאַנצן פאַרלאָרן.

מיין פרוי האָט זיך געמאַכט גרייט אַוועקצוגיין. זי האָט מיטגענומען אונזער קליינעם זון, וואָס איז געראַדע געווען זייער קראַנק און איז געלעגן אין היץ. מען האָט אים אָבער געזאָגט, אַז ער זאָל זיך אָנטאָן, האָט ער זיך באַלד אויפגעהייבן און אָנגעטאָן. נישט געדעדט, נישט געטענהט. אַ קינד, האָט עס געפילט פון טאָן, פון די ווערטער, אַז מען דאַרף איצט אַלץ פאָלגן די גרויסע און שווייגן, דער עיקר שווייגן...

פאַרן אַוועקגיין האָט מיין עלטערער זון דערלאַנגט דער מוטער צוואַנציק טויזנט רובל אין צוויי פעקלעך און געזאָגט:

„נעם עס מיט, מאַמע... אפשר וועט דיר אויסקומען זיך אויסצוקויפן מיט געלט... די באַנדיטן נעמען אויך אַמאָל גערן געלט אָנשטאָט דעם נפש..."

מיין פרוי איז אַוועק מיטן קראַנקן קינד. אין שטוב איז אַזוי ווי טונקעלער געוואָרן. אַלעמענס פנימער האָבן זיך פאַר־וואַנדלט אין מאַסקעס פון מרה־שחורה.

אין שטאָט האָבן אָן שום הפסקות געבושעוועט די פּאָג-ראָמשטשיקעס. זיי זענען געגאַנגען פון שטוב צו שטוב און געפּאָדערט געלט און ביזשוטעריע. מען האָט זיי געמוזט אָוועק-געבן דאָס לעצטע, אַנישט האָט מען ריזיקירט מיטן לעבן.

גייענדיק פון שטוב צו שטוב, האָבן זיי אומעטום גע-טראָפן אויף פאַרהאַקטע און פאַרשלאָסענע טירן. די באַפעלקע-רונג האָט זיך אַזוי־צו־רום געוואָלט ראַטעווען פון די באַנדיטן. דאָס איז, נאַטירלעך, געווען זייער אַ נאַיוו מיטל. די פּאָגראָמ-שטשיקעס האָבן פריער אָנגעקלאַפּט, און אַז מען האָט זיי נישט אַריינגעלאָזט, האָבן זיי גענומען שיסן אין די טירן.

מען האָט זיי געמוזט עפענען, און דעמאָלט האָט זיך אָנגעהייבן דער טרערנדיקער מסחר אָדער פאַרן לעבן אָדער פאַרן ביסל האָב און גוטס...

איך בין אַרויס פון שטוב אין הויף און מיט צעמישטע רעיונות געזוכט אַן אָרט, וואו זיך אויסצובאַהאַלטן. די לופט איז געווען אָנגעזאַפּט מיט מוראדיקע געשרייען און יללות, וואָס זענען עפּטער פאַרטויבט געוואָרן פון דער שיסערייַ מיט האַרמאַטן און ביקסן.

איך האָב געוואוסט, אַז אין דעמדאָזיקן גיהנום מעגן אַרומשפּאַצירן פראַנק און פריי אַלע קריסטן, אַפילו פּאָליאַקן, צו וועלכע די פּאָגראָמשטשיקעס האָבן זיך באַצויגן מיט גרויס פיינטשאַפט און חשד.

תחילת האָבן זיך די קריסטן אויך פאַרגראָבן אין די הייזער, פּונקט ווי די יידן, אָבער מען האָט זיי געגעבן צו וויסן, אַז זיי וועט קיין שום בייז נישט געשען, און אַ גרויסער טייל פון זיי האָט זיך באַלד פאַרוואַנדלט אין צושויער, וועלכע האָבן זיך רואיק צוגעקוקט, ווי מען שלאָגט און מען ראַבעוועט יידן...

פאַר מענטשן-חיות איז עס געווען אַ טשיקאַווע סצענע, וואָס האָט, קענטיק, פאַרשאַפט אַ געוויסן תּענוג...

איך בין נאָך אַלץ אַרומגעקראָכן איבערן הויף נישט קיין באַהאַלטענער, און כאָטש די טויערן פון הויף זענען געווען צוגעשלאָסן, האָט זיך מיר דאָך געדאַכט, ביי מיין שאַרפער נערוון-אָנשטרענגונג, אַז מען זעט מיך פון דרויסן און אַז מען צילט זיך אין מיר מיט ביקסן און האַרמאַטן...

אין הויף פון זאַוואָד זענען אין פלוג געווען אַ סך ווינ-קעלעך, וואו מען האָט זיך געקענט פאַרשטעקן, איך בין אָבער געווען אַזוי צעשרויפט, אַזוי צעבראָכן אינערלעך, אַז איך האָב לגמרי נישט געקענט אויסקלויבן עפּעס אַן אָרט, וואו זיך צו פאַרגראָבן. אין דעמדאָזיקן מאָמענט האָב איך בכלל פאַר-לאָרן די פעאיקייט זיך צו אָריענטירן און צו אָננעמען עפּעס אַ באַשלוס.

איך האָב נאָר געפילט, אַז איך מוז מיך וואָס גיכער פאַרגראָבן, פאַרשטעקן, באַהאַלטן, אַנטרונען ווערן פון דעם שיסנדיקן און יללהדיקן דרויסן, אַנטלויפן פון דער גאַנצער וועלט, פון אַלץ און פון אַלעם און אַפילו פון זיך אַליין...

מיינע קינדער און אייניקלעך האָבן זיך שוין פאַרשטעקט, אַ טייל אויף די בוידעמער און אַ טייל אונטער די גרויסע מאַשינעס פון זאַוואָד. מיט יעדער מינוט איז געוואָרן געפער-לעכער, געוואַלדיקער, מאוימדיקער, און איך האָב נאָך אַלץ אַרומגעבלאָנקעט איבערן הויף, ווי אַ פאַרגעסענער, ווי אַן איבערגעבליבענער פאַר אַ גרויסער קאַטאַסטראָפע...

אַן אַרבעטער פון זאַוואָד איז צוגעגאַנגען צו מיר. זיין פּאָזיציע איז געווען אַ געזיכערטע. ער האָט זיך נישט גע-דאַרפט באַהאַלטן. ער האָט מיך אָנגעקוקט (איך ווייס נישט: אפשר מיט רחמנות) און האָט געזאָגט:

„איר בּאַהאַלט אייך אינם קאַלכגרוב... דער קאַלך איז אַ געלאָשענער... מען קען דאָרט זיצן... און קיינער וועט דאָרט אייך נישט זוכן... אַ זיכער ווינקעלע, מען דאַרף נישט קיין בעסערס... קומט!"

איך האָב קוים פאַרשטאַנען וואָס ער רעדט. ער האָט מיך צוגעפירט צו דעם קאַלכגרוב. איך האָב מיך אַראָפּגעלאָזט אין אים. דער אַרבעטער האָט מיך פון אויבן פאַרדעקט מיט שטרוי און צווייגלעך, פּונקט ווי ער וואָלט פאַרשאָטן אַ קבר, און איז אַוועק...

איך בין געבליבן זיצן אין קאַלכגרוב. מעגלעך, אַז קיינער וועט מיך דאָ טאַקע נישט באַמערקן, נישט אַרויסזען, סיידן דערזעלבער אַרבעטער וועט מיך אַרויסגעבן... אָבער ס'איז נישט געווען פאַר מיינע כּוחות דאָ צו זיצן. עס האָט מיך אַרומגעכאַפּט אַ שרעקלעכע היץ פונם קאַלך, און איך בין באַדעקט געוואָרן מיט אַ געדיכטן שווייס. דער אָטעם האָט זיך מיר עפּטער פאַרהאַקט, דער קאָפּ האָט געשווינדלט ביז צום חלשן...

זיך אָפּגעמוטשעט אויף אַזאַ אופן אין גרוב ביי אַ פּאָר שעה צייט, האָב איך מער נישט געקענט אויסהאַלטן און בין סוף־כּל־סוף אַרויסגעקראָכן אויף גאַס וועלט, וואָס איז אַזוי שיין און ליב, אַז מען מאַכט אויף איר פּאָגראָמען און שחיטות איבער אומשולדיקע פרידלעכע מענטשן.

איך האָב ווידער גענומען אַרומשפּרייזן איבערן הויף. מיטאַמאָל האָבן מיר אָבער אַזאַ קלאַפּ געטאָן איבערן קאָפּ די ילל‌ות פון שטאָט, אַז ס'איז מיר פינסטער געוואָרן אין די אויגן און איך בין שיעור אומגעפאַלן.

איך בין צוגעגאַנגען צו די אַרבעטער, וואָס האָבן זיך

געשפירט גאַנץ האָפערדיק ביי זיך, אַזוי, אַז ס'איז זיי פּשוט געווען מקנא צו זיין, און גענומען אַרומשפּרייזן מיט זיי איבערן הויף. עס איז מיר באַלד אַזוי ווי לייכטער געוואָרן.

איך האָב זיי געפרעגט:

„האָט מען געקלאַפּט ביי אונז אין טויער?"

זיי האָבן געענטפערט:

„קיינער האָט נישט געקלאַפּט. דאָ איז דערווייל שטיל. אפשר וועט טאַקע קיינער נישט קומען אַהער".

אַ רואיק וואָרט און אַ רואיקע זיכערע האַלטונג איז די בעסטע רפואה אין אַ פּאַניק. אַך, ווען איך וואָלט געקענט אַזוי אַרומגיין מיט זיי איבער מיין הויף, ווי אַ גלייכער מיט גלייכע און זיך נישט דאַרפן אויסבאַהאַלטן פאַר פּאָגראָמשטשי־קעס און באַנדיטן! זיי האָבן זיך אַזוי רואיק אַדורכגעשמועסט, געראָכערט פּאַפּיראָסן, געקוקט מיט קאַלטע אויגן אין הימל אַריין.

„קיינער האָט דאָ נישט געקלאַפּט", האָט זיך עמעץ פון זיי ווידעראַמאָל אָנגערופן. „זיי וועלן זיך מסתמא אַזויפיל אָנ־ראַבעווען אין שטאָט, אַז זיי וועלן שוין אַהער נישט דאַרפן קומען. די שטאָט וועט זיי זיין גענוג אויף אָן דעם הויז".

„איר הערט, ווי מען שרייט?" זאָגט אַ צווייטער. „ווער ווייס, וואָס דאָרט קומט פאָר! מען מוז אוודאי שעכטן מענטשן, ווי די קעלבער".

„ניין, דאָס שרייט מען גיכער פון שרעק", זאָגט אַן אַנדערער. „די שרעקעוודיקע שרייען. יענע אָבער, וועלכע ווערן אויסגעשאָכטן, שרייען נישט... זיי שווייגן..."

אַזוי שמועסט מען זיך אויס און איך שפּרייז מ־ר אַלץ אַרום מיט זיי איבערן הויף.

אפשר דאַרף איך מיר טאַקע מער נישט פאַרגראָבן, נאָר האַלטן זיך צוזאַמען מיט זיי. שמועסן מיט זיי, פאַרברענגען מיט זיי און אַזוי־אַרום איבערקומען דעם פּאָגראָם?

איך קען מיך אָבער נישט צוזאַמענגיסן מיט זיי. אמת, זיי מאַכן מיך רואיקער, אָבער איך קען מיך נישט פאַרגעסן.

עס ציט מיך ווידער אין אַ גרוב, אין אַ קעלער. פאַר־שטעלן די אויגן, די אויערן, אָדער אַנטשלאָפן ווערן מיט אַ האַרטן שלאָף און זיך אויפכאַפּן ערשט דעמאָלט, ווען דאָס וואָרט „פּאָגראָמשטשיק" וועט אינגאַנצן אַרויספאַלן פון דעם מענטשלעכן לעקסיקאָן.



## קאַפּיטל XVII

איך הער, ווי מען שעכט מענטשן. — אַלץ איז פּיינטלעך און פּיינלעך. — איך קריך אַריין אין קעלער. —אין אַ 500־עמער־דיקן פאַס. — איך דערמאָן זיך אין ריאָגענען. — דער פּיין פון װאָרטן. — שעהן, וואָס ציען זיך ווי יאָרן. — מען שמועסט זיך דורך פון פעסער. — יעקב אבינוס מעטאָדע. — פּחדנות. — אַ נאַכט אין פאַס. — די בשורות אינדערפרי. — מען קען נישט טראַכטן. — דער וויזיט פון די באַנדיטן ביי מיר אין הויז. — פינף און צוואַנציק הרוגים אין דער ערשטער נאַכט. — יעקב שטריכמאַן.—מען דאַרף ווידער קריכן אין פאַס.

מיטאַמאָל האָבן די האַרמאַטן גענומען דונערן נישט ווייט פון אונזער הויז און באַלד דערויף האָב איך דערהערט מוראדיקע קולות און געוואַלדן קעגנאיבער, ביי אונזער שכן. ס'איז מיר איינגעפאַלן, אַז מען שניידט זיי דאָרט די העל־זער מיט טעמפּע מעסערס, און אַ קאַלטער שווייס האָט מיך אָפּגעגאָסן אויפן גאַנצן לייב.

אין אַ ווײַלע אַרום איז מיטאַמאָל אַלץ שטיל געוואָרן, פּונקט ווי מען וואָלט ביים שכן פאַרענדיקט די שחיטה, און עס איז שוין נישט געווען ווער עס זאָל שרייען...

איך האָב שוין נישט געוואָלט מער אַרומגיין מיט די

אַרבעטער. זיי האָבן מיך שוין נישט מער באַרואיקט. איך האָב געפילט נאָר איין זאַך, אַז איך מוז מיך באַהאַלטן, באַהאַלטן...

ס'איז מיר איצט אַלץ געווען פיינטלעך און פיינדלעך פאַרן אויג: די אַרבעטער, די ווענט פון מיין הויז, דער קוימען פון זאַוואָד... אין דער לופט האָב איך געזען הײדאַמאַקישע פּנימער, וואָס האָבן מיך געזוכט מיט מיליאָנען באַנדיטישע אויגן...

איך האָב געבעטן אַדאַמען, אונזער אַרבעטער, ער זאָל מיך אַראָפּפירן אין קעלער. אַדאַם איז געגאַנגען מיט מיר. מיר האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט אין גרויסן בירקעלער. דאָרט איז געווען טונקל, עס האָט געשמעקט מיט אַלטן ביר און די פּאָדלאָגע איז געווען פאַרגאָסן מיט וואַסער. עפּעס אַ קלעפּיקע ביר־פייכטקייט האָט מיך אַרומגעכאַפּט, ווי אַ נעפּל...

מיר זענען איבערגעגאַנגען אין אַ צווייטן קעלער, וואו עס איז געווען טרוקן. דאָ זענען געשטאַנען ריזעדיק־גרויסע 500־עמערדיקע פעסער. זיי זענען געשטאַנען ליידיקע, אָן ביר.

„אַדאַם", האָב איך מיך אָנגערופן צום אַרבעטער, „צי קען מען צוריינקריכן אין אַזאַ פאַס און זיך דאָרט אויסבאַהאַלטן? ווי מיינסטו, אַדאַם?"

איך האָב זיך דערמאָנט אין דיאָגענען. דערדאָזיקער אייגנאַרטיקער פילאָזאָף איז מיטן אייגענעם ווילן אַריינגעקראָכן אין אַ פאַס און האָט אין אים געוואוינט, איך אָבער מוז עס טאָן אין טויזנטער יאָרן אַרום געצוואונגענערהייט...

אַדאַם האָט געזאָגט:

„דאָס פאַס איז גענוג גרויס. מען קען זיך זיכער באַהאַלטן אין אים. עס וועט אייך נאָר זיין פינסטער. דערצו איז אָבער אויך פאַראַן אַן עצה. איך וועל אייך ברענגען אַ ליכט

מיט זאַפּאַלקעס... איר וועט אייך קענען איינאָרדענען גאַנץ באַ-קוועם, ווי אין אַ צימער", האָט ער געשמייכלט.

ער איז אַרויס פון קעלער און האָט מיר אין אַ ווײַלע אַרום געבראַכט אַ פּאָר קישנס, אַ ליכט, זאַפּאַלקעס און אַפילו אַ פּאָר ביכער. נאָכדעם האָט ער געעפנט דאָס קליינע פּאַס-טירל און האָט מיר געוויזן, ווי אַזוי מען דאַרף אַרײַנקריכן אין פּאַס: פריער מיט איין האַנט, נאָכדעם פּאַוואָליע מיטן קאָפּ און נאָכדעם פּאַוואָליע מיטן גאַנצן גוף. אַזוי קריכט אַרײַן דער אַרבעטער, ווען ער דאַרף וואַשן דאָס פּאַס.

איך בין אַרײַנגעקראָכן אין גרויסן פּאַס און האָב מיך געמאַכט אַ געלעגער פון צוויי קישנס. נאָכדעם האָב איך אָנ-געצונדן דאָס ליכט און האָב מיך אַנידערגעזעצט, האַלב אָנגע-שפּאַרט אָן דער וואַנט פונם פּאַס.

אַזוי־אַרום האָב איך מיך איינגעאָרדנט אין מיין דיאָגען-דירהלע...

איך וועל בשום אופן נישט זאָגן, אַז ס'איז געווען זייער באַקוועם, דאָך אָבער אַ סך באַקוועמער און בעסער ווי אין קאַלכגרוב.

איצט האָט זיך אָנגעהייבן דאָס סאַמע שווערסטע: וואַרטן, איבערוואַרטן...

ווער קען שילדערן דעם פּיין, די ענויים פון איבער-וואַרטן אַ פּאָגראָם?

דאָס זענען ענויים, וואָס גייען פּאַוואָליע אָן שום הפסקות מיט יעדער מינוט. וויפל מינוט עס איז דאָ אין אַ שעה – אַזוי־פיל ענויים. און עס ציען זיך שעה נאָך שעה, שעה נאָך שעה. און וויפל מינוט עס איז דאָ אין אַ שעה – אַזוי־פיל ענויים...

מען קען נישט טראַכטן. מען קען זיך נישט פאַרגעסן.

דער קאָפּ שטייט אויף איין מחשבה און גייט נישט אַראָפּ פון איר. ער איז צוגעקלעפּט צו איר מיט דעם שטאַרקסטן קליי. און דידאָזיקע מחשבה איז: פּ אָ ג ר אָ ם..

איך זיץ אין פּאַס און פּרואוו מיך צולייגן אויף אַ זייט. איינציענדיק די קני. טיילמאָל דאַכט זיך מיר: איך וועל איינ־דרעמלען. עס איז אָבער נישטאָ דאָס נויטיקע ביסל רואיקייט, וואָס מען דאַרף האָבן, כּדי איינצודרעמלען.

די גאַנצע וועלט ווערט מיר אַזוי גרויס, ווי דאָס פּאַס, איבער וועלכן מען פירט מיט האַרמאַטן...

און עס ציט זיך אַ שעה נאָך אַ שעה. און וויפל מי־נוטן עס איז דאָ אין אַ שעה — אַזויפיל ענויים.

טיילמאָל פאַלט מיר איין אויף אַ רגע: אַ טאַטע און אַ זיידע זיצט אין אַ פּאַס... אויסגעזען אַ וועלט, געווען אין פאַרשיידענע לענדער, געשטאַנען אין פאַרבינדונגען מיט אַ סך מענטשן, געפירט גרויסע געשעפטן, אַן אייגנטימער פון אַ גרויסן ביר־זאַוואָד, און אַט זיצט ער איצט אין אַ פּאַס... ער וואוינט און וויינט אין אַ פּאַס...

ווי אַזוי איז עס געשען, אַז ער האָט פאַרלאָזט זיין הויז, די גרויסע פרייע ליכטיקע צימערן, די נאָענטע און די האַר־ציקע און האָט זיך באַזעצט אין אַ פּאַס?

און וואו איז דאָס ווייב, דאָס קראַנקע קינד?

איך עפן די אויגן און קוק מיך אַרום אין מיין קליי־ניטשקער־קליינישטקער מלוכה, וואָס איז באַלויכטן מיט אַ געל פלעמל פון אַ קנאַקעדיקן ליכט און עס פאַלט מיר איין, אַז דאָס זיצן אין פּאַס איז אַזוי שרעקלעך, ווי נאַריש און נאַריש, ווי שרעקלעך...

און עס ציט זיך אַ שעה נאָך אַ שעה. און וויפל מי־נוט עס איז דאָ אין אַ שעה — אַזויפיל ענויים...

לאנג, לאנג, גאָר אָן אַ סוף האָט זיך געשלעפּט די נאַכט איבער מיין קאָפּ. זי האָט זיך אַזוי נישט געאיילט. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז נאַכט לויט דעם באַוואוסטזיין פון טאָג, וואָס איז נאָך געבליבן אין מיר...

איך האָב מיך איבערגעלייגט פון איין זייט אויף דער צווייטער, דאָ צוגעמאַכט און דאָ געעפנט די אויגן און געזען אַלץ די שוואַרצע וואַנט פון דעם פּאַס אַרום זיך. דידאָזיקע וואַנט האָט מיך געהיט נישט ערגער, ווי די וואַנט פון אַ תפיסה.

אינדערפרי האָב איך מיך דערוואוסט דורך דעם פּאַס-טירל, אַז מיינע שניר און אייניקלעך האָבן פאַרלאָזט זייערע „איינגעזעסענע" שוצווינקלעך און האָבן זיך אויך אַריבערגע-פּעקלט אין די פּעסער. לויט מיין חשבון איז עס אויסגעקומען אַ ביסל צו ריזיקאַליש. אין פלוג האָבן מיר זיך דאָך באַהאַלטן נישט פאַר די פּאָגראָמשטשיקעס, נאָר פאַר זיך...

מיר האָבן זיך אַליין געוואָלט אָפּנאַרן און באַרואיקן מיטן געדאַנק, אַז מיר האָבן זיך באַהאַלטן. אָבער וואָס איז דאָס געווען פאַר אַ באַהעלטעניש קעגן באַנדיטן? ווען זיי זאָלן, אַ שטייגער, אַראָפּגיין אין קעלער, וועלן זיי זיכער אַ קוק טאָן אין די פּעסער, און אַז זיי וועלן אַ קוק טאָן אין די פּעסער, וועלן זיי געפינען נישט נאָר דעם מענטשן, נאָר אויך דעם פּאַסיקסטן אָרט, וואו אים צו דערהרגענען. נישט ער וועט קע-נען אַנטלויפן, נישט עמעץ וועט דערהערן זיין געשריי...

איך בין געלעגן אין פּאַס און נישט ווייט פון מיר, אין די נאָענטע פּעסער, זענען געלעגן מיינע שניר און אייניקלעך. און אָט איז געגאַנגען אַ געבייזער פון מיין פּאַס צו זייערע:

„ס'איז דאָך נישט קיין תכלית צו זיצן איינע לעבן די

אַנדערע אין די פּעסער. ווען די באַנדיטן זאָלן, חלילה, אַראָפּ־גיין אַהער, וועלן זיי דאָך אַלעמען באַלד געפינען..."

פון יענע פּעסער האָט מען מיר געענטפערט:

„דאָ איז אפשר בעסער, ווי ערגעץ אַנדערש. אין אַזאַ מאָמענט קען מען נישט אַלץ באַרעכענען..."

האָט מיין פּאַס געענטפערט זייערע:

„אַז אַלע באַהאַלטן זיך צוזאַמען, איז שוין נישט בעסער. ס'איז נישט קיין שכל..."

איז געקומען אַן ענטפער פון זייערע פּעסער:

„מילא, ס'איז שוין פאַרפאַלן... מען קען זיך איצט נישט העלפן..."

האָט מיין פּאַס ווידער געברומט:

„אויב דאָס אומגליק וועט נאָך לאַנג דויערן, וועט מען זיך מוזן צעטיילן".

אין אַ ווײַלע ארום האָט מיין פּאַס פאַרענדיקט דעמדאָזיקן דיאַלאָג מיט אַ משל:

„ווען יעקב אבינו האָט געזאָלט באַפאַלן ווערן פון עשׂון און זיין באַנדע, האָט ער איינגעטיילט זיין פאַמיליע אין דריי מחנות. ווען איין מחנה פאַלן, וועט זיך כאָטש האַלטן די צווייטע, אָדער די דריטע... אַזוי דאַרפן מיר אויך טאָן. נישט אַלע דאַרפן דאָך גלייך אויסציען דעם האַלז פאַרן חלף..."

ביי דער געלעגנהייט מוז אָבער איין מאָל פאַר אַלעמאָל געזאָגט ווערן, אַז דער גאַנצער קעלער מיט די פּעסער און מיט דער באַהעלטעניש איז נישט מער ווי פּחדנות פון ערגסטן שניט. אין אַ פּאָגראָם איז נישטאָ קיין באַהעלטעניש און עס קען נישט זיין קיין באַהעלטעניש. אין אַ פּאָגראָם דאַרף אַ ייד אַרויסגיין אין גאַס און שטעלן אַ ווידערשטאַנד. אַן אַלטער ייד, אַ יונגער ייד. אַלע גלייך און אַלע האַנט ביי

האַנט. און טאָמער וועט מען פאַלן, איז עס דאָך מענטשלע־כער און אַפילו שכלדיקער, ווי צו זיצן אין אַ פּאַס. נאַטירלעך, דאָס איז אַ מדרגה און נישט יעדער איז דערוואַקסן צו איר. אָבער יעדער אמת איז דאָך סוף־כּל־סוף אַ מדרגה, און פונדעסט־וועגן זאָגן מיר אויף יעדן שריט און טריט -- און מיט רעכט — אַז מען דאַרף זיך האַלטן נאָר ביים אמת...

אינדערפרי בין איך מיט גרויס מי און מאַטערניש אַרויס־געקראָכן פון פּאַס און געוואָלט אַרויסגיין אויפן הויף אַ קוק טאָן, וואו האַלט עס מיטן פּאָגראָם. די פיס האָבן מיר נישט געדינט, די ביינער האָבן געבראָכן. פונדעסטוועגן האָב איך מיך געמאַכט האַרץ און געוואָלט זיך אַנטפּלעקן פון מיין באַ־העלטעניש. איך האָב געוואוסט, אַז אין דער „אונטערנעמונג" פון אַ פּאָגראָם איז אַ נאַכט אַ שטיק צייט, בפרט נאָך ביי אַזעלכע אומשטענדן, ווען די באָלשעוויקעס שטייען דאָ נישט ווייט.

אָבער אין דער אייגענער רגע האָב איך באַקומען אַ ידיעה פון די אַרבעטער אויפן הויף, אַז איך טאָר נישט פאַר־לאָזן מיין וואוינונג אין פּאַס. דער מאָמענט איז דווקא זייער אַן ערנסטער. מען דאַרף זיין פאָרזיכטיק.

„וואָס, מען האָט שוין געקלאַפּט צו אונז אין טויער?" האָב איך געפרעגט.

איך האָב באַקומען אַן ענטפער:

„אַ חברה באַנדיטן האָט זיך אַריינגעריסן אין הויף און אין זאַוואָד און האָט געזוכט די באַלעבאַטים. מען האָט זיי אָבער געזאָגט, אַז די באַלעבאַטים זענען אַרויסגעפאָרן קיין לוצק. אַנטלאָפן, הייסט עס..."

„נו, און וואָס איז געוואָרן?" פרעג איך ווייטער.

דערציילט מען מיר:

„נו, זיי האָבן, נאַטירלעך, נישט געגזויבט און זענען אַוועק זוכן אין הויז. זיי האָבן כלומרשט געמאַכט אַ רעוויזיע... געזוכט, געזוכט און קיינעם נישט געפונען. געווען שטאַרק אין כעס, אויפגערעגט. אָבער פאַרפאַלן. זיי האָבן געמוזט גלויבן, אַז די באַלעבאַטים זענען אַנטלאָפן קיין לוצק..."

„זיי האָבן מסתמא געמאַכט אַ חורבן פון אונזער הויז", בין איך משער.

ניין, קיין שום חורבן נישט געמאַכט. ווערליק באַנדיטן האָבן זיי זיך פאַרהאַלטן גאָר בישקשה. זיי האָבן זיך, קענטיק, געשעמט פאַר די ערלעכע אַרבעטער פון זאַוואָד. זיי האָבן געפונען אַ שאַכטל זייף און גענומען דערפון אַ טייל פאַר זיך. די איבעריקע שטיקלעך זייף האָבן זיי פאַרגעלייגט די אַר־בעטער. „נעמט, זשאַלעוועט נישט, ס'איז אויך אייערס", האָבן זיי געזאָגט די אַרבעטער, און דערמיט האָט זיך געענדיקט זייער רעוויזיע.

דידאָזיקע נאַכט האָט געקאָסט דער יידישער באַפעלקערונג אין ראָוונע פינף און צוואַנציק הרוגים!

דאָרט, וואו עס זענען דאָ הרוגים, זענען אויך פאַראַן פאַרוואונדעטע. זיי אָבער רעכנט מען נישט, און איך גיב אויך נישט אָן זייער צאָל.

צווישן די הרוגים האָבן זיך געפונען זייער וואוילע יונ־געלייט, טייערע יידישע קינדער, וואָס האָבן אויסגעהויכט זייער נשמה אין געראַנגל מיט די באַנדיטן.

צווישן די הרוגים האָט זיך אויך געפונען איינער אַ יעקב שטרייכמאַן, אַ טשיקאַווער טיפּ, אַ הויכער ברייט־בייני־קער מענטש מיט ביסטרע אויגן און שטאַרקע הענט. ער האָט געהאַלטן משא־פערד און האָט גאָרנישט שלעכט פאַרדינט

אין אַ סכסוך האָט ער געהאַט זייער אַ בייזע צונג, און אין שטאָט האָט מען זיך געשראָקן פאַר אים. זיך אויסצו־טענהן מיט אים איז נישט געווען פון די לייכטע זאַכן. ער האָט געקענט יענעם אָפּשוואַכן נישט בלויז מיט דער שטאַר־קער האַנט, נאָר אויך מיט דער צונג... בטבע איז ער אָבער געווען אַ גאַנץ גוטער מענטש און דער עיקר אַ „גוטער ברודער״.

שפּעטער איז ער אַפילו געוואָרען אַ גבאַי אין שול, און מען מוז זאָגן, אַז פאַר דער צייט פון זיין גבאות האָט די שול מער נישט געוואוסט פון ווייסע־חברהניקעס, פון שטיפער און פון רעדער, וואָס שטערן אין דאַווגען. ער האָט געפירט די שול, ווי אַ שטרענגער מושל.

ער האָט מסתמא געשטעלט אַ פעסטן ווידערשטאַנד די באַנדיטן. ער האָט לגמרי נישט געהערט צו די־יעניקע, וואָס ציען אויס פון פחד דעם האַלז פאַרן חלף...

איך האָב נאָך געדאַרפט קריכן ווידער אין פאַס און ווידעראַמאָל וואַרטן, הגם ס׳איז עטוואָס לייכטער געוואָרן אויפן געמיט פון דער בשורה, אַז די באַנדיטן זענען שוין געווען מיט אַ וויזיט ביי מיר אין הויז.

„קיין צוויי מאָל גייט מען דאָך נישט״, האָב איך גע־טראַכט און טאַקע באַלד אויפן אָרט זיך געזאָגט: „מען גייט צוויי מאָל אויך...״

און אין די איבעריקע פעסער זענען נאָך אַלץ געזעסן מיינע שניר און מיינע אייניקלעך.



# קאפיטל XVIII

א יידישע דעלעגאציע. — ביים גענעראל קאווענקא. — מען קריכט ארויס פון די קעלערס. — מען מאכט אָרדענונג אין שטאָט, אָבער מען איז נישט זיכער מיטן מאָרגן. — פאָגראָמשטשיקעס-אַגיטאַטאָרן אין אינטערהעצער.—מען וויל דערהרגענען דעם גענעראל קאווענקא. — ער מאכט פליטה. — די שטאָט ווידער אויף הפקר. — פאָרשטייער פון דער שטאָט ביי די באָלשעוויקעס. — א שמחה אויף א ווײלע. — איך זיץ צוריק אין פּאַס. — א שיסעריי פון הארמאַטן צווישן די באָלשעוויקעס און די פאָגראָמשטשיקעס. — פארשיידענע מינים פּחדים. — די געדיכטע באַפעלקערונג פון אונזערע קעלערס. — מיין פרוי מאכט שבת אונטער א שיסעריי פון הארמאַטן. — צעשעדיקטע הײַזער. — דער סוף פונם קאַמף צווישן די באָלשעוויקעס און די פאָגראָמשטשיקעס. — ווידער א נאַכט אין קעלער. — פריידן און געוויין צוזאַמען. — יידן און באָלשעוויקעס.

ווען די פּאָגראָם-נאַכט איז אריבער, האָט זיך א יידישע דעלעגאַציע אַדורכגעריסן דורך דער פּאַניק און מהומה קיין זדאָלבונאָוו, וואו זי האָט זיך געמאָלדן צו קאַווענקאָן, דעם פריערדיקן קאָמענדאַנט פון ראָוונע. זי האָט דערציילט דעם גענעראַל פון די אַלע רציחות און מערדערייען, וואָס ווערן אָפּגעטאָן אין ראָוונע דורך די היידאַמאַקן, און האָט געבעטן ביי אים שנעלע הילף.

„יעדע מינוט איז טייער", האָבן זיי געזאָגט, „די באַפעלקערונג געפינט זיך אין דער גרעסטער סכנה. מען מוז איר תיכף קומען צו הילף".

גענעראַל קאַוועגקאָ האָט גענומען אַ מאה קאָזאַקן און איז אַרויסגעפאָרן קיין ראָוונע. די פּאָגראָמשטשיקעס האָבן זיך באַלד צוריקגעצויגן מיט זייער פאַנצערצוג. די פּאַניק האָט נאָכגעלאָזט. מען האָט גענומען אַרויסקריכן פון די לעכער, פון די קעלערס און בוידעמער. די הייזער, צעראַבירטע און נישט צעראַבירטע, זענען צוריק אָנגעפילט געוואָרן מיט לעבעדיקע, הגם נאָך גוט איבערגעשראָקענע מענטשן...

גענעראַל קאַוועגקאָ האָט אַוועקגעשטעלט פּאַטרולן אין די גאַסן. די שטאָט האָט זיך גענומען עטוואָס באַרואיקן.

איך בין אויך אַרויסגעקראָכן פון קעלער, און אין אונזער הויז האָבן זיך באַגעגנט די אַלע היימישע און נאָענטע, וואָס די טויטשרעק האָט זיי פריער צעזייט און צעשפּרייט איבער די קעלערס און בוידעמער...

די באַגעגעניש איז נישט געווען קיין פריילעכע. מען האָט זיך נישט געקענט פרייען, דאָס האַרץ איז געווען פאַרביטערט און צעבראָכן און מען איז אויך נישט געווען זיכער מיטן מאָרגן — אַפילו מיטן היינט. די פּאָגראָם-שלאַנג האָט זיך ווידעראַמאָל געקענט אַריינשאַרן אין שטאָט.

און אַזוי איז טאַקע געווען.

נאָך אין דעם אייגענעם טאָג זענען אָנגעקומען פון זדאָלבונאָוו עטלעכע מיליטערלייט-פּאָגראָמשטשיקעס. זיי האָבן אַגיטירט קאַוועגקאָס קאָזאַקן, אַז זיי זאָלן נישט קוקן אויף קאַוועגקאָן און זאָלן באַנייען דעם פּאָגראָם אין ראָוונע

דאָס איז געווען אַ לייכטע אַגיטאַציע און זי האָט געהאַט

ערפאָלג. וויפל דאַרף, אייגנטלעך, האָבן אַ קאָזאַק, אַז מען זאָל אים אונטערוואַרעמען צו אַ פּאָגראָם?

עס איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז די קאָזאַקן זענען אַפילו מרוצה געוואָרן צו דערהרגענען דעם גענעראַל קאַווענקאָ. און טאַקע, צו וואָס דאַרף ער לעבן, ווען ער שטערט זיי? יעדער איינער, וואָס קען נאָר שטערן, דאַרף כהרף-עין אָפּגעמעקט ווערן פון דער ערד. און בכלל, וואָס האָט איצט פאַר אַ ווערט דאָס לעבן פון אַ מענטשן, וואָס איז נישט קיין באַנדיט?

דער גענעראַל האָט זיך באַצייטנס דערוואוסט, אַז די אָנגעהצעצטע קאָזאַקן ווילן אים משלח זיין אויפן עולם האמת, און ער האָט געמאַכט פּליטה. ער האָט, קענטיק, געוואוסט, אַז אויף אָנגעהעצעטע קאָזאַקן קען מען נישט ווירקן און ער האָט אַפילו נישט געטרויט זיינע פּאַטרולן, וועלכע ער האָט אויסגעשטעלט אין שטאָט.

ער איז אַנטלאָפן, און די קאָזאַקן האָבן אים נאָכגעיאָגט. זיי זענען שוין אַריינגעפאַלן אין רציחה און האָבן איין מאָל פאַר אַלעמאָל געוואָלט פאַרענדיקן מיט אים. ווי מיר זענען שפּעטער געוואָר געוואָרן, האָט דערדאָזיקער מענטש, וועלכער האָט אַזוי אויפריכטיק געבענקט נאָך אָרדענונג און דיסציפּלין, בשלום זיך אויסגעדרייט פון די זעלנעריש-באַנדיטישע הענט.

עס האָט זיך אָנגעהייבן צוריק די פּאַניק מיט דער מהומה.

די הערצער האָבן גענומען קלאַפּן, די אויגן האָבן געוומען זוכן קעלערס און בוידעמער...

וואו נישט וואו האָט מען שוין געשריען פון אימה.

דערזען, אַז עס האַלט ביי אַ נייער שחיטה, וואָס קען זיך נאָך ענדיקן אַ סך טרויעריקער, ווי די פאַרגאַנגענע נאַכט, האָבן דער בירגערמייסטער און זיינע געהילפן געכאַפּט אַן

אויטאָמאָביל און זענען אַנטלאָפן קיין האָשטש, אַ שטעטל נישט ווייט פון ראָוונע. דאָרט זענען געשטאַנען די באָלשעוויקעס.

זיי זענען אַריינגעפאַלן צו די באָלשעוויקעס מיט אַ פאַרצווייפלטן געשריי:

„ראַטעוועט ראָוונע! ראַטעוועט איר באַפעלקערונג! מען וועט חרוב מאַכן די שטאָט און אויסקוילענען די מענטשן!"

דאָסמאָל האָבן זיך די באָלשעוויקעס געריררט פון אָרט. זיי האָבן זיך מיט גרויס אימפּעט אַ לאָז געטאָן קיין ראָוונע און האָבן לייכט פאַרנומען די שטאָט.

די קאָזאַקן זענען אָפּגעטראָטן. מען האָט ווידער אָפּגעצויגן דעם אָטעם און מען האָט זיך געטרייסט מיט אַ ביסעלע מנוחה. איך האָב פאַרגעסן, אַז די באָלשעוויקעס זענען מיינע פיינט און האָב מיר אויך געריבן די הענט פון הנאה: אפשר וועט מען פאָרט קענען איבערנעכטיקן רואיק די נאַכט ביי זיך אויפן געלעגער.

אָבער אויך דאָס איז נישט באַשערט געווען. די באָלשעוויקעס זענען אַריין פאַרנאַכט אין שטאָט און צען אַ זייגער אינאָוונט זענען זיי אַרויס פון שטאָט. די באַפעלקערונג איז ווידער איבערגעלאָזט געוואָרן אויף הפקר. די אימה האָט פונדאָסניי אַלעמען אַרומגעכאַפּט. מען האָט זיך ווידעראַמאָל איבערגעפּעקלט אין די קעלערס און אויף די בוידעמער.

איך בין צוריק אַוועק צו מיין פאַס און האָב דאָרט איבערגענעכטיקט די נאַכט...

קיין אַנדער ברירה איז נישט געווען. אַזוי האָט געטאָן די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג אין ראָוונע, מיינענדיק, אַז אַזוי־אַרום וועט מען זיך אויסהיטן פון די באַנדיטן. די לעצטע האָבן איצט גענדארפט גיין נישט פון הויז צו הויז, נאָר פון קעלער צו קעלער און פון בוידעם צו בוידעם.

צומאָרגנס, פרייטיק, האָבן מיר דערהערט אַ מוראדיקע שיסעריי פון האַרמאַטן, וואָס האָט אונז מיטאַמאָל דערמאָנט אין די פראָנטן פון דער וועלט-מלחמה. דאָס האָבן זיך „דורכ-געשאָסן" די באָלשעוויקעס מיט די באַנדיטן-פעטלוראָוועצעס. די ערשטע האָבן פאַרנומען דעם דובנער שאָסיי, נישט ווייט פון אונזער זאַוואָד און די לעצטע זענען געשטאַנען ביים וואָקזאַל.

די האַרמאַטן-קוילן זענען געפלויגן איבער די דעכער און האָבן זיך אויפגעריסן מיט אַ געוואַלדיקן רעש. אויב עמעץ איז אַרויסגעקראָכן פון קעלער, האָט ער תיכף-ומיד געמוזט אַריינקריכן צוריק אַהין. געטאָן האָט ער עס אָבער נישט פון פּאָגראָם-פּחד, נאָר פון מלחמה-פּחד.

פאַראַן פאַרשיידענע מינים פּחדים אויף דער וועלט. דער ערגסטער פּחד איז אָבער דער פּאָגראָם-פּחד. ער צעברעכט אינגאַנצן דעם מענטשן. דער מענטש פאַרלירט זיין זעלבסט-ווירדע, זיין שטאָלץ. ער ווערט ענלעך צו אַ צרהדיקן האָז, וואָס ווערט געיאָגט פון הינט. הויט און ביין ציטערן אויף אים. דאָס פּנים ווערט אים איבערגעדרייט, די אויגן אַרויסגע-שפּאַרט, און ווען מען וואָלט אים געקענט אָנקוקן פון דער זייט מיט אַ רואיקן ניכטערן בליק, וואָלט ער אפשר אַרויסגע-רופן מער עקל, ווי רחמנות...

אין מלחמה-פּחד אָבער האָבן אויך די קעלערס גאָר אַנ-דערש אויסגעזען. מען האָט זיך אַזוי נישט פאַרגראָבן אין די לעכער און מען האָט זיך אויך נישט אָפּגעשיידט פון איינאַנ-דער. פאַרקערט איין פּחד-מענטש האָט זיך פאַרבונדן מיטן צווייטן פּחד-מענטש און מען האָט אַפילו געשמועסט צווישן זיך...

צו אונז אין די גרויסע קעלערס האָבן זיך אַפילו פאַר-קליבן גאַנצע משפּחות פון די אַרומיקע הייזער. עס האָט אויס-

געזען, ווי אַ מין אונטערערדישע וואוינונג... און אַז יידן זיצן צוזאַמען, האָט מען זיך אויך אַ ביסל צוגעוויצלט, ווי דער שטייגער איז, און דער אומעט האָט אַזוי נישט געגריזשעט דאָס לייב... אַלץ אין דער וועלט קען מען איבערטראָגן, נאָר נישט קיין פּאָגראָמען!

די האַרמאַטן האָבן כּסדר געדונערט, די קוילן זענען געפלויגן, ווי די בייזע רוחות איבער די דעכער און האָבן נאָכדעם, אַראָפּפאַלנדיק, אויסגעריסן שטיקער ערד. אויף דעם אָרט, וואו זיי זענען געפאַלן, איז געוואָרן אַ טיפער גרוב.

קיינער האָט, נאַטירלעך, נישט געמאַכט קיין שבת. איבעריקנס, האָט אויך קיינער נישט געוואָלט עסן. די אונטערערדישע באַפעלקערונג האָט לגמרי פאַרלאָרן דעם אַפּעטיט.

„זיצן אין אַ קעלער איז אַ גוטע סגולה צו דיקייט", האָט זיך עמעץ געוויצלט. „מען פאַרלירט באַלד אין דער וואָג און מען ווערט אָפּגעצערט".

„דיקע דאַמען, אַ שטייגער, דאַרפן גאָרנישט פאָרן אין די בעדער, נאָר זיצן אין די קעלערס", האָט זיך אַן אַנדערער געוויצלט.

אַ דריטער האָט צוגעגעבן:

„זיצן אין קעלער איז אָבער ווייניק. מען מוז אויך הערן, ווי מען שיסט מיט האַרמאַטן אינדרויסן..."

„ס'איז רעכט אויך מיט ביקסן".

„אפילו מיט רעוואָלווערן".

„יאָ, אָבער ביי דער שיסעריי פון האַרמאַטן", האָט דער ערשטער געזאָגט, „איז די אָפּצערונג אַ שטאַרקערע און אַ שנעלערע..."

מיין פרומע מוטיקע פרוי האָט אָבער נישט געקענט פועלן ביי זיך — נישט צו מאַכן שבת. זי האָט מיטגענומען

מיט זיך די קעכין און איז אַרויף אין שטוב. מען האָט גע־מאַכט פייער אין קיך און מען האָט געגרייט צום שבת.

פאַרנאַכט בין איך אויך אַרויסגעקראָכן פון קעלער. עס האָבן געדונערט די האַרמאַטן. די לופט האָט אַרום מיר געציטערט. איך האָב מיך אַריינגעכאַפּט אין שטוב, וואו איך האָב געפונען אַ שבתדיקע אָרדענונג.

מיין פרוי האָט געבענטשט ליכט. איך האָב געזאָגט לכו נרננה און געדאַוונט מעריב. נאָכדעם האָבן מיר זיך אַוועקגע־זעצט ביים טיש...

מען האָט געקענט מיינען, אַז ס'איז אַ געוויינלעכער רואיקער שבת מיט אַ רואיקן דרויסן.

פון צייט צו צייט האָבן מיר זיך צוגעהערט צו דעם דונערן פון די האַרמאַטן, צו דעם פייפן און רוישן פון די קוילן, און דערמאָלט איז, וואָס אַן אמת, דער לעפל נישט אַזוי זיכער געגאַנגען אין מויל. די האַנט האָט געכאַפּט אַ ציטער...

מיר האָבן געשיקט רופן די אונטערערדישע שכנים, אַז זיי זאָלן זיך מטריח זיין און אַרויפגיין צו אונז צו דער שבת־דיקער וועטשערע. זיי האָבן אָבער געענטפערט, אַז דער הונ־גער פייניקט זיי נישט און אַז ס'איז גלייכער צו זיצן אונטער דער ערד, ווי אויף דער ערד. זיי האָבן מורא געהאַט צו פאַר־לאָזן דעם קעלער.

עס זענען שוין אויך געווען הייזער־קרבנות. איין האַר־מאַטן־קויל איז אַריינגעפאַלן אינם הויז פון מיין פלימעניק און האָט אים צעבראָכן אַ גאַנצע געמויערטע וואַנט. אַ צווייטע קויל האָט אויפגעריסן אַ דאַך. אַ דריטע קויל איז אַריינגעפאַלן אין קוימען פון מיינעם אַ הויז און האָט זיך, צום גליק, נישט אויפגעריסן. נאָך אַנדערע הייזער זענען באַשעדיקט געוואָרן פון דער שיסעריי.

די באָלשעוויקעס האָבן אַרויסגעשיקט אַ קליינע אָפּטיילונג אין רוקן פון די פּעטלוראָוועס. די אָפּטיילונג האָט צעגומען די רעלסן פון דער אייזנבאַן און האָט אַזויאַרום אָפּגעשניטן דעם וועג פאַר די פּאָגראָמשטשיקעס און זייער פּאַנצערצוג. די פּאָגראָמשטשיקעס האָבן באַלד פאַרלאָרן דעם קוראַזש. איבערלאָזנדיק דעם פּאַנצערצוג פאַר דער רויטער אַרמעע, האָבן זיי הענדום-פּענדום געמאַכט פליטה.

מיר זענען אָבער געווען שוואַך אינפאָרמירט וועגן דעם גאַנג פון דעם קאַמף צווישן די באָלשעוויקעס און די פּאָגראָמשטשיקעס און דעריבער זענען מיר, נאָך דער שבתדיקער וועטשערע, אַראָפּ צוריק אין קעלער.

מיר האָבן זיך געשראָקן פאַר דער נאַכט. בייטאָג קען מען זיך נאָך ווי עס איז אָריענטירן, אָבער ביינאַכט איז מען גאָר אַן אומבאַהאָלפּענער מענטש. די פינסטערניש פאַרשטעלט דיר אַלע וועגן.

איבערגעצכטיקט די נאַכט אין קעלער, האָבן מיר זיך צומאָרגנס, שבת אינדערפרי, דערוואוסט, אַז די פּאָגראָמשטשיקעס-פּעטלוראָוועס זענען אַנטלאָפן און אַז די באָלשעוויקעס זענען שוין אַריין אין שטאָט אויף אַן אמת.

ווידער זענען אָפּגעליידיקט געוואָרן די קעלערס. דער עולם האָט זיך אַרויסגעשאָטן אינדרויסן. עס איז געווען אַ שיינער טאָג. די זון האָט געשיינט. די לעבעדיקע האָבן זיך, ווי פאַרשמאַכטע, אַ ריס געטאָן צום לעבן, הגם מען האָט די טויטע, די הרוגים אויך נישט פאַרגעסן...

עס איז געווען פרייד און געוויין צוזאַמען.

גאָט מיינער, מען באַשולדיקט יידן אין באָלשעוויזם, ווער אויף זייער אָרט, אויף זייער בלוטיקן אָרט, וואָלט זיך נישט געפרייט מיט די באָלשעוויקעס, וועלכע האָבן אַראָפּגענומען

פון דעם אומבאַשיצטן יידישן האַלז דעם שאַרפן חלף פון די פּאָג־ראָמשטשיקעס. אויך איך, וואָס האָב געדאַרפט זיין „דער ערש־טער קרבן פון די באָלשעוויקעס", האָב מיך געפרייט מיט זיי. און ווי קען עס דען אַנדערש זיין? דאָס איז געווען אַזוי מענטשלעך, אַזוי נאַטירלעך. די האַנט, וואָס באַפרייט דיך פון אַ געפערלעכן באַנדיט, ווילט זיך שטענדיק פון גאַנצן האַרצן דריקן, מעג די דאָזיקע האַנט זיין אפילו אַ באָלשעוויסטישע...

איך האָב געהערט, ווי אַלטע יידן, וועלכע האָבן אַזוי געוואוסט פון באָלשעוויזם, ווי מיר ווייסן, אַ שטייגער, וואָס עס טוט זיך אויפן מאַרס, האָבן געבענטשט די באָלשעוויקעס מיט טרערן אין די אויגן:

„געזונט זאָלן זיי זיין, זיי האָבן אונז געראַטעוועט דאָס לעבן. זאָל זיי דער אויבערשטער באַצאָלן דערפאַר כופל כופלים..."

און איך האָב געהערט, ווי עלטערע מיושבדיקע יידן, קרעמער, סוחרים, פאַבריקאַנטן, וועלכע האָבן געוואוסט, אַז דער באָלשעוויסטישער רעזשים איז פאַר זיי פשוט אַ סם, האָבן גערעדט מיט באַגייסטערונג:

„וואָס עס זאָל נישט זיין און ווי עס זאָל נישט זיין, אבי פטור געוואָרן פון די באַנדיטן! ביי די באָלשעוויקעס קען איך שטאַרבן פון הונגער, איך קען זיצן אין תפיסה, מען קען מיך אַפילו דערשיסן, אָבער דאָס אַלץ איז טויזנטער מאָל בעסער, איידער איין טאָג לעבן אין פּאָגראָם־שרעק און הערן אין די קעלערס די געשרייען פון די געפייניקטע און די נישט דערקוילעטע..."

עס איז שווער צו שילדערן פאַר אַ פראַנצויז, צי פאַר אַ דייטש, צי פאַר אַן ענגלענדער די גרויל פון אַ פּאָגראָם. זיי וועלן עס נישט פאַרשטיין. זיי קענען פאַרשטיין דעם אָנ

פאַל אויף אַ יחיד, אויף אַן איינצלנעם מענטשן. דאָס טרעפט דאָך אויך אין איירראָפּע. זיי קענען אָבער נישט באַנעמען דעם איבערפאַל אויף אַ גאַנצער שטאָט און דער עיקר אויף איין טייל פון דער באַפעלקערונג, וואָס געהערט צו איין אומה... זיי קענען פּראָטעסטירן קעגן דעם, זיי קענען אַרויס מיט שאַרפע ווערטער, אָבער דאָס וועלן אַלץ זיין גיכער פּראָטעסטן און ווערטער פון קאָפּ, איידער פון האַרץ.

כדי צו פאַרשטיין דעם גאַנצן גרויל פון אַ פּאָגראָם, מוז מען אים אַליין איבערלעבן. די נערוון מוזן אָנגעפילט ווערן מיטן פּחד פון רציחות, די אויגן מיט די בילדער פון פאַרגוואַלדיקונגען...

די ראָוונער יידן האָבן זיך אַרויסגעשאָטן פון די שוואַרצע פייכטע קעלערס אויף די זוניקע גאַסן, בעת עס זענען אַריין די באָלשעוויקעס און עס איז געווען פרייד און געוויין צוזאַמען. מען האָט זיך געפרייט פאַר די לעבעדיקע און געוויינט אויף די טויטע...



# קאַפּיטל XIX

ווידעראַמאָל דאָס יידל פון דיוויזיע־שעף. — מען פאַרנעמט מיין זאַוואָד. -- וואָס זע איך, ווען איך קריך אַרויס פון קעלער. — אַ שמועס צווישן מיין הייזונמייסטער און אַ באָלשעוויסטישן ריי־טער. — דיינס איז מיינס. — די אידעאַלע ברידערלעך. — די וועלט איז אַ גן־עדן מיט אַ פּאָר פעלערלעך, וועלכע מען מוז באַזייטיקן.—די שמחה פאַרענדיקט זיך מיט צוויי פּאָר נייע שטיוול, פאַר וועלכע מען באַקומט אַלטע און צעריסענע. — ס'איז זייער אָנגענעם צו זיין אַ צושויער פונם דיינס־מיינס־שפּיל. — דער מענטש און זיין אייגנטום. — פאַר גבירים און פאַבריקאַנטן דער עולם־האמת. — אַ צו פריע נסיעה פאַר מיר.

באַלד ווי די באָלשעוויקעס זענען אַריין אין ראָוונע, האָבן זיי גענומען גוט אַרומזוכן די רעשטלעך פּאָגראָמשטשי־קעס, וועלכע האָבן נישט באַוויזן צו אַנטלויפן און האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין שטאָט. אינגיכן האָט מען פאַרהאַלטן עטלעכע באַנדיטן און צווישן זיי אויך דאָס יידל, וואָס איז געווען אַ דענשטשיק ביי דעם דיוויזיע־שעף, וועלכער האָט געוואוינט ביי אונז אין הויז. דאָס יידל האָט געטראָגן אַן אוקראַיניש־קאָזאַקישן מונדיר, און אין שטאָט האָט מען געשמועסט, אַז ער האָט זייער ענערגיש צוגעהאָלפן די פּאָגראָמשטשיקעס אין זייער אַרבעט..

דאָס יידל מיט די באַנדיטן האָט מען אָפּגעשיקט קיין זשיטאָמיר, וואו זיי זענען איבערגעגעבן געוואָרן צו דעם רעוואָלוציאָנערן טריבונאַל. מען האָט זיי אוודאי דערשאָסן

די באָלשעוויקעס האָבן, נאַטירלעך, נישט פאַרגעסן אין מיין זאַוואָד. אַן אָפּטיילונג קאַוואַלעריע איז אַרויפגעפאָרן אויפן הויף און האָט פאַרנומען דעם זאַוואָד. אין מיין דירה האָט זיך תיכּף באַזעצט אַ באָלשעוויסטישער שטאַב מיטן שטאַב-שעף און זיין אַדיוטאַנט. מען האָט, פאַרשטייט זיך, באַלד געמאַכט אַ פּיינעם תכלית פון דער דירה. אין אַ וואָסערע פּופּצן מינוט צייט איז זי כמעט אינגאַנצן דעמאָלירט געוואָרן.

„איש, בורזשוי!“ האָט מען געטייטלט פאַראַכטלעך מיט די פינגער אויפן מעבל, אויף די בילדער.

מען האָט געהאַקט דאָס מעבל, געעפנט די שאַנקען, גע-זוכט געלט, צירונג.

איך בין אַרויס פון פּאַס און פון קעלער אַקוראַט אין דעם מאָמענט, ווען דער הויף איז געווען פול מיט קאַוואַלעריסטן און איינער אַ יונגער רייטער האָט געזונגען הויך אויפן קויל די מאַרסעליעזע...

אונזער הייזונמייסטער, אַ הויכער קריסט פון עסטאָניע, איז צוגעגאַנגען צו דעמדאָזיקן רייטער און בתמימות געפרעגט:

„טאָוואַרישטש, קאַקאָוואַ וואַשאַ פּראָגראַמאַ?“

ענטפערט יענער אין איין אויגנבליק:

„פּראָגראַמאַ נאַשאַ דאָוואָלנאָ יאַסנאַיאַ: ווסיאָ דליאַ פּראָלעטאַריעוו, אַ פאָמעשטשיקאָוו אי פאַבריקאַנטאָוו מי פּראָסטאָ ראַזסטרעליאַיעם...“ *).

*) אונזער פּראָגראַם איז אַ גאַנץ דייטלעכע: צלץ פאַר די פּראָלעטאַר-יער, אָבער גוטסבאַזיצער און פאַבריקאַנטן דערשיסן מיר.

פרעגט אים ווייטער דער הייוונמייסטער:

„אַ יעסלי, נאַפּרימער, פאַבריקאַנט טשעסטני טשעלאָ־וויעק?״ *).

זאָגט דער רייטער מיט אַ שמייכעלע:

„טאָ יעמו בודיעט כאָראָשאָ נאַ טאָם סוויעטע... מי פאַב־ריקאַנטאָוו ספּעציאַלנאָ פּאָסיליאַיעם טודאַ, אַ טאַם אוזשע ראַזבערוט...״ **).

דערהערט דידאָזיקע ווערטער, האָב איך געמאַכט פּליטה צו מיין זון, וואָס האָט געוואוינט אויף אַן אַנדער גאַס. איך בין געווען פאַרצווייפלט. איך האָב געהאַלטן, אַז מען קען שוין שטעלן אַ ליכט אויף מיין זאַוואָד און אויף מיין הויז. די באָלשעוויקעס זענען גרויסע בריות אין אַזעלכע ענינים. וויבאַלד אַז דיינס איז מיינס און דערביי ווייזט מען דיר נאָך אַן אָנ־געלאָדענע ביקס, איז דאָך אַוודאי נישטאָ מער וואָס צו רעדן.

דאָסדאָזיקע „דיינס איז מיינס״ האָב איך אַפילו געזען, ווי עס איז דורכגעפירט געוואָרן אין דער ערשטער שעה ביי מיר אויפן הויף און דווקא נישט ביי בורזשויעס, נאָר ביי צוויי יונגע איבערגעגעבענע קאָמוניסטן. דאָס זענען געווען צוויי ווייטע קרובים מיינע, צוויי יונגע בחורימלעך, ברידער, אידע־לע גוטע קינדער, וואָס האָבן געקוקט אויף דער וועלט ווי אויף אַ גן־עדן, וועלכער האָט נאָר אַ ביסל חסרונות, אָבער מען קען זיי באַזייטיקן...

דידאָזיקע גוטע ליבע בחורימלעך זענען אַרויף צו מיר אויפן הויף צוזאַמען מיט די קאַוואַלעריסטן. זיי האָבן, קענטיק,

*) אין ווי איז, אַ שטייגער, ווען דער פאַבריקאַנט איז אַן ערלעכער מענטש?

**) וועט אים כאַקע זיין גוט אויף יענער וועלט. מיר שיקן די פאַברי־קאַנטן אומישנע אַהין, און דאָרט וועט מען שוין איינזען, ווער זיי זענען.

געוואָלט צוזען מיט די אייגענע אויגן, ווי אַזוי מען נעמט צו ביי אַ בורזשוי אַזאַ זאַוואָד מיט אַזאַ הויכן קוימען...

די אויגן, די בעקלעך האָבן זיי געפלאַמט פון התלהבות. אין פלוג האָבן זיי קיינעם קיין שום שלעכטס נישט געוואָלט טאָן. זיי האָבן בכלל נישט געוואוסט פון שלעכטס. זיי האָבן געהאַט אַזעלכע שטילע איידעלע הענט, אַז זיי האָבן אַפילו נישט געקענט אָנרירן אַ פליג אויף דער וואַנט...

זיי האָבן נאָר געוואָלט איין קלייניקייט: אויסגלייכן אָרעם און רייך, דאָס הייסט באַזייטיקן אויסוואָרצלען דאָס ביסל חסרונות פון גן-עדן...

זיי האָבן טריומפירט, די בחורימלעך. דערמיט, וואָס מיין זאַוואָד ווערט צוגענומען, ווערט שוין אויף זייערע אויגן אויסגעגלייכט און אויסגעבעסערט אַ שטיק פאַרדאָרבן לעבן...

זיי האָבן זיך געפרייט, די ברידערלעך, און האָבן גע-קוקט אויף די קאַוואַלעריסטן, ווי אויף מלאכים, וואָס האָבן זיך אומישנע אַראָפּגעלאָזט פון דעם כמורנעם הימל, כדי מציל צו זיין די אויסגעמוטשעטע און אויסגעפייניקטע מענטשהייט...

די ברידערלעך האָבן אָבער, צום אומגליק, געטראָגן נייע שטיוול, איז באַלד אויסגעוואַקסן לעבן זיי אַ באָלשעוויס-טישער זעלנער און ער האָט זיך אָנגערופן צו זיי האַלב היי-מיש און האַלב באַפעלעריש:

„טאָוואַר י ט זי, סאַדיטעס!“

די ברידערלעך האָבן זיך אַוועקגעזעצט. דער זעלנער האָט זיך אָנגעבויגט צו זיי און האָט זיי אַראָפּגעצויגן די שטיוול. אַזוי ווי מען קען דאָך אָבער באָרוועס נישט גיין, האָבן די ברידערלעך באַקומען אָנשטאָט זייערע נייע שטיוול, אַ פּאָר אַלטע אויסגעקרימטע, פאַרלאַטעטע זעלנערישע שיך...

איך ווייס נישט צי דידאָזיקע „וועלט-אויסבעסערונג" און אויסגלייכונג האָט שוין איצט אַזוי געשמעקט דעם עלטערן ברודער. דידאָזיקע אויסגעקרימטע זעלנערישע שיך האָבן אים צוגעגעבן אַ קאָמישן אויסזען. ער האָט אָבער געפּראָוווט גוט-מוטיק שמייכלען און מאַכן צו גאָרנישט דעמדאָזיקן אויסטער-לישן טויש. ס'איז סוף-כּל-סוף אַ פאַרשטענדלעכע זאַך: דער זעלנער מוז דאָך האָבן גוטע שיך, און דער ציווילער מענטש איז אים מחויב צו באַזאָרגן מיט אַלץ, וואָס איז נאָר מעגלעך. די אַלטע צעריסענע שיך דאַרף טראָגן די פרידלעכע באַפעל-קערונג און די נייע און גאַנצע — דער זעלנער, וואָס אויף זיינע פּלייצעס פאַלט דער גאַנצער יאָך פון דער באָלשעוויס-טישער מלחמה.

אומגעפער אַזויפיל לאָזט זיך זאָגן וועגן דעם עלטערן ברודער.

וואָס אָנבאַלאַנגט אָבער דעם ייִנגערן ברודער, האָט ער זיך גאַנץ דייטלעך פאַרקרימט. דידאָזיקע „וועלט-אויסבעסערונג", וואָס האָט אים דירעקט אָנגערירט, האָט זיך זייער שווער גע-לייגט אויף זיין געמיט. אין די אויסגעקרימטע צעריסענע שיך האָט ער נישט געקענט גיין, זיי זענען אים אַזוי ווי אַראָפּ-געפאַלן פון די פיס, און עס איז געווען קענטיק, אַז ער האָט, נעבעך, שטאַרק געבענקט נאָך זיינע נייע שטיוול, וועלכע ער האָט געמוזט בגוואַלד אָפּגעבן אַלס קרבן פאַר דער ישועה פון דער מענטשהייט...

משמעות, אַז ס'איז זייער אָנגענעם צו זיין אַ צושויער פונעם דיינס-מיינס-שפּיל, אָבער ווען דאָסדאָזיקע שפּיל וואַרפט זיך איבער פון דיינס — מיינס אויף מיינס—דיינס, ווערט באַלד אַנטרונען דער תענוג און מען פאַרקרימט זייער ביטער מיט דער נאָז...

דאָס פּריוואַט-אייגנטום איז אַ ענין, וואָס איז צופיל איינגעוואָרצלט אין דעם מענטשנס נשמה. די שפּירונג פון פּריוואַט-אייגנטום גייט מיט דעם מענטשן טויזנטער יאָרן און ער קען זיך נישט שיידן מיט איר. דידאָזיקע שיידונג, אויב זי קומט ערגעץ פאָר, איז בלי שום ספק – אַ טיפע נשמה-אָפּעראַציע.

די באָלשעוויקעס האָבן געבאַלעבאַטעוועט ביי מיר אין הויף, אין זאַוואָד, אין הויז. מיטאַמאָל איז אַלץ, וואָס איז ביזאַהער געווען פעסט מיינס, געוואָרן זייערס. דאָס האָט מיך זייער פאַרביטערט.

איך האָב מיך אָבער נישט געקענט אויסטענהן מיט זיי. אגב, האָבן זיי גאָרנישט געוואָלט אַריינגיין אין קיין שום וויכּוחים מיט מיר. דער יונגער באָלשעוויסטישער קאָוואַלע-ריסט האָט געזאָגט, אַז די באָלשעוויקעס באַגייען זיך זייער גוט מיט די גבירים און פאַבריקאַנטן דערמיט, וואָס זיי ווערן כּלאחר-יד אַרויסגעשיקט אויף יענער וועלט, וואו זיי ווערן זייער ערלעך געמשפּט. ווי באַוואוסט, איז דאָך ביים רבונו-של-עולם קיין נישט גערעכטער משפּט נישט פאַראַן. זיי האָבן מיך אויך געוואָלט אַריבערפּעקלען אַהין. איך האָב אָבער גע-האַלטן, אַז דידאָזיקע נסיעה איז נאָך לעת-עתּה צו פרי פאַר מיר. איך קען נאָך וואַרטן. איך האָב געדולט. איך אייל מיך נישט. און דערווייילע – ביז וואַנען, וואָס, דאַרף מען מאַכן פּליטה פון די באָלשעוויסטישע אויגן. אַך, דידאָזיקע אויגן האָבן מיך געפּרעסן שטיקערווייז...



# קאַפּיטל XX

א גוטער און נאַיווער מענטש. — נישט אַלע לעבן גוט אַ,
ווייל. — סוחרים טראַכטן פון וועקסלען, קבצנים פון א מי-
טאָג. — אפילו דעם גרויסן עושר איז טײלמאָל אויך נישט אזוי
פריגלדיק. — עס הייבט זיך אָן א נײַ לעבן. — מען טאָר נישט
געבן קיין לאַפּוּאַוקע. — די מלוכה דאַרף זאָרגן פאַר דער
באַפעלקערונג. — די באָלשעוויקעס און די נביאים. — די
ערשטע פאָדערונג פון די צעיושעטע באָלשעוויסטישע זעלנער. —
דער גוטער פאַבריקאַנט כאַפּט קלעפּ, אָבער שלינגט זיי רואיק
אַראָפּ. — די צווייטע פאָדערונג. — ווי־דעראַמאָל קלעפּ, פון
וועלכע מען פאַלט אַריין אין יאוש. — פאַרלאָרן דעם בטחון. —
פון אַ באָלשעוויק ביז משיחן איז נאָך זייער ווייט.

עס פאַלט מיר גאָרנישט איין צו זאָגן, אז די בולטסטע אייגנשאַפט פון סוחרים און פאַבריקאַנטן איז גוטסקייט. ניין, פון דעם זענען זיי בטבע א ביסל ווייטלעך. אמאָל אָבער טרעפט צווישן זיי אויך אַ גוטער (און במילא אויך: א נאַיווער) מענטש. אזא גוטער און נאַיווער מענטש איז געווען אונזער זייפפאַבריקאַנט מ. ס.

„באַ“, פלעגט ער זאָגן, „מיינט נישט, אז די באָלשעוויקעס זענען אזעלכע משוגעים. ניין, זיי זענען נישט קיין משוגעים און נישט קיין גזלנים. זיי ווילן דאָס, וואָס אונזערע

נביאים האָבן געוואָלט: מאַכן דאָס לעבן פאַר אַלע גלייך. עס זאָל נישט זיין קיין רייך און קיין אָרעם, קיין זאַטע און קיין הונגעריקע, קיין גליקלעכע און קיין אומגליקלעכע... אָט איך בין דאָך, דהיינו, אַ פאַבריקאַנט און פונדעסטוועגן פאַרשטיי איך זייער שיטה. איז עס דען טאַקע, מיינט איר, אַזוי גוט און וואויל, אַז אויף דער וועלט זאָלן זיך געפינען אַזויפיל קבצנים, דלפנים, אביונים, בעטלער, שנאָרער, נע-ונדניקעס, אומגליקלעכע מענטשן, וואָס דער קאָפּ ווערט זיי טאָג-טעגלעך אויסגעדאַרט און אויסגעקוואַרט פון דאגות און יסורים, וואו מען נעמט אויף אַ מיטאָג, אויף אַ בגד, אויף אַ פּאָר שיך, אויף דירה-געלט פאַר דער קאַנורע, וואו מען ווערט דערשטיקט אין ווילגאָטש און שמוץ?"

אונזער ליבער מ. ס. האָט טיף אָפּגעאָטעמט און האָט ווייטער געזאָגט:

„און מיינט איר, ווידער, אַז דעם פאַבריקאַנט און אונטערנעמער איז אַזוי גוט און וואויל, האָט איר אויך דאָ אַ טעות. קוים האָט אַ מענטש דאגות און יסורים און מוז דרייען מיטן קאָפּ און טראַכטן פון וועקסלען און הלוואהלעך און אַ כאַפּ טאָן דאָ און אַ כאַפּ טאָן דאָרט, ביי דעם און ביי יענעם, און דעם צאָלן און יענעם אָפּלייגן און פון פרי ביז נאַכט זיך אַרומרייסן מיט קונדן, מיט סוחרים, אָדער אַפילו מיט קאָנקורענטן און זיך אָנעסן דאָס האַרץ מיט ליגנס און שקרים, אַזוי, אַז מען פאַרפלאָנטערט זיך אליין, ווי אין אַ נעץ — אויב איר מיינט טאַקע, זאָלט איר מיר געזונט זיין, אַז דאָס איז שוין דאָס ריכטיקע גוטע לעבן, מוז איך אייך זאָגן, אַז אַזאַ מין לעבן איז נישט ווערט קיין שמעק טאַבאַק... דעם אמת געזאָגט, איז קיינעם נישט גוט. דער ליידט און מאַטערט זיך אויף אַזאַ מין שטייגער און יענער — אויף אַן אַנדער שטייגער... אָבער

די הויט ברענט אויף אַלעמען. דער האָט אַ פולן קאָפּ מיט דאגות וועגן וועקסלען, וועלכע ער מוז צאָלן און יענעם איז פינסטער אין די אויגן, ווייל ער האָט נישט אויף אַ מיטאָג...״

„נו, און דער גרויסער עושר ליידט אויך?״ שלאָגט אים עמעץ איבער מיט אַ פראַגע.

„וועגן די גרויסע גבירים־רעדט מען נישט״, שמייכלט מ. ס. „זיי וועלן מיר אַרויסנעמען פון כלל. שוין זשע זענען אָבער דאָ מיליאָנען גרויסע גבירים? הייפעלעך זענען זיי פאַראַן. הייפעלעך דאָ, הייפעלעך דאָרט... מיט זיי קענען מיר אַפילו נישט פעט מאַכן די קאַשע פון דער וועלט...״

פלוצלונג האָט זיך מ. ס. אַ כאַפּ געטאָן, זיך אָנגענומען ביים האַרץ און געזאָגט:

„הערט, וואָס איך וועל אייך זאָגן, איך מיין, אַז דעם גרויסן עושר איז אויך נישט אַזוי גוט. די אַרומיקע אָרעמקייט מוז אים פאַרביטערן זיינע תענוגים. אַ מענטש איז דאָך נישט קיין חיה. דאָס איז איין זאַך. און, צווייטנס, איז די אָרעמ־קייט, דער דלות נישט אַלעמאָל רואיק און שטיל. אַמאָל גיט ער אַזאַ ברום, אַז ער רופט זיך אָפּ מיט גרויס פחד ביים עושר אין האַרצן... אויב דער גרויסער עושר האָט נישט קיין זאָרגן וועגן געלט און וועקסלען, האָט ער אָבער זייער אָפט פחד... פחד פאַרן אומרואיקן דלות...״

אַזוי האָט זיך מ. ס. עפּטער אויסגעטענהט מיט זיינע פריינט און באַקאַנטע.

ווען די וועלט־מלחמה האָט געהאַלטן ביים סוף און עס האָבן גענומען קלינגען די מאַוימדיקע טענער פון רעוואָלוציע, האָט מ. ס. איינגעפונען, אַז מיר דערנענטערן זיך צו משיחס צייטן.

איין גרויסער שונא זיינער, ניקאָלאַי II, איז אַראָפּגעפאַלן

פון בענקל. דער אַלטער רעזשים איז איינגעבראָכן געוואָרן. מ. ס. איז געווען אויפן זיבעטן הימל.

„געוואַלד, געוואַלד", פלעגט ער זאָגן, „מען זעט דאָך באַשיינפּערלעך גאָטס שטראָף... דער רבונו-של-עולם האָט זיך גוט אָפּגערעכנט מיט די רשעים, און איצט, וועט איר זען, וועט זיך אָנהייבן אַ ניי לעבן... דאָס, וואָס איז געווען פאַר דער מלחמה, וועט זיך שוין מער נישט אומקערן".

ער האָט געגלויבט אין דעמדאָזיקן נייעם לעבן און זיין בטחון האָט זיך מיט יעדן טאָג פאַרשטאַרקט. ער האָט געהאַלטן, אַז דאָס נייע לעבן האָט זיך שוין אייגנטלעך אָנגעהייבן.

איך האָב שוין פריער געשריבן, אַז איך און דער לייבער צוועטאַיעוו האָבן געזאַמלט געלט פאַרן אַרבעטער- און סאָלדאַטנראַט. ער האָט געדאַרפט האָבן אַ געוויסע סומע, כדי אַרויסצושיקן פון שטאָט די דעמאָראַליזירטע פראָנט-זעלנער, וועלכע האָבן ממש אָנגעוואָרפן אַ פּחד אויף ראָוונע. אַנגעלאָפענע פון פראָנט, ווי הפקר-יונגען, האָבן זיי אונז פאַרסמט דאָס לעבן. עס איז געווען געפערלעך מיט זיי. מען האָט זיי געמוזט אָפּשיקן אַהיים. דערויף אָבער האָט מען געדאַרפט האָבן אַ געוויסע סומע געלט. דער אַרבעטער- און סאָלדאַטנראַט האָט זי נישט געהאַט און מיר האָבן זי אים געמוזט שאַפן.

מיר האָבן זיך אַוועקגעלאָזט איבער דער שטאָט און האָבן גענומען ביי יעדן איינעם, וויפל עס האָט זיך נאָר געלאָזט

ווען מיר זענען אַריינגעקומען צו מ. ס. וועגן דעמדאָזיקן ענין, האָט ער אויסגעשטעלט אויף אונז אַ פּאָר פאַר־חידושטע אויגן.

„וואָס, לאַפּואווקע ווילט איר?" האָט ער זיך אָנגערופן אַן אויפגערעגטער.

„פאַרוואָס עפּעס לאַפּואווקע?" האָבן מיר געפרעגט. „ס'איז דאָך אַ פאַרשטענדלעכע זאַך: מען מוז אָפּשיקן די דעמאָראַליזירטע זעלנער אַהיים. זיי פאַרביטערן דאָך אונדז דאָס לעבן".

„טאָ זאָל דער ראַט זיי אָפּשיקן", האָט מ. ס. געענטפערט. „דאָס איז דאָך זיין זאַך".

„אָבער דער ראַט האָט דאָך נישט קיין געלט", האָבן מיר איינגעטענהט מיט אים.

מ. ס. האָט זיך שטאַרק צעקאָכט.

„גאָט אין הימל", האָט ער געזאָגט, „ניקאָלאַיקע איז דאָך שוין אַראָפּ, אָבער מען פירט זיך אַזוי, ווי פאַר זיינע צייטן... מען שטיצט שוין מיט געלט די מאַכט, ווי אַמאָל... מען קען זיך נישט אָפּגעוויינען פון דעם. אַ מיאוסע רגילות, וואָס ליגט אין די ביינער... ניין, אויב אין שטאָט דרייען זיך אַרום דעמאָראַליזירטע זעלנער און מען דאַרף זיי אָפּשיקן אַהיים, טאָ זאָל עס טאַקע טאָן די מאַכט מיט אירע מיטלען, און מיר טאָרן גאָרנישט ווייזן, אַז מיר קענען איר אַרויסהעלפן מיט געלט... אָפּגעהיטן זאָל מען ווערן! די מאַכט דאַרף זיך אַליין אַן עצה געבן און דאַרף אויף דעם הצכסטן גראַד באַשיצן די באַפעלקערונג. מיר צאָלן גענוג שטייערן און די מאַכט האָט גענוג מיטלען. געדענקט, מאַכט באַצייטנס נישט קאַליע די באַמטע, די מאַכט... אַנישט וועלן זיך צוריק אומקערן ניקאָלאַיס צייטן, ווען אַ ייד האָט געצאָלט פאַר אַלץ, אַפילו פאַר דעם ביסעלע לופט, וואָס מען האָט איינגעאָטעמט..."

און ער האָט טאַקע נישט געגעבן קיין געלט. עס האָבן נישט געהאָלפן אונזערע טענות. אַזוי האָט ער זיך געהאַלטן די גאַנצע צייט און האָט געקוקט אויף אַלץ, ווי אויף אַ התחלה

פון אַ נײַ לעבן. אמת, די התחלה איז זייער אַ שווערע און איז פֿאַרבונדן מיט סכּנות־נפשות. אָבער דאָס איז דאָך שוין אַן אַלטער כּלל: יעדע התחלה איז שווער און מען מוז גוט צוליידן. אַזוי איז שוין דער סדר פֿון דער וועלט. אָבער ווי־באַלד מען וועט נאָר איבערקומען די צרות, וועט זיך איינ־שטעלן אַ ליכטיק גליקלעך לעבן פֿאַר אַלע גלייך.

דער אַריינמאַרש פֿון די באָלשעוויקעס קיין ראָוונע איז פֿאַר אים געווען אויף דעם העכסטן גראַד פֿאַרשטענדלעך און געוואונטשן. ער איז אַרומגעגאַנגען מיט אַ פֿול האַרץ פֿון בטחון און איז געווען זיכער אין זייערע אידעאַלן און אידעאַלע אונטערנעמונגען.

„וואָס האָבן געוואָלט די נביאים און וואָס ווילן זיי?“ האָט ער מיט נצחון געזאָגט. „ס'איז כּמעט נישטאָ קיין חילוק צווישן זיי... מען איז אויסן די טובה פֿון דער מענטשהייט, און וואָס קען זיין שענער און בעסער פֿון אַזאַ מין געדאַנק?“

נאָר אָט האָבן זיך די באָלשעוויקעס אויך דערשלאָגן צו אים. באָלשעוויסטישע זעלנער האָבן אים אָפּגעשטאַט אַ וויזיט. זיי האָבן געבעטן, ער זאָל זיי געבן צוקער און אַ מיטאָג. אין זיין ריינער אמונה און נאַיוויקייט האָט ער בשום אופֿן נישט געקענט פֿאַרשטיין דידאָזיקע בקשה.

ער האָט זיי מעשׂה־קינד געפֿרעגט:

„וואָס הייסט צוקער און מיטאָג? און וואו איז אייער אינטענדאַנטור? וואו זענען אייערע אַרמעע־פֿאַרזאָרגער? באַ־קעסטיקט אייך נישט די מלוכה? צאָלן מיר דען נישט קיין שטייערן לטובת דער אַרמעע?“

עס פֿאַרשטייט זיך, אַז די זעלנער האָבן אים באַלד אויפֿן אָרט מקיים־פּסק געווען פֿאַר אַזעלכע רייד. מ. ס. איז אָבער נישט געפֿאַלן פֿון מוט. ער האָט באַשלאָסן ביי זיך, אַז

דידאָזיקע לייט אין די מיליטערישע מלבושים זענען מסתמא נישט געגוג באוואוסטזיניק און אז מען טאָר פון זיי נישט משפטן דעם גאנצן פלל באָלשעוויקעס און די באָלשעוויסטישע אַרמעע.

„נו, מילא", האָט ער געזאָגט, „אז איך האָב צופעליק אָנגעטראָפן אויף עטלעכע זעלנער־כוליגאנעס, איז דעריבער דאַרף איך זאָגן, אז די גאַנצע אַרמעע באַשטייט פון כוליגאַ־נעס? אזוי קען זאָגן נאָר אן עגאָיסט און אַ באגרענעצטער מענטש, וואָס זעט נישט ווייטער פון זיין נאָז. מען טאָר נישט באשולדיקן אן עדה מענטשן צוליב עטלעכע אויסוואורפן..."

אינגיכן האָבן זיך צו אים ווידעראמאָל אריינגעכאַפּט עטלעכע זעלנער און האָבן גענומען, ווי מרגלים, אויסקוקן די שטוב. דערזען א פיאנינאָ, האָבן זיי געבעטן זיין טעכ־טערל, אז זי זאָל זיי עפּעס אויפשפּילן

האָט דאָס טעכטערל נישט געוואָלט שפּילן, און מ. ס. איז ארויסגעפאָרן, ווי זיין שטייגער איז, מיט א גאַנצער לעקציע.

„אזוי פירט מען זיך נישט", האָט ער געזאָגט. „איר פאָדערט אַזעלכע זאַכן, וואָס קיינער איז זיי אייך נישט מחויב צו טאָן. איר האָט אייער פונקציע, מיר האָבן אונזער פונק־ציע... וואָלט מיין טאָכטער געוואָלט שפּילן, איז מהיכא־תיתי, אַרט עס מיר נישט. ווען זי וויל אָבער נישט שפּילן, טאָרט איר זי נישט צווינגען דערצו. איר געהערט דאָך צו דער ארמעע, וואָס קעמפט פאר פרייהייט... איר דארפט דאָך אוודאי פאַרשטיין, אז מען טאָר יצנעם נישט צווינגען. מיט אייך דארף מען דאָך קיין סך נישט רעדן וועגן דעם".

קוקן זיך איבער די זעלנער, רוקן ארויס די בייכער און איינער פון זיי רופט זיך אָן:

„שטאָ אָן גאָוואָריט, עטאָט פּראָקליאַטי בורזשוי? דאַוואַי יעמו וו מאָרדו!"

פרעגט מ. ס. אַ פאַרציטערטער

ווי, שלאָגן זיך גאָר?..

אָבער איידער ער האָט נאָך באַוויזן צו פאַרענדיקן די־דאָזיקע ווערטער, האָט ער אַריינגעכאַפּט אַזאַ פּאָרציע קלעפּ, אַז ס'איז געוואָרן אַ געוואַלד, די שטוב איז אָנגעפילט געוואָרן מיט קולי־קולות און ס'איז געקומען צו לויפן דער קאָמענדאַנט.

די זעלנער זענען געווען מלא רציחה. זיי האָבן פון דריי זייטן געהאַלטן דעם אומגליקלעכן מ. ס. און האָבן אים געוואָלט צעפליקן אויפן אָרט.

מיט גרויס מי האָט אים דער קאָמענדאַנט ארויסגעריסן פון זייערע הענט, און כדי צו מאַכן אַ סוף צו דער דאָזיקער ווילדער אַוואַנטורע, האָט אים דער קאָמענדאַנט אומישנע אַרעסטירט... קיין אַנדער אויסוועג איז, קענטיק, נישט געווען.

דעמאָלט האָט מ. ס. פאַרלאָרן זיין בטחון אין די באָלשעוויסטישע משיחס־צייטן...

„ניין, ס'איז נישט דאָס..." האָט ער אַ טרויעריקער, אַ מרה־שחורהדיקער, געשאָקלט מיטן קאָפּ. „ס'איז גאָרנישט דאָס... איך האָב מיך טועה געווען... איך האָב געמיינט..."

אַ סך האָבן אַזוי געמיינט און אַ סך זענען דורכגעפאַלן. דאָס וואָרט „פרייהייט" איז אַ פישופדיק וואָרט. עס ציט, עס שלעפּט, ווי אַ מאַגנעט, אָבער אַז מען פאַרמאַכט די אויגן און מען לאָזט זיך ציען פון אים, קומט מען צו אַ תהום...

דער פאַל מיט מ. ס. האָט אין שטאָט געמאַכט אַ שטאַרקן רושם.

מען האָט געשמועסט צווישן זיך:

„וויבאַלד אַז די באָלשעוויסטישע אַרמעע, וועלכע פאַר־שרייט די וועלט, אַז זי קעמפט פאַר פרייהייט און גלייכהייט, קען אויך די מלאכה פון שלאָגן און רויבן, טאָ וואָס איז די נפקא־מינה צווישן איר און אַן אַנדער אַרמעע? איין שוואַרצ־יאָר...”

און אַן אַנדער ייִד האָט צוגעגעבן מיט גאַל און גיפט:

„פון אַ באָלשעוויק ביז משיחן איז נאָך, ייִדעלעך, זייער, זייער אַ ווייטער מהלך. ווי פון דער ערד ביז צום הימל...”



# קאפיטל XXI

דער ויברח פון ראָווגע. — מיינע באַגלייטער און באַשיצער. — אויסערלעך אַן אומגעפערלעכע אונטערנעמונג. — דער איבער־געפּאַקטער וואָגן. — די ריכטיקע בגילופינדיקע רויטאַרמעער. — מען נעמט אונז אָן פאַר פּעטליוראָווצעס. — איך שאַר מיך אַוועק. — ביי קאָס־אַנען אין כאַטקע. — איך גיי צוריק קיין ראָווגע דורך זייטיקע וועגן. — מיין נייע באַהעלטעניש. — אַ שטיל הייזל און אַ פרוכטגאָרטן. — אַ ווינקל פון באַהאַלטענע צאַרישע אָפיצירן. — דער טעם פין אויסבאַהאַלטן זיך. — נאַכט־קאָשמאַרן. — געדולט דאָס איינציקע רעטונגסמיטל. — וואָס דאַרף מען זיך זאָגן, בעת מען באַהאַלט זיך אויס. — מיינע באַגלייטער האָט אָפּגעגליקט.

איך האָב מיך מכין געווען צו מאַכן פיס פון ראָווגע. מען האָט באַדאַרפט אַנטלויפן. איך האָב מיך דער עיקר געוואָלט אַריינכאַפּן קיין לוצק, וואָס איז געווען פאַרנומען פון די פּאָליאַקן.

און אָט, אין איין שיינעם (גיכער: אין אַ מיאוסן) טאָג האָב איך מיך אָנגעטאָן האַלב מיליטעריש, לויט דעם דעמאָלדיקן שניט, פאַרגראָבן אין די שטיוול דרייסיק טויזנט רובל און האָב מיך אַרויסגעלאָזט אין וועג אַריין מיט צוויי באַגלייטער: איי־

נער אַ ייד, דער צווייטער אַ פּאָליאַק.ביידע האָבן מיך גע-
דאַרפט באַשיצן און באַשירעמען פון אַלדאָס בייז...

דער פּאָליאַק איז מיר באַזונדערס וויכטיק געווען דער-
מיט, וואָס ער האָט געדאַרפט פאַרמיטלען צווישן מיר און די
פּאָליאַקן, ווען מיר וועלן זיך דערשלאָגן צו זייער פראָנט.

מיר האָבן זיך אַרויסגעלאָזט אין וועג מיט פעסטע טריט.
אונז האָט זיך געדאַכט, אַז די אונטערנעמונג איז אַ לאָגישע
און אַ פשוטע, כמעט גאָר אָן קאָמפּליקאַציעס. מען דאַרף זיך
נאָר פאַרהאַלטן רואיק, אַרויפציען אַ קאַלטע מאַסקע אויפן
פּנים, אויסזען נישט רייך און זעלנעריש, און דער עיקר —
נישט פאַרלירן דעם מוט. לוצק איז נישט ווייט פון ראָוונע,
און ווען מען זאָל זיך פאַרהאַלטן אין וועג קלוג און מוטיק,
קען מען אָן שום שטערונגען אַדורכפאָרן דעמדאָזיקן שטח.

ווען מיר זענען אַרויס פון ראָוונע, האָבן מיר אין פעלד,
ביים וועג, אָפּגעוואַרט דעם פורמאַן, וועלכער האָט אונז גע-
דאַרפט אָפּפירן צום פוילישן פראָנט. דער פירמאַן האָט אונז
אָבער אָפּגעטאָן אויף טערקיש: ער איז געקומען מיט אַן אי-
בערגעפּאַקטן וואָגן פליטים, אַזוי, אַז ס'איז נישט געווען מער
קיין אָרט אפילו פאַר איין מענטשן.

מען האָט געדאַרפט אויף דער הייסער מינוט אָפּגעפינען
אַן אַנדער פורמאַן. איינער פון מיינע באַשיצער האָט אָפּגעזוכט
עפּעס אַ פורמאַן און מען האָט זיך אַוועקגעשטעלט דינגען מיט
אים. ער האָט געוואָלט אַ צו פעטע מטבע. מיר האָבן פאַר-
לאַנגט, ער זאָל עפּעס אַראָפּלאָזן. און אָט, בשעת מיר זענען
געשטאַנען און זיך געדונגען מיט אים (ער האָט אוודאי פאַר-
שטאַנען, אַז אונזער נסיעה איז נישט קיין לוסטרייזע!), זענען
דערווייל אַרויסגעשפּרונגען ווי פון אונטער דער ערד עטלעכע
רויטאַרמייער..

"אָס זענען געווען די ריכטיקע רויטאַרמעער, הויך ווי די בני ענק, מיט משונה גרויסע פּאַפּאַכעס אויף די קעפּ, מיט אַן אוירינגל אין אויער און מיט הענט, ווי בערישע לאַפּעס...

זיי זענען געווען גאָר נישקשה אונטערגעסנאָשקעט און האָבן זיך עטוואָס צוגעוויגט אויף די אייזערנע פיס...

זיי זענען אַרויפגעפאַלן אויף אונז מיט רעוואָלווערן אין די לאַפּעס און מיט ווילדע געשרייען:

„פּעטלוראָווצי, קודאַ ווי אודיראַיעטע? סטאָיטע נאַ מעסטע!" *).

זיי האָבן אונז, קענטיק, אָנגענומען פאַר פּעטלוראָווצעס. מיר האָבן, נאַטירלעך, גענומען שטאַמלען. מען קען נישט רעדן גלאַט און פיין, ווען מען ווערט אין אַזאַ פאַל פאַרהאַלטן פון רויטאַרמעער...

מיר האָבן געזאָגט, אַז מיר זענען נישט קיין פּעטלוראָווצעס און אַז מיר דאַרפן דאָ ערגעץ צופאָרן.

„וואָריאָש!" האָט איינער פון זיי אַ זאָג געטאָן. „מי וואַס זנאַיעם. פּאָקאַזשיטע־קאַ וואַשי דאָקומענטי..." **).

מיינע צוויי באַגלייטער, נישט טויט, נישט לעבעדיק, האָבן גענומען שאַרן מיט ציטערדיקע הענט אין די קעשענעס. דערזען, אַז דאָס שפּיל איז אַ געפערלעכס, האָב איך מיך גענומען אַוועקרוקן, ווי איך האָב עס שוין עטלעכע מאָל געטאָן און יעדעס מאָל מיט גרויס הצלחה.

אויך דאָסמאָל האָט מיר אָפּגעגליקט, הגם די פּלייצע האָט מיר געברענט פון פּחד. איך האָב עס געמאַכט פלינק און שנעל. פאַר מיר איז געשטאַנען אַ באַרג. מיט געציילטע טריט

*) פּעטלוראָווצעס, וואוהין אַנטלויפט איר? שטייט אויף אַן אָרט.

**) מיר קענען אייך. ווייזט נאָר אַקאָרשט אייערע פּאַסער.

האָב איך אים אַדורכגעשפּאַרט און אין אַ פּאָר מינוט אַרום בין איך שוין געווען אויף יענער זייט באַרג. און אַז מען איז אויף יענער זייט באַרג און מען דרייט אויס דעם קאָפּ און מען זעט נישט קיין נאָכיאָגער מיט רעוואָלווערן אין די הענט, ווערט באַלד ליכטיק אין די אויגן און ליכטיק אין זכרון...

איך האָב מיך דערמאָנט, אַז נישט ווייט, אויף ליש-טשעווסקיס ציגלפאַבריק דאַרף וואוינען אַן אַרבעטער פון אונ-זער זאַוואָד, אַ גאַנץ באַשיידענער און ערלעכער רוס, וואָס האָט געהייסן קאַסיאַן.

איך האָב מיך גענומען נאָכפרעגן אויף אים. דאָס איז צוגעגאַנגען גאַנץ שווערלעך. לסוף האָט מיך עמעס אַ פויערטע אַוועקגעפירט צו קאַסיאַנען. איך האָב אים געטראָפן אין שטוב. ער האָט זיך שטאַרק פאַרחידושט, ווען ער האָט מיך דערזען. דעמדאָזיקן מענטשן איז, אַפּנים, קיינמאָל נישט איינגעפאַלן, אַז עס וועט קומען אַמאָל אַ צייט, ווען איך וועל איבערטרעטן די שוועל פון זיין אָרעמען הייזל.

„וואָס איז געשען?" האָט ער געפרעגט.

„ס'איז נישט גוט, קאַסיאַן", האָב איך געזאָגט.

און איך האָב מיך פאַרייגעלאָזט מיט אים אין אַ שמועס וועגן די היינטיקע אומזיכערע שווערע צייטן. אָט האָב איך געדאַרפט ערגעץ צופאָרן מיט אַ פּאָר באַגלייטער און באַשיצער, האָבן אונז די באָלשעוויקעס פאַרהאַלטן אינמיטן וועג.

„דו פאַרשטייסט, קאַסיאַן, מען מוז זיך ראַטעווען. דאָס לעבן הענגט אויף אַ האָר", האָב איך געזאָגט. „קודם אָבער האָב איך געוואָלט, אַז דו זאָלסט אַרויסגיין געוואָר ווערן וואָס הערט זיך מיט די פאַרהאַלטענע. זיי זענען גאָר אומשולדיקע מענטשן. כאַפּ זיך אַרויס אינדרויסן און גיב אַ קוק, צי מען האָט זיי אָפּגעלאָזט".

קאַסיאַן האָט זיך אויפגעהייבן און איז אַרויס פון שטוב, און איך בין געבליבן וואַרטן. אין אַ ווײַלע אַרום איז ער צוריקגעקומען און האָט געזאָגט:

„מען זעט זיי נישט אויפן וועג. אָדער מען האָט זיי אָפּגעלאָזט, אָדער מען האָט זיי אַרעסטירט. גיכער מסתמא אַרעסטירט. אָבער מען וועט זיי אָפּלאָזן. אַ סך מענטשן, וואָס זענען אַרעסטירט געוואָרן, האָט מען אַרויסגעלאָזט. איר זאָגט דאָך אַליין, אַז זיי זענען אומשולדיקע מענטשן".

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן. איך האָב אים שטיל אַ פרעג געטאָן:

„אפשר קען מען ביי דיר איבערנעכטיקן, קאַסיאַן? אינ-דערפרי וועל איך אָפּפאָרן קיין קלעוואַן. עס וואָלט געווען זייער גוט, ווען איך זאָל ביי דיר דורכשלאָפן די נאַכט".

מאַכט ער אַ פאָר איבערגעשראָקענע אויגן און רופט זיך אָן:

„נעלזיאַ, באַרין... דאָ דרייען זיך אַרום כסדר באַנדיטן, גזלנים... מען איז נישט זיכער מיטן לעבן. אַלע נאַכט קומט מען אָפּ אין גרויס שרעק... אַז מען הערט טריט ביינאַכט, מיינט מען, אַז ס'איז אַ גזלן, אַ רוצח... און מען דאַנקט גאָט, ווען מען שטייט אויף אינדערפרי מיט גאַנצע ביינער..."

„וואָס טוט מען פאָרט?" פרעג איך אים.

ער ענטפערט:

„גיין צוריק אַהיים..."

ס'איז טאַקע קיין אַנדער אויסוועג נישט געווען, ווי גיין צוריק אַהיים.

„אַליין קען איך דאָך אָבער נישט גיין", זאָג איך.

„וועל איך אייך אָפּפירן", באַרואיקט ער מיך.

און ווי אַזוי וועלן מיר גיין?"

ענטפערט ער:

„מיט אַ זייטיקן וועג. פאַראַן גענוג זייטיקע וועגן. קיי-נער וועט אונז נישט באַמערקן. מען קען גיין גאַנץ זיכער".

מיר זענען אַרויס אינדרויסן און ער האָט מיך גענומען פירן מיט אַ זייטיקן וועג. מיר זענען אָבער געגאַנגען נישט אַהיים, נאָר צו מיינער אַ קרובה, וואָס האָט געוואוינט אין עק שטאָט.

איר הויז איז געשטאַנען אין אַ גרויסן שטילן פרוכט-גאָרטן. דער שטאָטישער גערויש האָט דאָ קוים דערגרייכט. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז מען קען זיך דאָ גוט אויסבאַ-האַלטן.

ווי איך האָב מיך שפּעטער דערוואוסט, איז דער גאַנצער ווינקל באַשטאַנען פון באַהעלטענישן... כמעט אין די אַלע אַרומיקע הייזלעך האָבן זיך אויסבאַהאַלטן צאַרישע אָפיצירן, וועלכע האָבן זיך נישט געטאָרט ווייזן פאַר די אויגן פון די באָלשעוויקעס. אויף יעדן איינעם פון זיי האָט געלויערט דער טויט...

אַ מיאוסע, אַ פיינלעכע זאַך איז דאָס באַהאַלטן זיך. דאָס ציט אַרויס דעם קליי פון די ביינער. יעדער שאָרך, יע-דער קלאַנג, יעדע באַוועגונג, יעדער שטן שלאָגט דיך איבער די נערוון, איבערן האַרץ, און דו פאַלסט אַריין אין אַ קאַלטן שווייס...

ביינאַכט איז דער שלאָף אָפטער פאַרבונדן מיט קאָש-מאַרן. דו זעסט אין חלום דווקא די-יעניקע, פאַר וועלכע דו באַהאַלסט זיך אויס. זיי קומען צו דיר מיט געשרייען, מיט קולות, בינדן דיך, שלאָגן דיך און פירן דיך ערגעץ דורך

שוואַרצע תהומות, פירן און פירן אַזוי לאַנג און פיינלעך, ביז דו דערזעסט אויפן כמורנעם האָריזאָנט עפּעס אַן אויסטערליש בנינדל מיט ווינקלדיקע שטריק און דו פאַרשטייסט, אַז דאָס איז אַ תליה...

דו גנעמסט זיך וואַרפן און צאַפּלען אין זייערע הענט און שרייסט נישט מיט דיין קול:

„וואָס האָט איר צו מיר, גזלנים, מערדער! לאָזט מיך אָפּ! האָט רחמנות, לאָזט מיך אָפּ!"

און דו שרייסט אַזוי לאַנג ביז דו כאַפּסט זיך אויף און קוקסט זיך אַרום מיט תמהוואַטע אויגן. דו זוכסט מיט שרעק די תליה, די מענטשן, וועלכע האָבן דיך געפירט. דו זוכסט דעם אָפּקלאַנג פון דיינע אייגענע קולות. אָבער אַרום איז שאַ-שטיל, קיין תליה איז נישטאָ און פון ערגעץ אַ בעט דער-טראָגט זיך אַ שנאָרכען פון אַ שלאָפעדיקן מענטשן...

דו ציסט אָפּ דעם אָטעם און עס ווערט דיר לייכטער אויף דער נשמה...

איך פאַרשטיי די מענטשן, וואָס קריכן פּלוצלונג אַרויס פון זייערע באַהעלטענישן און גיבן זיך אַליין איבער אין די הענט פון זייערע פיינט. גאָר פּשוט: זייערע נערוון האָבן מער נישט אויסגעהאַלטן. אָדער אַמאָל אויך פאַרקערט: דער שטאַר-קער ווילן האָט גובר געווען און מען האָט זיך געזאָגט: איי-דער אַזאַ לעבן, איז בעסער דער טויט...

אין אַ צייט פון באַהעלטעניש איז געדולט דאָס איינ-ציקע רעטונגסמיטל. מען מוז אַנטוויקלען אין זיך דידאָזיקע אייגנשאַפט, אויב מען וויל לעבן און פאַרבלייבן ביי די קלאָרע רעיונות. מען מוז זיך עפּעטער זאָגן און זיך אַליין לערנען:

„זיי געדולדיק. באַרויִק זיך, צאַפּל נישט — און דו וועסט אויסהאַלטן".

„געדענק, אַז ס'איז נישטאָ אויף דער וועלט קיין שום באַהעלטעניש אָן געדולט".

„דיין גוף דאַרף זיך נערן, דו דאַרפסט עסן, זיך באַוועגן, דיין האַרץ אָבער דאַרף האָבן געדולט".

„דו דאַרפסט קענען אויסוואַרטן, אָפּוואַרטן, איבערוואַרטן — און דאָס אַלץ איז געדולט".

מיט געדולט איז דיין באַהעלטעניש אַ פעסטונג, אָן געדולט איז די שטאַרקסטע פעסטונג פון דיין באַהעלטעניש נישט מער ווי אַ קאָרטנשטיבל".

„זיי אַלעמאָל געדולדיק: אינדערפרי, בייטאָג, אינאָוונט און ביינאַכט".

„געדולט איז דער איינציקער פריינט אין דיין איינזאַמקייט. אומגעדולט איז דיין בלוטיקסטער שונא, וואָס לויערט אויף דיין לעבן".

דאָס זענען ווערטער-געזעגן, און מען דאַרף זיך זיי גוט איינחזרן און גוט אַריינגעמען אין זכרון, בעת מען באַהאַלט זיך אויס.

עס פאַרשטייט זיך, אַז מען האָט געמוזט גוט באַפרידיקן דעם סטרוזש פונם הויז, וואו איך האָב מיך אויסבאַהאַלטן. ער האָט געמוזט וויסן, אַז דער מענטש, וואָס פאַרבאָרגט זיך דאָ, איז אַן אומלעגאַלער, און קיינער טאָר נישט וויסן פון זיין באַהעלטעניש. דערפאַר האָט ער באַקומען גוט באַצאָלט...

•

מיינע צוויי באַגלייטער און בּאַשיצער האָבּן זיך אויס־געדרייט מיט חסד פון די בגילופינדיקע רויטאַרמעער. דעם פּאָליאַק האָט מען אָפּגעלאָזט, נאָכדעם, ווי מען האָט דורכגע־קוקט זיינע דאָקומענטן.

מיט דעם יידן איז עס צוגעגאַנגען אַ ביסל שווערער. מען האָט אים אַריינגעפירט אין אַ שטאַל און מען האָט אים גוט אַדורכגעבּאַדקעוועט און אַרומגעזוכט. מען האָט ביי אים געפונען אַ פּאָר הונדערט רובּל, וואָס זענען, נאַטירלעך, פאַר־בליבּן אין די הענט פון די זוכער...

דאָס איז אָבּער געווען אַ געשיקטער ייד. אין אַ געוויסן מאָמענט האָט ער זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט און האָט גע־מאַכט פליטה מיט דער שנעלקייט פון אַ פוקס...

די ריזעדיקע בּגילופינדיקע רויטאַרמעער האָבּן אים נישט געקענט אַזוי שנעל נאָכיאָגן, האָבּן זיי אים נאָכגעשאָסן, אָבּער נישט געטראָפן. דער ייד איז אַזויאַרום ניצול געוואָרן פון זיי־ערע הענט.

אין שטאָט האָט מען דערווייל אַרויסגעלאָזט אַ קלאַנג, אַז איך האָבּ מיך אַריבּערגעפּעקלט קיין לוצק צו די פּאָליאַקן. דערדאָזיקער קלאַנג איז פאַר מיר געווען ווי געוואונטשן. מען האָט מיך אויפגעהערט צו זוכן און איך האָבּ געקענט רואי־קער זיצן אין מיין בּאַהעלטעניש.

אַזויאַרום האָט זיך אויסגעלאָזט אַ בּוידעם פון מיין נסיעה קיין לוצק. ווי האָט געזאָגט פּאַליענקאָ, דער בּאַרימטער פּאָנ־ראָמשטשיק פון זשיטאָמיר: „אַ מענטש קען קיינמאָל נישט

פאָרויסזען. ער טראַכט אַזוי און טראַכט אַזוי, און נאָכדעם לאָזט זיך אויס פונקט קאַפּויר..."

אָנשטאָט לוצק בין איך געזעסן אין אַן עק שטאָט אין אַ שטיל הייזל מיט אַ פרוכטגאָרטן און אויסגעוואַרט אויף בע- סערע צייטן, ווען איך וועל מיך צוריק קענען ווייזן אין שטאָט מיט אַלע מענטשן צוגלייך...

ווען וועלן אָבער קומען די בעסערע צייטן?

אַך, געדולט, געדולט!

מען מוז זיך נעמען פעסט אין די הענט אַרייז.



# קאַפּיטל XXII

די געהיימע פאַרבינדונג מיט מיינע נאָענטע. — די רעגיסטראַציע אין דער קאָמענדאַנטור. — מען וויל דערהרגענען צוויי האָזן מיט איין קלאַפּ. — וואו בין איך — אין ראָוונע, צי אין לוצק? — אַ קליינשטעטיק פלאָנטערל. — דער פאָרזיצער פון ראָוונער רעווקאָם. — די גרייסטע קאָנטריבוציע, וואָס ווערט אַרויסגעלייגט אויף דער באַפעלקערונג. — מיין פרוי ביי דער שוויגער פונם רעווקאָם-פאָרזיצער. - אַ כאַראַקטעריסטישער שמועס מיטן פאָרזיצער. „מיר צעשטערן דאָס אַלטע און בויען דאָס נייע אויפן צעשטערטן". — צהעלף אַ זייגער ביינאַכט מיט אַ האַליזע געלט. — די רציחה אין דער טשעכישער קאָלאָניע. — דער יחסן איז דער אַרבע-טער. — וואָס יידן שמועסן צווישן זיך.

עס פאַרשטייט זיך, אַז איך בין נישט געזעסן גאָר אָן אינפאָרמאַציעס אין מיין שטיל אָפּגעלעגן הייזל. מיינע נאָענטע האָבן מיר עפּטער מיטגעטיילט פון אַלץ, וואָס עס טוט זיך אין שטאָט אונטער דער ממשלה פון די באָלשעווי-קעס. עס זענען, אַזוי צו זאָגן, כסדר געגאַנגען געהיימע שטאַ-פעטן פון שטאָט אין מיין הייזל.

די ערשטע זאַך האָט די באָלשעוויסטישע מאַכט אויפ-געפאָדערט די גאַנצע באַפעלקערונג, נאַטירלעך, אונטער אַ שטרענגער שטראָף, אַז זי זאָל זיך פאַררעגיסטרירן איז דער

קאָמענדאַנטור: הגם פאַר מיר איז געווען זייער גינסטיק דער קלאַנג, אַז איך געפין מיך אין לוצק, ביי די פּאָליאַקן, פונ־דעסטוועגן האָבן מיינע נאָענטע אויך געוואָלט מיך פאַררעגיסט־רירן — אפשר וועל איך דאָך קענען פאַרבלייבן אין ראָוונע. סוף־כל־סוף האָט מען דאָך קלאָר נישט געוואוסט, וואָס די באָלשעוויקעס וועלן טאָן מיט מיר. אין דער טעאָריע דאַרפן זיי מיך משלח זיין אויפן עולם־האמת, אין דער פּראַקטיק אָבער קען דאָך אויך מעגלעך זיין, אַז מען זאָל מיך לאָזן צורו. זענען דאָך נישט אַלע בורזשויעס אויסגעשאָכטן געוואָרן פון די באָלשעוויקעס. מיינע נאָענטע האָבן אַזויאַרום מיט איין קלאַפּ געוואָלט טויטן צוויי האָזן: אַז מען וויל, בין איך אין לוצק, און אַז מען וויל, בין איך אַ פאַררעגיסטרירטער...

מיין טאָכטער איז געגאַנגען מיך פאַררעגיסטרירן. אין דער קאָמענדאַנטור האָט מען אָבער געפאָדערט, אַז איך זאָל אַליין קומען. דידאָזיקע פאָדערונג האָב איך, נאַטירלעך, נישט געקענט אויספירן. צווישן מיין שטילן הייזל און דער קאָמענ־דאַנטור האָט נישט געטאָרט זיין קיין שום דירעקטער וועג. סוף־כל־סוף האָט מיין טאָכטער געפועלט און מען האָט מיך מיט מזל פאַררעגיסטרירט...

איך בין, אַלזוי, איינגעשריבן געוואָרן אין די ביכער פון דער קאָמענדאַנטור, זייענדיק, הייסט עס, אין לוצק, בעת איך האָב מיך אינדעראמתן אויפגעהאַלטן אין עק שטאָט...

דאָס איז געווען אַ קליינטשיק פּלאָנטערל, וואָס איז געווען זייער צוגעפּאַסט צו דעם גרויסן באָלשעוויסטישן פּלאָנ־טער אין ראָוונע.

אינגיכן האָט מען אָרגאַניזירט אין ראָוונע אַ רעווקאָם, ווי עס פירט זיך אין די באָלשעוויסטישע שטעט. און דער פאָרזיצער פון דעמדאָזיקן רעווקאָם א. ס. איז אַפילו געווען

אונזערער אַ באַקאַנטער. איצט האָט ער אָבער געמאַכט אזא מינע, ווי ער וואָלט אונז גאָרנישט געקענט...

אין פלוג איז ער געווען דער פאַקטישער דיקטאַטאָר פון ראָוונע. די גאַנצע מאַכט איז געלעגן אין זיינע הענט. דאָס באַוואוסטזיין פון דער אייגענער מאַכט ענדערט אָבער דעם מענטשן. מען ווערט ביי זיך האָפערדיקער און מען פאַר־לירט די באַשיידנקייט. ס׳איז נישטאָ און ס׳איז נישט געווען אויף דער וועלט קיין באַשיידענער מאַכטהאָבער, קיין עניות־דיקער דיקטאַטאָר...

דער פאָרזיצער פון רעווקאָם האָט אַרויפגעלייגט אויף דער שטאָט אַ גרויסע קאָנטריבוציע. ביי דערדאָזיקער קאָנטרי־בוציע האָט מען אונז מכבד געווען מיט אַ סומע פון הונ־דערט און פופציק טויזנט רובל, וואָס האָט אויס־געמאַכט לויט דעם דעמאָלטיקן קורס ביי אַ פופצן טויזנט רובל אין גאָלד.

מיין פרוי איז אַוועק מיט אַ שתדלנות צו דער שוויגער פונם פאָרזיצער פון רעווקאָם. זי האָט געוואָלט, אַז יענע, וועלכע איז איצט אַזאַ יחסנטע, זאָל פועלן ביי איר איידעם, מען זאָל אונז פאַרקלענערן די קאָנטריבוציע. אַ פרוי מיט אַ פרוי קען זיך דאָך אַלעמאָל צונויפרעדן.

דעם פאָרזיצערס שוויגער, אַ הויכע דיקע בלאָנדע פרוי, אַ באַקאַנטע פאַרמעגלעכע סוחרטע אין שטאָט, האָט אַפילו גאַנץ גוט אויפגענומען מיין פרוי, אָבער פון דער שתדלנות איז גאָרנישט אַרויסגעקומען.

דער פאָרזיצער פון רעווקאָם איז געווען האַרט, ווי אייזן. ביי דער שוויגער אין שטוב האָט ער זיך דורכגעשמועסט מיט מיין פרוי. ווען זי האָט גענומען איינטענהן מיט אים, האָט ער האַרב געזאָגט:

„די סימע, וואָס מען האָט אַרויפגעלייגט אויף יעדן איי־נעם, מוז איינגעצאָלט ווערן. קיין שום רייד וועט דאָ נישט העלפן. ס'איז אַ געזעץ".

„אָבער ווען איר נעמט אונז צו דאָס געלט, טויט איר דאָך אינגאַנצן אָפּ דעם זאַוואָד. ער וועט זיך מוזן אָפּשטעלן", האָט מיין פרוי נאַיוו געזאָגט.

„דאָס גייט אונז נישט אָן", האָט ער קאַלט געענטפערט.

„וואָס אייגנטלעך ווילט איר? וואָס איז אייער פּראָגראַם?" האָט מיין פרוי געפרעגט.

ער האָט געזאָגט:

„מיר ווילן דאָס אַלטע אינגאַנצן צעשטערן און בויען דאָס נייע אויפן צעשטערטן".

מיין פרוי איז אַוועק.

דאָס געלט האָט לויטן באַפעל געדאַרפט איינגעצאָלט ווערן ביז צוועלף אַ זייגער ביינאַכט. דאָס איז געווען זייער אַ שווערע אויפגאַבע. שאַפן אין געציילטע שעהן אַזאַ סומע איז פאַר יענע צייטן געווען כמעט אַן אוממעגלעכע זאַך. מען האָט זיך געדאַרפט גוט אָנשטרענגען און מען האָט זיך אָנגעשטרענגט איבער די כוחות.

צוועלף אַ זייגער ביינאַכט האָט מען אַוועקגעטראָגן צום פאָרזיצער פון רעווקאָם אַ וואַליזע, אין וועלכער עס איז גע־לעגן די געפאָדערטע סומע. דער פאָרזיצער, אַ צופרידענער, האָט באַלד גענומען ציילן דאָס געלט...

באַלד צומאָרגנס, נאָכדעם, ווי די רויטע אַרמעע האָט פאַרנומען ראָוונע, האָבן זיך עטלעכע רויטע רייטער אַריינגע־כאַפּט אין דער נאָענטער רייכער טשעכישער קאָלאָניע קוואַסי־לאָוו. די ערשטע זאַך האָבן זיי „אָפּגעשטאַט אַ וויזיט" דעם פּאָפּ פון דער אָרטיקער צערקווע. דאָס איז, נאַטירלעך, גע־

ווען אַ וויזיט, וואָס האָט געקאָסט דעם פּאָפּ עטלעכע בהמות, אַנדערע קלייניקייטן און אַפּילו זיין גראַמאָפאָן...

מען האָט עס אים אַלץ צוגענומען. אין דעם טאָג האָט די פּאָפּיכע געבאַקט ברויט, האָט מען גענפּנט דעם אויוון און מען האָט צוגענומען דאָס ברויט. דער פּאָפּ מיט דער פּאָפּיכע האָבן פאַרביסן די ליפּן און געשוויגן.

נאָכדעם האָט מען זיך אַוועקגעלאָזט איבער דער קאָלאָניע און מען האָט גענומען רעקווירירן בהמות, פערד, ווי בכלל אַלץ, וואָס האָט זיך נאָר געלאָזט רעקווירירן. דערביי איז גע-שען אַ גרויסע רציחה: דער פאָרשטייער פון דער קאָלאָניע האָט געבעטן, מען זאָל אים ווייזן דעם אָרדער אויף דער רעקווירירונג.

„איר נעמט און צערויבט אַ קאָלאָניע", האָט ער געזאָגט, „וואָלט איך טאַקע געוואָלט זען, צי איר האָט אַן אָרדער אַז איר מעגט רעקווירירן".

אָנשטאָט צו ווייזן אים דעם אָרדער, האָט מען אים אָבער מכבד געווען מיט אַ קויל אין האַרצן. ער האָט זיך אָפּגעגאָסן מיט בלוט און איז אַנידערגעפאַלן אַ טויטער...

די בהמות און פערד פון דער קאָלאָניע האָט מען אריינ-געפירט אין הויף פון אונזער זאַוואָד. די רויטע זעלנער האָבן זיך געפרייט, געלאַכט, געשפּאַסט. בכלל זענען זיי תמיד גע-ווען פריילעך געשטימט. זיי האָבן געקוילעט אַ פּאָר בהמות און דאָס פלייש פאַרטיילט צווישן די אַרבעטער. עס פאַרשטייט זיך, אַז די אַרבעטער האָבן זיך שטאַרק צוגעבונדן צו די זעלנער!..

עפטער פלעגן די זעלנער פרעגן יעדן איינעם, אַפּילו קינדער, פון אונזער הויף:

„סקאָזשיטע, גדיע כאָזיאַין עטאָווא זאַוואָדאַ? פּאָטשעמו אָן ניע פּריכאָדיט סיודאַ?" *).

דער ענטפער איז געווען:

„אוועקגעפאָרן".

„וואוהין?"

„קיין לוצק..."

זיי האָבן, קענטיק, געגלויבט און נישט געגלויבט.

די רעקוויזיציעס זייערע האָבן גאָרנישט געהאַט קיין גרענעץ. מען האָט כסדר געהאַלטן אין איין שלעפּן אַלץ, וואָס עס האָט זיך נאָר געלאָזט. אין אונזער זאַוואָד האָט מען צעשלעפּט די פערד, די וועגנס, די גערשטן, אַפילו די האָלץ-זאַפּאַסן. עס וואָלט זיכער לאַנג נישט געדויערט — און פון זאַוואָד וואָלטן פאַרבליבן בלויז די נאַקעטע ווענט...

דערזעען די סכנה, האָבן די זאַוואָד-אַרבעטער אָרגאַניזירט אַ קאָמיטעט, וואָס זאָל אָפּהיטן דעם זאַוואָד פון די אומגע-רעכטע און צעראַבירנדיקע רעקוויזיציעס. אַזוי ווי די אַרבעטער זענען געווען אין גרויס יחוס ביי די באָלשעוויקעס, האָט מען זיך צוגעהערט צו זייערע ווערטער און זיי האָבן עפּעס גע-קענט פּועלן דאָס, וואָס אַן אַנדערער וואָלט עס בשום אופן נישט געקענט פּועלן. אַזוי־אַרום איז דער זאַוואָד נאָך אָפּגע-קומען מיט „הסד".

איך בין מיר אַלץ געזעסן אין מיין הייזל און האָב מיך נישט צוגעקוקט—איך האָב דאָך נישט געטאָרט גיין אין גאַס — נאָר צוגעהערט צו דעם לעבן אין שטאָט.

פון די ידיעות, וואָס זענען דערגאַנגען צו מיר אין מיין געפאַנגענשאַפט, בין איך געוואָר געוואָרן, אַז דאָס יונגוואַרג

---

*) זאָגט, וואו איז דער באַלעבאָס פון דעם זאַוואָד? פאַרוואָס קומט ער נישט אַהער?

איז צופרידן מיט די באָלשעוויקעס. און דאָס איז אין פּלוג גאַנץ נאַטירלעך. דאָס יונגוואַרג איז אומעטום און אַלעמאָל היי־ציק, פאַרקאָכט און נאַיוו. עס זעט תמיד דעם וועג פון דער גרויערווירקלעכקייט צו זיינע אידעאַלן, ווי אַ גלאַט אויסגעלייגטן שאָסיי: נעם און גיי, וועסטו קומען אָן שום מניעות און שוועריקייט צו דיינע אידעאַלן, ווי מען קומט אין געסט צו אַ רייכן טאַטן...

אַזוי האָבן געטראַכט און געחלומט די ליבע נאַיווע ברידערלעך, ביי וועלכע מען האָט צוגענומען די נייע שטיוול און אַזוי האָט אייגנטלעך געטראַכט און געחלומט דאָס גאַנצע יונגוואַרג.

ס'איז קיין שום אונטערשייד נישט געווען צווישן דעם יידישן און נישט יידישן יונגוואַרג: ביידע זענען געגאַנגען האַנט ביי האַנט און ביידע האָבן געהאַט פאַרחלומטע אויגן און ביידע האָבן נישט געזען דאָס לעבן און ביידע האָבן מיטן גאַנצן האַרצן געגלויבט אין דער באָלשעוויסטישער גאולה פון דער מענטשהייט...

דערפאַר אָבער האָבן די דערוואַקסענע און די עלטערע יידן זייער פעסימיסטיש צוגעשאָקלט מיט די קעפּ.

„עט! וואָס איז דאָ צו רעדן", האָבן זיי געזאָגט, „די באָלשעוויקעס שיסן אויך... זיי פאַרגיסן בלוט... און דאָרט, וואו מען פאַרגיסט בלוט, האַלטן זיך נישט אויף קיין מלאכים, נאָר שדים, רוחות..."

אַן אַנדערער האָט געזאָגט:

„זיי גלויבן דאָך נישט אין גאָט, נישט גוט זאָל זיי ווערן! דאָס זענען דאָך נישט קיין אַפּיקורסים, נאָר סתם אויסגעטאָנענע מענטשן, הפקר־יונגען. אַן אַפּיקורס לייקנט אין גאָט נאָר פאַר זיך און טשעפּעט נישט דעם צווייטן. זיי ליי־

קענען דאָך אין גאָט, אין דעם אַלמעכטיקן פאַר אַלעמען: פאַר מיר, פאַר דיר, פאַר אַלע פעלקער, פאַר דער גאַנצער וועלט... מיט אַזעלכע מענטשן טאָר מען גאָר קיין מגע-ומשא נישט האָבן... די סטרא-אחרא גייט מיט זיי און פאַרפעסטעט די לופט, ווי אַ מגיפה... און מען דאַרף זיי טאַקע אויסווייכן, ווי אַ מגיפה..."

„זיי פאַרדאַרבן די יונגע קינדער", האָט געקלאָגט אַן עלטערער מענטש. „וואָס קען ווערן פון אַ יונגן מענטשן, ווען מען נעמט אים צו דעם גאָט פון האַרצן און מען טוט אים אויס פון זיין יידישקייט? די הפקרות איז איצט אַזוי גרויס, אַז מען טאָר מיט אַ קינד נישט רעדן. עס ענטפערט דיר מיט אַזעלכע ווערטער, אַז עס ווערט דיר קאַלט און וואַרעם אין די ביינער..."

„הערט איר, יידן", האָט זיך אָנגערופן אַ זקן, „דער רבונו-של-עולם קען שווייגן, שווייגן, ער קען אָבער אויך באַצאָלן... נישקשה, ער האָט אַ שטאַרקע האַנט... איך האָב אָנוסטן געזאָגט מיין אייניקל, וואָס איז גאָר משוגע און נתפעל פון די גדולים, אַז דער אויבערשטער וועט אַראָפּשיקן פון הימל אַזאַ פייער, אַז זיי וועלן פאַרברענט ווערן אַלע ביז איינעם!.. עס וועט קיין שריד-ופליט נישט בלייבן פון זיי. זיי וועלן פאַרברענט ווערן אויף אַש און דער ווינט וועט צעשפרייטן דאָס אַש איבער אַלע פוסטע פעלדער און פוסטע וועלדער... עפּעס אַ קלייניקייט: זיך אָנהייבן, זיך פאַרטשעפּען מיט גאָט?! נו-נו, זיי וועלן שוין באַקומען זייער חלק!"

אַזוי האָבן זיך אויסגעשמועסט די דערוואַקסענע, עלטערע און אַלטע לייט פון שטאָט.



## קאַפּיטל XXIII

דער דוחק אין שפּייזפּראָדוקטן. — דער פּויער מײדט אויס די שטאָט. — די קרעמער פאַרגראָבן זייערע סחורות. — ראָזונע באַקומט מיטאָמאָל אַ מראה פון אַ קבצנישער שטאָט. — מענטשן גייען אין שמאַטעס. — ווי מען האָט זיך געזעגנט אַמאָל און ווי מען געזעגנט זיך היינט. — מען באַרימט זיך מיט אָרעמקייט. — אַ בידנער הערינג איז מחיה דאָס אויג און דעם אַפּעטיט. — דער בונט פון די אָרימיקע פּויערים. — אַ שטאָט אין גרויס סכנות. — אַ מוראַדיקע קאַנגזייטיקע שיסעריי. — אָפּגעטריבן די פּויערים. — ראָזונער יידן מעגן גומל בענטשן. — די בלוטיקע געשעענישן אין זוואָהיל. — יידישע קינדער ווערן באַגראָבן לעבעדיקערהייט. — ווען דער פּויער הייבט אויף אַ האַק אָדער אַ ביקס. — צוויי זעק מיט קאָמינע.

אינגיכן האָט מען דערשפּירט אַ שטאַרקן דוחק אין שפּייזפּראָדוקטן. דער פּויער האָט אויפגעהערט צו קומען מיט זיין וועגעלע אין שטאָט. די מותרות פון זיינע קאַרטאָפל, ציבעלע, מערן, בורקעס א. ד. גל. האָט ער בעסער געלאָזט פוילן אין דאָרף.

„צי וואָס זאָל איך עס פירן אין שטאָט“, האָט ער געזאָגט, „אַז מען וועט מיר דערפאַר סיי-ווי נישט באַצאָלן... מען וועט עס ביי מיר צונעמען, און איך וועל קיין פּרוטה

נישט זען אין די אויגן. און איך בין גאָרנישט קיין בעלן צו פראַצעווען בחינם פאַר די באָלשעוויקעס..."

די סוחרים און קרעמער האָבן פאַרגראָבן זייערע סחורות אין די קעלערן, אין דער ערד, אויף די בוידעמער. די קראָמען זענען געשטאַנען ליידיקע, וויסטע, פאַרלאָזטע, ווי נאָך אַ פּאָגראָם...

די פאַרמעגלעכע פון דער באַפעלקערונג, וועלכע האָבן געוואָלט מאַכן אַן אָנשטעל פון אָרעמקייט, האָבן זיך אָנגעטאָן אין שמאַטעס, זענען געגאַנגען אין גאַס מיט אויסגעבויגענע פּלייצעס, מיט צראָפּגעלאָזטע קעפּ און געשפּילט אַ ראָל פון בעטלער...

גאַנץ ראָווגע האָט מיטאַמאָל באַקומען אַ מראה פון געפערלעכער קבצנות און געפאַלנקייט...

מען האָט זיך באַרימט מיט דער אָרעמקייט, מען האָט געוואָלט איינאַנדער איבערשטייגן מיטן דלות, וואָס איז פּלוצלונג געוואָרן אַזאַ יחסן.

אַמאָל, אין די גוטע צייטן, וועלכע האָבן איצט אויסגעזען, ווי אַן אומגלויבלעכער חלום, אַז מען האָט עמעצן אָנגעטראָפן אין גאַס און מען האָט אים געפרעגט:

„נו, ווי גייען די געשעפטן?"

פלעגט ער זאָגן:

„נישט צו פאַרזינדיקן. עס פאַרבעסערט זיך כסדר, גאָט צו דאַנקען..."

מעגלעך, אַז זיי האָבן זיך גאָר פאַרערגערט, נישט פאַרבעסערט, נאָר אַזוי האָט מען געענטפערט אַמאָל צוליב קרעדיט-טעמים און אַמאָל פשוט דערפאַר, ווייל מען האָט זיך נישט געוואָלט קלאָגן.

„ווי שטייען אייערע געשעפטן?"

„ניִשט ערגער אויך וויִיטער. דערוויִיל זייער גוט...״

היינט האָט זיך אַלץ געענדערט. היינט, אַז מען האָט זיך אָנבאַגעגנט מיט אַ סוחר אין גאַס, האָט מען אים געפרעגט:

„נו, ווי גייט עס אייך?״

פרעגן געוויינלעך:

„ווי גייען אייערע געשעפטן?״

איז געווען איבעריק. דער סוחר האָט דאָך שוין ניִשט געפירט קיין געשעפטן. אָבער אויף דער נאַטירלעכער פּשוטער פראַגע: ווי גייט עס אייך? האָט דער סוחר אַלעמאָל געענטפערט מיט אַ טיפן קרעכץ:

„אָט מען שטאַרבט פאַר הונגער... איר זעט דאָך: מען ציט אויס די פיס״.

אין אַ ווייַלע אַרום פרעגט ער אייך:

„נו, און איר? וואָס איז מיט אייך?״

און איר ענטפערט:

„איר שטאַרבט ערשט פאַר הונגער און איך בין שוין לאַנג געשטאָרבן... נישטאָ קיין כּוחות מער אויסצוהאַלטן״.

מען האָט געהאַלטן אין איין קלאָגן, אין איין וויינען און מען האָט זיך באַמיט איינאַנדער איבערצושטייגן אין דערדאָזיקער אויסטערלישער קונסט.

סוף־כּל־סוף איז עס אויך ניִשט געווען קיין גוזמא. די נויט האָט טאַקע, ווי אַ שוואַרצע כמאַרע, צוגעדעקט די גאַנצע שטאָט. אַ ביסל מעל, צוקער, אַן איי, אַ הערינג האָבן אַזוי מחיה געווען דעם אויג און דעם אַפּעטיט, פּונקט ווי זיי וואָלטן אונז צוגעוואָרפן געוואָרן פון דעם ברייטן גן־עדן־טיש...

אויב עמעץ האָט געגעסן אַ שטיקל פלייש, האָט ער עס געמאַכט בסוד, אַז דער שכן זאָל ניִשט זען, די ראָל פון אַן

אָרעמאַן, אַ בעטלער, אַן אביון האָט נעמווזט אויסגעהאַלטן ווערן ביזן סוף.

דערווייל האָבן זיך אָבער צעבוגטעוועט די פויערים פון די אַרומיקע דערפער. זיי האָבן געהאַט זייערע טענות. ערשטנס, האָבן זיי שטאַרק געליטן פון די רעקוויזיציעס און, צווייטנס, האָבן זיי נישט געקענט מער פירן די פּראָדוקטן אין שטאָט אַריין. דער פויערשער פדיון פון די פּראָדוקטן איז אינגאַנצן אָפּגעשטעלט געוואָרן.

אַזוי ווי די פויערים האָבן געהאַט געווער נאָך פון די פריערדיקע מלחמות, האָט מען זיך צוזאַמענגענומען ביי אַ צען טויזנט מאַן און מען איז געגאַנגען אויף ראָוונע. גיין אויף ראָוונע האָט אייגנטלעך געהייסן גייז אויף דער ראָוונער יידי־שער באַפעלקערונג.

די שטאָט האָט זיך ווידער גענומען צאַפּלען אין גרויס שרעק. אַלע וועגן, וואָס האָבן געפירט אין שטאָט אַריין, זענען געווען פאַרכאַפּט פון די פויערים. די סכנה איז געווען זייער גרויס. די באָלשעוויקעס האָבן זיך אויך איבערגעשראָקן. פאַר־נעמענדיק ראָוונע, האָבן זיי דאָ איבערגעלאָזט אַ ביסל מילי־טער מיט עטלעכע קוילנוואַרפער און איין האַרמאַט...

זיי זענען נישט געווען זיכער, אַז זיי וועלן קענען דער־שטיקן דעם בונט, און האָבן זיך גענומען באַצייטנס פּאַקן, איבערלאָזנדיק די שטאָט אויף הפקר.

גלייכצייטיק האָט מען אָבער אויך אָפּגעשטויסן דעם דראַנג פון די פויערים. די לופט איז ווידעראַמאָל פאַרהילכט געוואָרן פון די קעגנזייטיקע שיסערייען.

די פויערים זענען אָבער געגאַנגען סטיכיש אויף ראָוונע, אָן אַ פירער, אָן אַ וועגווייזער. זיי האָבן אויסגעשאָסן זייערע

קויקן און זענען צעלאָפן געוואָרן. אַזוי־אַרום האָט דאָס ביסל באָלשעוויסטיש מיליטער ווידער באַהערשט די שטאָט.

איך מיין, אַז יידן האָבן דעמאָלט געדאַרפט גומל בענטשן. ווען עס וואָלט געלונגען די פויערים זיך אַריינצוכאַפּן אין שטאָט אַריין און צו פאַרטרייבן די באָלשעוויקעס, וואָלט זי־כער די ראָוונער שחיטה איבערגעשטיגן די פּראָסקוראָווער און עס וואָלט אַ שטיין אויף אַ שטיין נישט געבליבן.

אַזאַ פאַל איז שוין געווען אין זוואָהיל. דאָרט זענען אַריין די באָלשעוויקעס און האָבן איבערגענומען די מאַכט אין שטאָט. עס פאַרשטייט זיך, אַז אין זוואָהיל האָט זיך געפירט אַזוי ווי אין ראָוונע.

די אַרומיקע פויערים האָבן זיך צונויפגעזעצט און זענען געגאַנגען אויף זוואָהיל, וואו די באָלשעוויקעס האָבן געהאַט גאָר ווייניק מיליטער. דער המון פויערים איז באַפאַלן די שטאָט. דאָס מיליטער האָט געמאַכט פּליטה.

די, וואָס האָבן אונטערגעהעצט די פויערים, האָבן ווי־ווייט מעגלעך אַריינגעהאַקט אין די פויערשע קעפּ, אַז די באָלשעוויקעס זענען יידן און די יידן זענען באָלשעוויקעס.

„ווען איר זעט אַ באָלשעוויק", האָבן זיי געזאָגט, „זאָלט איר וויסן, אַז דאָס איז אַ ייד, און ווען איר זעט אַ יידן, זאָלט איר וויסן, אַז דאָס איז אַ באָלשעוויק".

האָבן די פויערים געפרעגט:

„אַלע יידן זענען באָלשעוויקעס?"

און די אונטערהעצער, על־פי־רוב באַנדיטן און פּאָגראָמ־שטשיקעס, האָבן געענטפערט:

אַלע יידן! שלאָגט זיי, ממיתט זיי, הרגעט זיי, וואו איר קענט נאָר".

און ווען די פויערים האָבן זיך אַריינגעכאַפּט קיין זוואָ־

היל, האָבן זיי טאָקע צענדליקער און הונדערטער יידן דער־הרגעט אויפן אָרט און צענדליקער און הונדערטער באַגראָבן לעבעדיקערהייט. די ווּאָהילער שחיטות און ווּאָהילער רציחות לאָזן זיך גאָרנישט באַשרייבן.

ווען אַ פּויער הייבט אויף די האַק אָדער ער נעמט אין דער האַנט אַריין דעם רעוואָלווער, צי די ביקס, פאַרלירט ער גלייך פון רציחה יעדן פונק פון שכל, פון באַוואוּסטזיין. ער פאַרוואַנדלט זיך אין אַ ווילדער חיה, וועלכע מען קען בשום אופן נישט איינשטילן, סיידן מען זאָל זי בינדן אָדער דער־שיסן אויפן אָרט. אין דעם טומל, אין דעם טשאַד פון בלוט קען ער טויטן אָן שום איינזען דעם אייגענעם טאַטן, דער מאַמען, זיין אייגן קינד...

די פּויערים האָבן זיך אַרויסגעוואָרפן אויף ווּאָהיל, ווי ווילדע חיות. דעם גרעסטן תענוג האָבן זיי אָבער געהאַט, ווען זיי האָבן גענומען יונגע יידישע קינדער און האָבן זיי באַ־גראָבן לעבעדיקערהייט און נאָכדעם צוגעטאַנצט מיט די שווע־רע פיס אויף דער פרישער ערד פונם לעבעדיקן קבר...

„אָט אַזוי זענען די יסורים גרעסער!” האָבן זיי זיך גע־פרייט און געקוויקט. „פון אַ קויל האָט מען אַ לייכטן טויט. ס'איז גאָרנישט. מען דאַרף באַגראָבן לעבעדיקערהייט...”

אַנדערע פּויערים זענען אַריינגעפאַלן פון רציחה אין יע־נער גזלניש־סאַדיסטישער גוטמוטיקייט, וואָס איז די העכסטע מדרגה פון רשעות און ווילדקייט. זיי האָבן געשמייכלט און ווייך, מיט גרויס תענוג גערעדט צו זייערע קרבנות:

„קומט, קעצעלעך, קומט, מיר וועלן אייך באַגראָבן לע־בעדיקערהייט... קומט, קומט, קעצעלעך, אַ גרינג קברל וועט איר האָבן...”

און ווען אַ שטאָטישער קריסט האָט זיך אין זעלטענע פאַלן געפּרואווט איינשטעלן פאַרן יונגן קרבן מיט די ווערטער:

„וואוהין פירט איר אים? מיר קאָנען דאָך אים פּאַר אַ שטיל ערלעך קינד“.

האָבן יענע געענטפערט מיט סאַדיסטיש־גוטמוטיקע שמייכלעך:

„באַגראָבן פירן מיר דאָס קעצעלע...“

און באַלד דערויף כלומרשט ערנסט צוגעגעבן:

„יעי באָגו, מי נאַשלי או ניעוואָ דוואַ מעשקאַ קאָמוני... טאַקאָי טיכינקי — אי דוואַ מעשקאַ פּראָקריאַטאָי קאָמוני!“ *).

דיזעלבע בלוטיקע חתונה האָט זיך געקענט אָפּשפּילן אין ראָוונע, אָבער אין אַ סך אַ גרעסערן פאַרנעם. דאָס לעבן פון אַ גאַנצער שטאָט מענטשן איז געהאָנגען אויף אַ האָר. אויב דערצו איז נישט געקומען, זענען דערין שולדיק די... באָלשעוויקעס. אַ סך ייִדיש בלוט האָבן זיי פאַרהיט און דאָס מוז מען אָנערקענען.



*) ביי גאָט, מיר האָבן געפונען ביי אים צוויי זעק קאָמוניע... אַ אַ שטילעבעשקער — און גאַנצע צוויי זעק קאָמוניע.

## קאַפּיטל XXIV

אין קאַמף מיט די נערוון. — די טרייסט אין מיין איינזאַמ־קייט. — די פֿעדער פֿירט מיך אַרויף אויפֿן וועג פֿון זכרונות. — איך פֿאַרגראָב מיך אין עבר. — אַ באַהעלטעניש אין אַ באַהעל־טעניש. — באַראָן פֿאָן קעק. — צוועלף אַ זייגער ביינאַכט דאַרף אויסברעכן אַ פּאָגראָם אויף יידן. — געוואַלדן און שיסע־רייען. — אומבאַקאַנטע מענטשן אונטער אַגרעסן־קוסטעס. — אומזיסטע פּחדים.—ווי עס ווערט געשאַפֿן אַן אוצר־לעגענדע. — דער גרויסער מיטינג מיט דיסקוסיעס. — יוסף ק. — פֿוּיערישע פֿראַגן און באַלשעוויסטישע תּשובֿות אַלץ וועגן יידן. — ווער זענען אייגנטלעך די רויטאַרמעער.—יוסף ק.ס טראַגישער טויט. — צוויי וועגן: לעבן אָדער טויט.

ווי איך האָב מיך נישט באַמיט צו באַהערשן אין מיין געצוואונגענער געפֿאַנגענשאַפֿט, זיך אַריינגעטעמען גוט אין די הענט אַריין, נישט אָפּלאָזן זיך, נישט טראַכטן פֿון פּחד און שרעק, נישט אויסמאָלן זיך קיין שוואַרצע מוראדיקע בילדער, אַרויסוואַרפֿן פֿון קאָפּ אַלע שווערע פֿיינטלעכע רעיונות — ווי איך האָב מיך נישט באַמיט, איז עס מיר דאָך ווייניק געלונ־גען. די אָנגעשטרענגטע נערוון האָבן גובֿר געווען דעם ווילן.

דעמאָלט, אין קאַמף מיט די נערוון, האָב איך באַ־

שלאָסן צו נעמען די פעדער אין האַנט און צו פאַרשרייבן אויפן פּאַפּיר אַלץ, וואָס מיין אויג האָט געזען און מיין אויער האָט געהערט. דאָס האָט געדאַרפט זיין אַ טרייסט אין מיין איינזאַמקייט און אַ רפואה פאַר די נערוון. און דאָס האָבן אויך געדאַרפט זיין מיינע זכרונות.

די פעדער האָט מיך פּאַוואָליע גענומען פירן צו מיינע יינגלשע יאָרן, צו מיין קינדהייט, צו מיין וויג, צו מיין פאָטער און מוטער און צו מיין שטעטעלע ליובטש...

איך האָב מיך איינגעגראָבן אין עבר און האָב ביסלעכווייז פאַרגעסן אין מיינע צרות. אַזויאַרום זענען אין שטילן הייזל, אין דער געצוואונגענער געפאַנגענשאַפט פאַרצייכנט געוואָרן מיינע זכרונות.

טיילמאָל פלעגט מיך אָפּרייסן פון דער אַרבעט אַ טומל אינדרויסן, און איך פלעג מיך מיטאַמאָל דערמאָנען, וואו איך בין אין דער וועלט. דעמאָלט פלעג איך אַרויסקריכן פון דעם עבר, ווי פון אַ ליכטיקן פּאַלאַץ אין דער קאַלטער ווירקלעכקייט, וואָס איז אָנגעפילט מיט אַזויפיל פחדים און אַנגסטן.

אַמאָל האָט געטראָפן, אַז איך האָב מיך געדאַרפט פאַרשטעקן אין אַ באַזונדער באַהעלטעניש פון מיין באַהעלטעניש... איך האָב געדאַרפט האָבן אַ טאָפּעלע באַהעלטעניש, אַ טאָפּעלץ נאָרע...

אין דעם טאָג, ווען מען האָט צעטריבן די צעבונטעוועטע פּויערים און עס איז געוואָרן שטיל, איז מיר אַראָפּ אַ שווערער שטיין פון הארצן. איך האָב מיר אַרומגעשפּאַצירט אין פרוכטגאָרטן און האָב מיך געוואָלט נעמען ווידער צו דער אַרבעט. אָבער מיין שכן, באַראָן פאָן קעק, אַ צאַרישער אָפיציר, וואָס האָט געשטאַמט פון עסטאָניע און וואָס האָט זיך אויך אויסבאַהאַלטן, אַזוי ווי איך, האָט מיר געזאָגט, אַז לויט

זיינע ידיעות, ווען די פויערים צוריקקומען צוועלף א זייגער ביינאכט און עס וועט זיך אנהייבן אַ פּאָגראָם אויף יידן.

„זיי, די פויערים, האַלטן", האָט ער געזאָגט, „אַז די יידן זענען אינגאַנצן שולדיק אינעם באָלשעוויזם און אַז מען דאַרף זיך דעריבער נוקם זיין אין די יידן..."

דידאָזיקע ידיעה האָט מיך גאָר צערודערט. איך בין אַרויסגעלאָפן פון שטיב און האָב גענומען זוכן אַ באַהעלטעניש אין מיין באַהעלטעניש...

ניקאָלאַי, דער סטרוזש, האָט געזאָגט, אַז דער בעסטער אָרט, וואו מען קען זיך פאַרשטעקן, איז — אונטער די אַג-רעסן-קוסטעס. נו, מילא, זאָל זיין אונטער די אַגרעסן-קוסטעס. אַבי אַן אָרט, וואו מען קען זיך אָפּנאַרן און טראַכטן, אַז דאָ וועט מיך קיינער נישט געפינען...

לאַנגזאַם איז צוגעפאַלן די נאַכט. עס פאַרשטייט זיך, אַז מיר האָבן זיך נישט געלייגט שלאָפן. די אויערן האָבן זיך צוגעהערט, דאָס האַרץ האָט געקלאַפּט...

איך מיין, אַז מיין שכן, באַראָן פאָן קעק, דער באַרי-שער אָפיציר, האָט גאָר מיט אַנדערע געפילן געוואַרט אויף די בלוטיקע נאַכט-געשעענישן. ער האָט געזוכט פּאָגראָמשטשיקעס, כדי אַרויסצורייסן זיך פון די באָלשעוויקעס און איך האָב גע-זוכט באָלשעוויקעס (עס רעדט זיך נאָר אַזוי: געזוכט!), כדי אַרויסצורייסן זיך פון די פּאָגראָמשטשיקעס... פאַרשיידענע מענטשן, פאַרשיידענע געפילן, פאַרשיידענע אינטערעסן.

פונקט צוועלף אַ זייגער האָט זיך דערהערט אַ שטאַרקע שיסעריי. „אַזויאַרום", האָב איך געטראַכט, „באַקומט דאָך טאַ-קע דער באַראָן ריכטיקע ידיעות". מען האָט געשאָסן נישט ווייט פון אונז. מענטשן האָבן געשריען איי דער גרויליקער נאַכט אַריין מיט אימהדיקע קולות:

„גע־וואַ־לד !.. ראַ־טע־ וועט !.. גע־וואַ־לד !.. גע־וואַ־לד !"

אונזער קריסטלעכע דינסט איז באַלד געלם געוואָרן. דער סטרוזש מיטן ווייב האָבן אויך געטאָן דאָס אייגענע. איך בין אַרויסגעלאָפן פון שטוב און האָב מיך אַ וואָרף געטאָן אונטער די אַגרעסן־קוסטעס. אַ קאַלטער פחד, וואָס האָט מיר אַרומגעכאַפּט דאָס האַרץ ווי מיט אייז, האָט מיך אָבער אַ שטויס געטאָן אויף צוריק: אונטער די קוסטעס זענען געלעגן פאַרגראָבן אומבאַקאַנטע מענטשן...

וואָס זענען דאָס פאַר אַ מענטשן? ווי קומען זיי אַהער? אפשר באַנדיטן פאַר אַן אָנפאַל?

איך בין נישט טויט, נישט לעבעדיק אַריינגעלאָפן צוריק אין שטוב און האָב גענומען אַרומשפּרייזן אַהין און צוריק. איך האָב נישט געפונען מער קיין נייע באַהעלטעניש אין מיין באַהעלטעניש. איך ווייס נישט, ווי לאַנג איך האָב אַזוי אַרומגעשפּרייזט: מעגלעך, דאָס גאַנצע לעבן מיינס און, מעגלעך, בלויז געציילטע מינוטן. מיטאַמאָל איז אָבער שטיל געוואָרן. מען הערט נישט מער קיין געשרייען, קיין שיסערייען. אַ טויט־מידער האָב איך מיך אַראָפּגעלאָזט אין בעט און בין איינגעשלאָפן ווי אַ דערהרגעטער...

אין פחד פאַרוואַנדלט זיך תמיד אַ פליג אין אַ העלפאַנד. צומאָרגנס אינדערפרי האָבן מיר זיך דערוואוסט, אַז די גאַנצע שיסעריי האָט געשטאַמט פון עטלעכע צעיושעטע שיכּורע רויטאַרמעער, וואָס זענען באַפאַלן אַ יידיש הויז. די רויטאַרמעער האָבן געשאָסן און די מענטשן פונם הויז האָבן געמאַכט געוואַלדן. עס איז געווען אַ מין ספּאָרט — ווער וועמען עס וועט אַריבערשטייגן: צי די געוואַלדן די שיסערייען, צי די שיסערייען די געוואַלדן...

נישט ווייט פונם באַפּאַלענעם הויז האָט זיך געפונען אַ שפּיטאָל, האָט מען פון דאָרט גענומען פייערן אויף די רויט-אַרמעער. די לעצטע זענען זיך באַלד צעלאָפן, און דערמיט האָבן זיך געענדיקט די נאַכט-געשעענישן...

דער באַראָן פאָן קעק האָט, אַלזוי, נישט געהאַט קיין ריכטיקע ידיעות.

די פּויערים זענען שוין מער נישט געגאַנגען אויף ראָוונע. אין קאַמף מיט די באָלשעוויקעס האָבן זיי פאַרלאָרן עטלעכע אונטערהעצער. צווישן זיי איז געווען איינער אַ יונ-גערמאַן, אַ זון פון אַ רייכן בעל-גוף. פאַר דער מרידה האָט ער פאַרגראָבן אין דער ערד אַ היפּשע מטבע אין גאָלד. נאָך זיין טויט האָט דער פאָטער לאַנג אַרומגעזוכט אין דער ערד דאָס פאַרגראָבענע געלט און האָט עס נישט געפונען. מעגלעך אין אַ הונדערט יאָר אַרום, ווען עמעץ וועט דאָ צופעליק גוט צעאַקערן די ערד אָדער גראָבן אַ פונדאַמענט פאַר אַ נייע הויז, וועט ער געפינען אַ גאָלדענעם אוצר, וואָס וועט שאַפן אַ גאַנצע אוצר-לעגענדע אין די נאָענטע דערפער און שטעטלעך...

אין עטלעכע טעג אַרום האָבן די באָלשעוויקעס אָרגאַני-זירט אַ גרויסן מיטינג אין זאַפּראַנס טעאַטער. צו דעמדאָזיקן מיטינג האָבן זיי איינגעלאַדן אויך פאָרשטייער פון די אַרומיקע דערפער. עס האָט געדאַרפט פאָרקומען אַן עפנטלעכע דיסקוסיע וועגן דעם פּויערים-אויפשטאַנד און זיינע סיבות.

געפירט האָט דעם מיטינג אַ יידישער יונגערמאַן יוסף ק., אַן ענערגישער און סאָלידער באָלשעוויק. עס זענען געשטעלט געוואָרן פראַגן און ער האָט געגעבן אַ תשובה אויף דידאָזיקע פראַגן.

איין פּויער האָט געפרעגט:

„פאַרוואָס זענען אַלע רעקוויזיציע־אָרדערס אונטערגעשריבן מיט יידישע נעמען?"

דער ענטפער:

„ווייל געראַדע יידן זענען באַמטע אין דער רעקוויזיציע־אָפּטיילונג. די רעקוויזיציעס פאַלן אויף אַלעמען גלייך סיי אויף יידן, סיי אויף נישט יידן".

אַ צווייטער פויער האָט געפרעגט:

„פאַרוואָס זענען כמעט אַלע באַמטע יידן?"

דער ענטפער:

„דאָס איז נישט מער ווי אַ צופאַל. צווישן די יידן האָט זיך געראַדע געפונען אַ גרעסערע צאָל אינטעליגענטע, באַוואוסטזיניקע און פעאיקע מענטשן, וועלכע פירן אויס זייערע פונקציעס ערלעך און טריי".

נאָך אַ פויער האָט געפרעגט:

„פאַרוואָס זענען נאָר יונגע יידן באַמטע? וואו זענען די עלטערע חשובע יידן, וועלכע האָבן אַ גוטן נאָמען אין שטאָט? פאַרוואָס מיידט איר זיי אויס? וואָס איז דער מיין דערביי?"

דער ענטפער:

„ווייל די יונגע יידן פאַרשטייען בעסער דעם מלוכה־רעזשים, ווי די עלטערע יידן. די עלטערע יידן זענען על־פּי־רוב שונאים פון דער באָלשעוויסטישער אָרדענונג. קיין שום פּאָליטיק איז דאָ נישט פאַראַן און קיין שום פּראָטעקציעס גילטן דאָ נישט. מיט אונז קען אַרבעטן יעדער איינער, וועלכער סימפּאַטיזירט נאָר מיט אונזער אַרבעט, מיט אונזערע אידעען. דער וועג איז פאַר אַלעמען פריי און אָפן".

אין דעם נוסח איז ווייטער געפירט געוואָרן דער מיטינג. איך ווייס נישט, צי ער האָט פיל־ווייניק אויפגעקלערט די

אונטערגעהעצטע פויערים, וועלכע האָבן דעם גאַנצן באָלשעוויזם געזען אין די יידן. אונטערגעוואַרעמט אין אונטערגעהעצט פון זייערע יידנפרעסערישע דאָרף־אַגיטאַטאָרן, האָבן זיך זייערע שווערע פויערישע רעיונות תמיד געדרייט אַרום יידן...

* * *

יוסף ק., דער פירער פון מיטינג, האָט געהערט צו די טיכטיקסטע און טעטיקסטע באָלשעוויקעס. ער האָט אויך שטאַרק אָפּגעהיט די אָרדענונג אין שטאָט. ווער זײַנען אייגנטלעך געווען די רויטאַרמעער? די אייגענע זעלנערמאַסע, וואָס פאַר די צאַרישע צייטן. אין זיי איז געזעסן דערזעלבער שד, דערזעלבער רוח, וואָס אין יענע. נישט מער, מען האָט דעמדאָזיקן שד עטוואָס געבונדן, עטוואָס געפּענטעט. דער סאָלדאַט האָט געהערט גוטע ווערטער, ער האָט געזען אַ מענטשלעכע באַציונג צו זיך. אָבער שוין זשע קען אַ דערוואַקסענער מענטש — און בפרט נאָך אַ פויער, וואָס איז אַזוי ווייניק באַרירט פון קולטור — אַזוי שנעל זיך ענדערן פון גוטע ווערטער, פון אַ בעסערער באַציונג?

אָפּהיטנדיק די שטאָט, האָט יוסף ק. במילא געמוזט שטאַרק אַכטונג געבן אויף די זעלנער, וואָס זענען אַלעמאָל געווען די סיבה אָדער פון אומרוען אָדער, פאַרקערט, פון אָרדענונג.

ווען צוויי רויטאַרמעער האָט זיך פאַרגלוסט אַ הוליע צו טאָן און זיי זענען באַפאַלן אַ יידיש הויז און געפאָדערט געלט,

האָט זיי יוסף ק. געלאָזט דערשיסן אויפן אָרט. האַלבע מיטלען האָט ער, קענטיק, פיינט געהאַט.

אַ סך זעלנער האָבן דערפאַר געטראָגן אויף אים אַ האַרץ. די זעלנער האָבן דעמאָלט בכלל נישט אָנערקענט קיין שום שטראָף איבער זיך. יעדע שטראָף האָבן זיי געהאַלטן פאַר אַ פאַרברעכן כּצד דער מיליטערישער מאַכט.

מיט יוסף ק. האָבן זיי זיך בלוטיק אָפּגערעכנט, ווי עס פּאַסט פאַר יענע צייטן. ווען די פּאָליאַקן האָבן אָנגעגריפן און די באָלשעוויקעס האָבן פאַרלאָזט ראָוונע, האָבן די רויטע זעלנער דערשאָסן יוסף ק. אויפן ראָוונער וואָקזאַל מיטן תּירוץ, אַז ער האָט כּלומרשט פאַרשפּעטיקט מיט דער עוואַקואַציע...

דאָס איז געווען אַ תּירוץ. מען האָט עס אָבער געקענט מאַכן אויך אָן אַ תּירוץ. קיינער וואָלט זיי מסתּמא פאַר אַזאַ מין שטיקל אַרבעט נישט באַצאָלט.

דעמאָלט זענען געווען צוויי וועגן: לעבן אָדער טויט. דידאָזיקע וועגן האָבן זיך שרעקעוודיק אויסגעצויגן נישט בלויז פאַר דער אומבאַהאָלפענער און אומבאַוואָפנטער פרידלע-כער באַפעלקערונג, נאָר אויך פאַר די פירער און רעדלפירער.

אַ סך פון זיי זענען אַוועק מיט דעם לעצטן וועג...



# קאַפּיטל XXV

**נאָך אַלץ נישטאָ קיין מנ־חה און אָרדענונג. — די רויטאַרמייער ווילן אַ הוליע טאָן.—וואָס הייסט אַ זעלנערישע הוליאַנקע. — אַ קאַלטער מבול ראַטעוועט אַ שטאָט. — אַ פּאַרשטערטער שבועות.— אַ קאַמף פון די האַלערטשיקעס מיט די באָלשעװיקעס. — די סימפּאָניע פון ביקסן, קוילנוואַרפער און האַרמאַטן. — די האַלערטשיקעס אָפּגעטרעטן. — אַ טייערע סגולה צו איבערגעזעטיקטקייט און אַפּאַטיע. — דער פייער ווערט כסדר געהעצט קעגן יידן. — מען צעהאַקט אַ יידן אויף שטיקער. — די טראַגעדיע אין קאָסטאָפּאָל. — מען ברענגט יידישע קינדער שבת צו דער קבורה און מען שפּילט שאָפּענס טרויערמאַרש. — וואָס יידן שמועסן צווישן זיך. — ג'שטאָ מיט ווערן צו גיין, מיט ווערן זיך צו באַהעפטן.**

נאָך אַלעמען האָט מען כסדר געלעבט ווי אויף אַ וואולקאַן און מען האָט זיך צוגעוויינט צום קראַטער. די באָלשעווויסטישע רעדלפירער האָבן כסדר געטרומייטערט פון מנוחה און אָרדענונג, אָבער די מנוחה און אָרדענונג האָבן זיך נישט געוואָלט איינפלאַנצן אין לעבן.

עס האָט זיך אונטערגערוקט דער יום־טוב שבועות, האָבן זיך די רויטאַרמייער צעבונטעוועט, און עס האָט געהאַלטן דערביי, אַז זיי זאָלן חרוב מאַכן די גאַנצע שטאָט. וואָס האָבן זיי געוואָלט? זיי האָבן געוואָלט אַ הוליע טאָן...

אָבער אַ זעלנערישע הוליאַנקע, ווי באַוואוסט, קאָסט טייכן בלוט.

מען האָט גענומען איינטענהן מיט זיי, מען האָט זיי גע- נומען אויפווייזן מיט מאַרקסן און ענגעלסן און אַנדערע סאָ- ציאַליסטישע רביים, אַז אַ רויטאַרמעער איז אַ הייליקער זעל- נער און טאָר נישט וועלן אַ הוליע טאָן איבער יענעמס גוף און בלוט. פאַנקע האָט אָבער אויסגעשטעלט אַ פּאָר טעמפּע אויגן, און די ווערטער האָבן זיך געקלעפּט צו אים, ווי אַר- בעס צו דער וואַנט...

ער איז אַרויס פון גדר, די דיסציפּלין איז געפאַלן. עס האָט געפעלט אַן אָנגעזעענער מיליטערישער אויטאָריטעט.

דעמדאָזיקן שבועות, ווען דער פּחד האָט אויסגעלאָשן די שמחה פון יום-טוב, האָט אונז ממש גאָט אַליין אַרויסגעהאָלפן: ער האָט אַראָפּגעשיקט פון זיינע הימלען אַ קאַלטן מבול. צוויי טעג האָט געגאָסן און געפּלייצט, אַזוי, אַז מען האָט נישט גע- קענט אַרויסשטעקן אינדרויסן די נאָז...

די באַפעלקערונג איז געזעסן אין די הייזער, די זעלנער אין די קאַזאַרמעס, און גאָט צו דאַנקען — די סכנה האָט געמיטן...

אַזוי זענען מיר איבערגעקומען דעם שבועות. אָבער צו דעם קריסטלעכן יום-טוב „טראָיצע" האָבן זיך די פּוילישע זעלנער, האַלערטשיקעס, וואָס זענען געשטאַנען ביי פּאַלצעוו, פינף און דרייסיק קילאָמעטער פון ראָווגע, געוואָלט „אַ שפּיל טאָן" מיט די באָלשעוויקעס. אייגנטלעך, פאַרוואָס מעגן קינדער יאָ וועלן שפּילן און זעלנער נישט? אָט, מען שטייט ביים פראָנט, קיין אַרבעט איז נישטאָ, מען טוט און מען גענעצט בּסדר, ווילט זיך, ווי מען זאָגט, אַ ביסל „פאַנאַנדערנעמען די הענט".

אַ הונדערט האַלערטשיקעס האָבן זיך אַ לאָז געטאָן אויף ראָוונע. תחילת האָבן זיך די באָלשעוויקעס איבערגעשראָקן און האָבן זיך גענומען פּאַקן אין וועג אריין. זיי האָבן זיך אָבער באַלד באַדאַכט און האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן צום געווער...

עס האָט זיך אָנגעהייבן די אַזוי גוט באַקאַנטע סימפּאָניע פון ביקסן, קוילנוואַרפער און האַרמאַטן. אַך, ווי דידאָזיקע סימפּאָניע האָט זיך אונז צוגעגעסן: עס האָבן געקנאַקט די ביקסן, „געשטעפּט" די קוילנוואַרפער, געדונערט די האַרמאַטן. די פייכטע קעלערס זענען ווידער אָנגעפילט געוואָרן מיט לע־בעדיקע שרעקעווודיקע מענטשן...

צולעצט זענען די האַלערטשיקעס אָפּגעטרעטן, און דאָס־דאָזיקע שפּיל האָט זיי געקאָסט אַ פּאָר צענדליק טויטע, חוץ פאַרוואונדעטע.

מיר האָבן געלעבט מיט די טאָג־געשעענישן. אַ פּאָר טעג, אַ וואָך האָט דער ווולקאַן געשוויגן און נאָכדעם האָט ער מיטאַמאָל גענומען שפּייען מיט פייער. אָפּגעשפּייט מיט פייער, האָט ער זיך ווידער איינגעשטילט, כּדי שפּעטער פונדאָס־ניי אָנצוהייבן זיין פייער־מלאכה.

אין אַמעריקע זענען פאַראַן מיליאָנערן, מיליאַרדערן, וועלכע זענען אַזוי איבערגעזעטיקט, צעפּיעסטעט און צעבאַלעוועט, אַז זיי פאַלן עפּעטער אַריין אין אַ מרה־שחורה און אַפּאַטיע. באַוועגן קען זיי נאָר אַן אויסערגעוויינלעך שטאַרקער איינדרוק, אַ טיפע ערפינדונג, אַ מערקווירדיקע איבערלעבונג... כלעבן, אין יענער צייט האָט מען זיי אַלע געדאַרפט אַרויס־שיקן קיין ראָוונע. זיי וואָלטן דאָ געפינען אומגעריכטע מערק־ווירדיקע איבערלעבונגען און שטאַרקע עמפּינדונגען, אַזוי, אַז זיי וואָלטן באַלד באַפרייט געוואָרן פון זייער אַפּאַטיע...

טונקעלע פאַרשווינען האָבן כּסדר אונטערגעהעצעט די דאָר־פישע פּויערים קעגן די יידן. מען האָט די פּויערים געזאָגט, אַז ווען זיי וועלן אויסשעכטן די יידן, וועלן זיי פּטור ווערן פון אַלע צרות. די פּויערים האָבן געגלויבט אין דעם. זיי האָבן בכלל בעסער געגלויבט זייערע אונטערהעצער, ווי די באָלשעוויסטישע אַגיטאַטאָרן.

ווען דער ראָוונער באַלעבאָס משה ב. איז אַרויסגעפאָרן אין אַ נאָענטן דאָרף איינצוקויפן דאָרט אַ ביסל פּראָדוקטן פאַר זיין פאַמיליע, האָט מען אים געבראַכט צוריק אין שטאָט אַריין אַ צעהאַקטן אויף דריי שטיקער. די פּויערים האָבן אים דערהרגעט, געדענקענדיק אין די ווערטער פון זייערע אונטער־העצער...

אין עטלעכע טעג אַרום זענען קאָסטאָפּאָלער פּויערים אַרויס געטרעטן קעגן די באָלשעוויקעס. זיי האָבן פאַרטריבן די באָל־שעוויקעס פון זייער גבול און האָבן מבטיח געווען, אַז זיי וועלן דערהרגענען יעדן באָלשעוויק, וואָס וועט זיך נאָר ווייזן אויף זייערע אויגן.

אויף אַ באָלשעוויסטישער פאַרזאַמלונג אין ראָוונע האָבן די רעדלפירער געפרעגט:

„ווער פון אייך נעמט זיך אונטער אַרויסצופאָרן קיין קאָסטאָפּאָל, צו אַגיטירן און צו באַרואיקן די דאָרטיקע פּויערים?"

עס האָבן זיך אַרויסגערופן פיר יידישע יונגעלייט. זיי זענען אַרויסגעפאָרן פרייטיק און שבת אינדערפרי האָט מען זיי געבראַכט אין שטאָט אַריין צעהאַקטע אויף שטיקער...

מען האָט זיי מקבר געווען דעמזעלבן טאָג אויפן יידישן בית־עולם. עס איז געווען אַ פייערלעכע לוויה. מען האָט זיי

מקבר געווען מיט גרויס פּאָמפּע אין פּאַראַד. אַן אָרקעסטער האָט געשפּילט שאָפּענס טרויער-מאַרש. מען האָט געהאַלטן פלאַמענדיקע רעדעס...

דער ראָוונער יידישער בית-עולם געדענקט אַוודאי נישט אַזאַ פאַל, אַז מען זאָל יידישע קינדער ברענגען שבת צו דער קבורה און אַן אָרקעסטער זאָל נאָך צושפּילן דערביי... שפּילן שפּילט מען ביי יידן אויף אַ חתונה, אָבער נישט אויף אַ לוויה.

„ס'איז אַ הפקר-וועלט", האָבן יידן געשמועסט אין שטאָט. „גאָט זאָל אויסהיטן! אָט דאָס הייסט, ווען יונגע פאָלגן נישט די עלטערע, ווען זיי גייען אַרויס אינגאַנצן פון גדר. אַזאַ וויסטן סוף האָבן זיי, כאָטש מען פאַרשפּילט דאָס אומגליק מיט מוזיק..."

„איך טענה דאָך מיט זיי, מיט די שנעקעס", זאָגט אַן עלטערער ייד, „די באָלשעוויקעס זענען אַריין אין שטאָט און דרייען דאָ אַ רעדל, איז דאָס זייער זאַך... איר אָבער שווייגט, איר מישט זיך נישט, איר קריכט נישט, וואָרים איר שפּילט זיך מיט פייער... געדענקט, וואָס איך זאָג אייך! הערט מען דאָך מיך אָבער נישט. מען גייט אויף זייערע פאַרזאַמלונגען, מען חברט זיך מיט זיי און דער סוף איז, אַז מען ווערט באַגראָבן אום שבת מיט מוזיק... שיינע צייטן האָבן מיר זיך דערלעבט, נישטאָ וואָס צו רעדן!"

אַן אַנדער ייד, אַ פּאָליטיקער, אַנטוויקלט אַזאַ מין געדאַנק:

„די באָלשעוויסטישע ממשלה וועט דאָ מסתמא נישט זיין אויף לאַנגע יאָר. זי וועט אַוועק און עס וועט קומען אַן אַנדערע, נישט קיין באָלשעוויסטישע. איז דאָך טאַקע גלייכער,

אז מען זאָל לעבן גוט מיטן אָרטיקן פויער, נישט איינרייסן מיט אים. ער וועט דאָך דאָ אַלעמאָל פאַרבלייבן און ער האָט אַזאַ כּוח! מען דאַרף גיין מיטן פויער, מען דאַרף זיך פאַר־בינדן מיט אים אַזוי, אַז ער זאָל אַליין איינזען, אַז מיר האָבן נישט קיין שום שייכות מיט די באָלשעוויקעס.

דערדאָזיקער געדאַנק ווערט אָבער זייער קאָלט אויפגענומען, מען פרעגט:

„ווי אַזוי וועט איר זיך פאַרבינדן מיטן פויער? צווישן אים און דעם יידן שטייט אַ הויכע דיקע וואַנט, אויפגעשטעלט פון די אונטערהעצער און אַנטיסעמיטן. איר וועט מיט קיין שום האַמערס אין דער וועלט נישט אַרויסשלאָגן דעם פויער פון קאָפּ, אַז די יידן האָבן זייער וועג און די באָלשעוויקעס, ווידער, האָבן זייער וועג. ער וועט אַלעמאָל טענהן דאָס זייניקע און וועט אויך טאָן דאָס זייניקע: ער וועט שעכטן, וואו ער וועט נאָר קענען... ער איז דאָך נישט מער, ווי אַ געצייג אין די הענט פון זיינע אונטערהעצער, און נאָר זיי וועט ער הערן און נאָר זיי וועט ער פאָלגן".

דער גאַנצער טראַגיזם פון די יידן איז אין פלוג באַשטאַנען אין דעם, וואָס זיי, די יידן, האָבן אין יענע שרעקלעכע יאָרן נישט געהאַט צו וועמען זיך צוצוקלעפּן, מיט וועמען צו גיין. זיי זענען געווען איינזאַם און אַליין. מיט די באָלשעוויקעס איז שפּעטער געגאַנגען נישט מער ווי אַ הייפל פונם יידישן יונגוואַרג. אַפילו דער „בונד" האָט זיך נישט אומעטום באַהעפט מיט זיי.

די נויט האָט זיך מיט יעדן טאָג פאַרגרעסערט. עס האָט ביסלעכווייז גענומען טאָגן אין די זאַפּאַסן, וואָס מען האָט זיך איינדערשטיל געמאַכט. דער יקרות האָט זיך געהייבן אין די וואָלקנס אַריין...

„אַט וועט איר זען", האָט מען עפּעטער געשמועסט צווישן זיך, „מיר וועלן בלייבן אָן אַ הייפּל מעל אין שטאָט... עס וועט נישט זיין קיין ברויט, און מען וועט מוזן עסן די שטיי־נער פון ברוק..."

„שטיינער אָבער עסט מען נישט, נאָר מען ווערגט זיך מיט זיי", האָט זיך עמעץ געוויצלט.

„נו, ווערגט מען זיך טאַקע שוין באַצייטנס", האָט אַן אַנדערער געזאָגט. „אוי, ווערגט מען זיך! גייט אַריין אין אַ יידישער שטוּב, וועט איר זען: טויטע פּנימער, אויסגעצויגענע נעז... נישט מער, די יונגע האַלטן זיך נאָך. זיי טומלען זיך נאָך אַרום... אָבער די עלטערע, די דערוואַקסענע גייען אַרום אָן קעפּ..."



# קאַפּיטל XXVI

צוויי חדשים אונטער דער באָלשעוויסטישער ממשלה. — איך בין נאָך אַלץ אַן אומלעגאַלער מענטש. — די נגישות פון די באָלשעוויקעס ביי מיר אין הויז. — דאָס לעבן פאַר די האַרעפּאַשניקעס, דער סויט פאַר די בורזשויעס. — קיריל און זיינע סטראַשונקעס. — געזוכט פאַר יענעם אַ ביסערן סוף און אַליין אים באַקומען. — דער תענוג פון עבר. — ווידעראַמאָל דער וועג פון מיין לעבן. — פון ליובאַש ביז ראָחנע. — ביז דער וועלט-מלחמה עבר, פון דער וועלט-מלחמה ווירקלעכקייט. — כחד דער איינציקער באַגלייטער אין לעבן. — פראַגן, וואָס שווימען אַרויס פאַר מיר הונדערט מאָל אַ טאָג.

ס'האָבן זיך דערוויייל אָוועקגעצויגן צוויי חדשים אונטער דער באָלשעוויסטישער ממשלה און איך בין נאָך אַלץ געווען פאַרשטעקט אינם הייזל אַן עק שטאָט. איך בין געווען אַן אומלעגאַלער מענטש, און קיינער האָט נישט געטאָרט וויסן פון מיין באַהעלטעניש. עפּטער אָבער פלעגט דעמדאָזיקן אומלעגאַלן מענטשן באַזוכן זיין פרוי, זיינע קינדער. מען פלעגט שמועסן, מען פלעגט דערציילן, וואָס עס טוט זיך אין שטאָט, אָבער די מעשיות און ידיעות זענען אַלעמאָל געווען נישט זייער קיין פריילעכע.

די באָלשעוויקעס קריכן ממש אויפן קאָפּ, לאָזן נישט לעבן, האַלטן אין איין סטראַשען, אַז זיי וועלן אַוועקשיקן די בורזשויעס אויפן עולם האמת און זאָל זיי דאָרט גאָט משפּטן.

באַזונדערס האָבן זיי געפּייניקט מיין פרוי. זי איז אויסגעשטאַנען די גרעסטע נגישות פון זיי. די באָלשעוויקעס, וואָס האָבן געוואוינט ביי אונז אין דירה, האָבן זיך תמיד באַמיט, אַז אונזערע דינסטן זאָלן נישט אַריינטאָן אַ פינגער אין קאַלט וואַסער און אַז מיין פרוי זאָל אַרבעטן פאַר זיי. מיין פרוי האָט געמוזט וואַשן די פּאָדלאָגעס, איינהייצן דעם אויוון, קאָכן דעם מיטאָג...

„מיר וועלן איינפירן", האָבן זיי זיך באַרימט, „גאָר אַנדערע נייע מנהגים: די באַלעבאָסטעס וועלן האָרעווען און פינסטערן און זייערע דינסטן וועלן זיצן מיט פאַרלייגטע הענט און גענעצן... מען וועט זיך בייטן מיט די ראָלן. עס איז שלעכט און נאַריש, אַז אַ מענטש זאָל דאָס גאַנצע לעבן שפּילן איין ראָל. זאָל אַ באַלעבאָסטע אויך שפּילן די ראָל פון אַ דינסט און זאָל זי טאַקע וויסן, צי דאָס איז אַן אָנגענעמע ראָל, צי נישט..."

אַן אַנדערער האָט געזאָגט:

„מיר וועלן דאָס גאַנצע לעבן איבערדרייען מיטן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פיס אַרויף... אַלץ, וואָס איז פריער געווען גוט, וועט איצט זיין שלעכט און אַלץ, וואָס איז פריער געווען שלעכט, וועט איצט זיין גוט... פריער איז געווען גוט דעם פאַבריקאַנט, דעם סוחר, דעם בורזשוי און דעם אַרבעטער שלעכט און ביטער. איצט וועט זיין גוט דעם אַרבעטער און דעם פאַבריקאַנט וועט זיין שלעכט און ביטער... אָט אַזוי וועט עס זיין: דאָס לעבן פאַר די האָרעפּאַשניקעס, דער טויט פאַר די בורזשויעס!"

גאַנצע טעג פלעגן זיי זינגען לידלעך, טאַנצן, האָפּקען, שרייען און קלייבן נחת פון זיך און פון זייער מאַכט.

אַמאָל פלעגן זיי שיסן אין די פענסטער אַריין, כדי אי־בערצושרעקן מיין פרוי...

צווישן די באָלשעוויסטישע זעלנער איז געווען איינער מיטן נאָמען קיריל, איז ער איר גאָר דערגאַנגען די יאָרן. ער פלעגט איר אָנטאָן כלערליי נגישות און פלעגט בעת מעשה לאַכן.

„איך האָב ליב צו זען, ווי בורזשויעס מוטשען זיך!..“ פלעגט ער זאָגן. „עס קומט מיר צו אַ שטיק געזונט דערפון... איך האָב ליב צו זען, ווי וועלף מוזן ווערן לעמעלעך...“

איינמאָל איז מיין פרוי, בטבע זייער אַ מוטיקע, געקו־מען צו מיר אַ ביסל אַ צערודערטע.

רוף איך מיך אָן צו איר:

„דו ביזט מיר היינט עפּעס נישט דיזעלבע, וואָס אַלע־מאָל. זאָג מיר, וואָס איז געשען?“

שמייכלט זי.

„מיר איז דאָך זייער גוט“, זאָגט זי. „איך האָב שוין לאַנג איינגעזען במחשבה, אַז איך בין טויט, אַז מען האָט מיך דערהרגעט... און דאָך לעב איך נאָך... איך גיי נאָך אַרום, איך זע נאָך די ליכטיקע וועלט... דאָס איז דאָך אַזוי גוט, וואָס קען גאָר בעסער נישט זיין...“

און זי דערציילט מיר, אַז קיריל האָט איר עטלעכע מאָל מבטיח געווען, אַז ער וועט זי דערשיסן אויפן אָרט, ווען די באָלשעוויקעס וועלן אַרויס פון ראָוונע.

„ער סטראַשעט“, זאָג איך.

„יאָ, ער סטראַשעט“, זאָגט מיין פרוי, „אָבער פון אַזעל־סטראַשונקעס גליווערט טיילמאָל דאָס בלוט אין דעם מענטשן...“

נישט אַלעמאָל אָבער מעג מען יענעם סטראַשען. אַמאָל געשיט עס פונקט פאַרקערט. דער, וואָס סטראַשעט, דער באַקומט דווקא די מפּלה.

קיריל האָט געהאַט זייער אַ ביטערן סוף. איינמאָל איז ער מיט נאָך עטלעכע רייטער אַרויסגעפאָרן כאַפּן פיש. מען איז אַרויסגעפאָרן, ווי דער שטייגער איז, זייער קריגעריש: באַוואָפנט מיט רעוואָלווערן, באַהאָנגען מיט האַנט-גראַנאַטן.

קיריל איז אָבער אינמיטן וועג אַראָפּגעפאַלן פון פערד, די האַנט-גראַנאַטן האָבן זיך אויפגעריסן...

קיריל איז שטאַרק צעשעדיקט געוואָרן. אין אַ שווערן צושטאַנד האָט מען אים אַריינגעטראָגן צו אונז אין הויז. מיין פרוי און אירע אַ פלימעניצע האָבן אים אַ גאַנצע נאַכט געמוזט לייגן אייז אויף די צעקאַליעטשעטע ערטער. דער עיקר האָט ער זיך צעשעדיקט די פיס..

זיינע סטראַשונקעס זענען נישט מקוים געוואָרן. אָדער בעסער געזאָגט: זיי זענען מקוים געוואָרן לגבי אים גופא. בשעת די באָלשעוויקעס האָבן פאַרלאָזט ראָוונע, איז שוין קיריל געגאַנגען אויף קוליעס... ער האָט קיין פיס נישט געהאַט.

* *
*

איך האָב מיר אַלץ געשריבן מיינע זכרונות, געזוכט אין זיי טרייסט און באַרואיקונג. איך האָב אויפגעלעבט מיין שטעטל, מיינע קינדעריאָרן..

איך האָב געזען אין דמיון אונזער ליובטשער הויז, דעם פאָטער, די מוטער. איך האָב געזען מיינע קרובים, מיינע רביים. מיינע קינדעריאָרן זענען אַזעלכע לייכטע, זאָרגלאָזע...

נאָכדעם שטאַרבט דער פאָטער. איך הייב אָן פירן אַ לעבן פון אַ יתום. עס הייבט זיך אָן מיין וואַנדערלעבן: פון ליובטש קיין ווילנע, פון ווילנע קיין קענע, פון קענע ווידער קיין ווילנע און פון ווילנע ווידער קיין ליובטש צופוס...

נו, נאָכדעם הייבן זיך אָן די קאָנדיציעס. איך שפּאַן פון דאָרף צו דאָרף. אין פאַרשיידענע הייזער געלערנט מיט קינדער. מיט אַ באַזונדער פאַרגעניגן דערמאָן איך מיך אין נחומזאָנס הויז...

עס רוקן זיך אונטער די בחורשע יאָרן. איך ווער זעלבּ־שטענדיק און האָב חתונה. די נויט ווערט אַן אָפטער גאַסט ביי מיר. איך דערפיל דעם ביטערן טעם פון אָרעמקייט.

איך לויף קיין אַמעריקע.

אין אַמעריקע — נויט און פראַצע, דערפאַר אָבער באַ־שמאָלצן מיט גוטע האָפענונגען... עס איז מיר אָבער נישט באַשערט צו רעאַליזירן דידאָזיקע האָפענונגען.

איך לויף צוריק קיין ווילנע, און עס הייבט זיך אָן אַ ניי שווער לעבן. צום ערשטן מאָל באַקען איך מיך מיט דער ביר־פּראָדוקציע...

אין מיין לעבן קומען פאָר גרויסע שנויים. פון קליי־ניטשקע וועגן און שטעגן טרעט איך אַרויף אויף ברייטע אָפענע טראַקטן.

אַזוי זינקט מיין געדאַנק אין עבר און אין עבר גע־פינט ער באַרואיקונג.

מיר דאַכט זיך, אַז מיין עבר ליגט גאָר ערגעץ אויף

אַן אַנדער וועלט און צווישן אַנדערע מענטשן. און די וועלט, אויף וועלכער איך אָטעם און האַלט אָפן מײַנע אויגן, הייבט זיך אָן מיט דער מאוימדיקער מלחמה פון די גרויסע מלוכות...

ביז דער וועלט-מלחמה איז עבר, פון דער וועלט-מלחמה — ווירקלעכקייט. נאַקעטע ווירקלעכקייט, וואָס שמייסט דאָס פנים, ווי מיט ריטער...

פריער דער פראָנט נישט ווייט פון ראָוונע: פּחדים, גזירות, שפּיאָנאַזש-ביבולים, פּליטים, היימלאָזע. נאָכדעם צעיו־שעטע דעמאָראַליזירטע זעלנער, אַ צעפאַלענער פראָנט. באַנ־דיטן צווישן זעלנער, זעלנער צווישן באַנדיטן.

נאָכדעם — רעוואָלוציע, האָפענונג און שמחה און ווי־דער פּחדים. מען לעבט מ־טן טאָג, מיט דער שעה.

און אָט איז דער דייטש. די פּחדים לאָזן אָפּ. מען פאַרזוכט אויף אַ ווײַלע דעם טעם פון מנוחה. אויפן הימל קלייבן זיך אָבער ווידער שוואַרצע כמאַרעס.

פון דידאָזיקע כמאַרעס רוקט זיך אַרויס אַ מענטשעלע, וואָס הייסט פּעטלורע...

אַ גאַנץ לאַנד ווערט פאַרטרונקען פון פּאָגראָמען. די געשרייען פון געשאָכטענע מענטשן פּילן אָן די לופט. איצט באַגלייט אונז דער פּחד, ווי אַ שאָטן. ער גייט מיט אונז אין גאַס, ער זעצט זיך מיט אונז צום טיש, ער לייגט זיך מיט אונז אויף דער נאַכט אין בעט...

מיר קריכן אין נאַסע קעלערס, מיר וואוינען אין פּעסער. אוןִ מיר אַליין וואונדערן זיך, וואָס מיר לעבן נאָך...

און נאָכדעם קומען די באָלשעוויקעס. די פּחדים הערן נישט אויף. דער פּחד פון איין טאָג טראָגט זיך איבער אויפן צווייטן. שיסערייען, גזוואַלדן, פּויערים-בונטן, רציחות.

איך זיץ אין מיין שטילן הייזל און פרעג מיך:

„ווען וועט עס אַלץ אויפהערן? ווען וועט קומען אַ סוף צו דעם גיהנום? ווען וועט בּאַקומען די שטאָט אַ מראה פון אַ רואיקער שטאָט? ווען וועט זיך אויסלעשן דאָס פייער אין וואולקאַן? ווען וועט מען מעגן אַרויסגיין אין גאַס? ווען וועל איך אויסגעלייזט ווערן פון מיין געפאַנגענשאַפט? ווי לאַנג וועל איך נאָך דאָ זיצן?"

גאָטעניו, ווי לאַנג וועל איך דאָ זיצן? איך האָב שוין נישט קיין נערוון מער!



# אינהאַלט:

## קאַפּיטל I

דער באָלשעוויזם אין ראָוונע. — אַלץ איז רויט. — די לאַגע פון „בורזשוי". — דער 3-טער אינטערנאַציאָנאַל שטעקט אומעטום אריין די נאָז. — מיין באַשלוס ארויסצו-פאָרן קיין קיעוו. — א פראָסט, וואָס ברענט ווי מיט פייער.— אַ שמועס מיט די באַנבאַאַמטע. — די מוראדיקע צוג-אַטאַ-קעס. — אויף די רעבער פון די וואַגאָנעס. - מיין נסיעה אין „שטאַבוואַגאָן". -- ראַף-מוזיק אין פראָסט. — אין שע-פּעטווקע. — מען נעמט אונז מיט שטורעם. — די ראָל פון אויוונהייצער. — פארשטאָלטענע בורזשויעס. — פּאַפּיראָסן אין שאָקאָלאַד, וואָס באַרואיקן. — טויטשרעק פון א צאַרישן אָפיציר אָן עפּאָלעטן. – אין בערד טשעוו. — א מעשה מיט

א דיקן פּאָפּ, העלבן מען ציט אַראָפּ די נײַע שטיוול פֿון די
פֿיס. -- עס הילפֿט זיך נישט לאָבן און עס לאָבט זיך. — און
פּאָסטאָװ. — מיוחסדיקע אוקראַיִנישע דעלעגאַטן. — װעלנער
באַשיצן אונז . . . . . . . . . . . . . . . . . 5

## קאַפּיטל II

און קיעװ. — מען קריגט נישט קיין דירות. — און
א באַקאַנטן הויז. — און קיעװ איז נישט בעסער װי און
ראָװנע. — באַאָס און אַנאַרכיע. — און דער גאַנצער שטאָט
שיסערײַען. — עס הילפֿט זיך צוריק אַהיים. — הידראַטאָל
בײַ דער באַן. — מען װאַרפֿט זיך װי א פֿיש און װאַסער.—
א נסיעה מיט א קינד פֿון נײַן טעג. — די היפּנאָטיזירנדיקע
װירקונג פֿון אַן עופּעלע איף צעױשעטע װעלנער. — דער־
צוג גייט שװאַך און די נערװן װערן צעשרויפֿט. — און זדאָל־
בונאָװ. — נײַע שרעק. — א מלחמה און ראָװנע. — זדאָל־
בונאָװ א מלחמה־לאַגער. — און רעבטן קנויל פֿון קריג. —
מען פֿײַערט פֿון אַלע זײַטן. — אַ זינגענדיקער מיליטערלאַ־
גער. — א ייִד, װאָס איז זיך מוסר־נפֿש. — װאָפּנשטיל־
שטאַנד. — גוט אָפּגעשניטן. — די באָלשעװיקעס באַשיסן
קיעװ. — בײַסן טעג און קעלערס. — װידער א שטאָט אָן

א מאבט. — יונגע שיסן און אַלטע קרעכצן. — מען בענקט
נאָך משיחן . . . . . . . . . . . . . . . 17

## קאַפּיטל III

די דירעקטאָריע און די דייטשן. — א געצהאונגענער
שידוך צווישן א שטארקן און א שוואכן צד. — דער דײַ-
טשער אָנזאָג צו דער עקזעקוטיווע פונם אַרבעטער- און
סאָלדאטנראט. — די שמחה אין שטאָט. — דינסטיק, דעם
7-טן פעברואר. — דער איינדרוק פונם דייטשישן מיליטער.—
די ראָהנער סטראטעגיקער. — די אָרדענונג אין שטאָט. —
מען רייניקט די הויפן און די גאסן. — מען קען רואיק
שלאָפן. — דער דייטש שטעקט אומעטום אריין דאָס אויג.—
א פּאַרשפּעקטיקטער צוג מיט באָלשעוויסטישן מיליטער. —
א נאכט אין פּראָסט. — ווי אזוי די דייטשן באשטראָפן
אמאָל. — אוקראינע און דייטשלאנד. — מען ווייגט די פע-
טע שטחים פון אוקראינע. — גראף טשערנינס השבון. —
אוקראינע האַלט אויס דייטשלאנד און עסטרייך. — א פּאַר-
מלחמהדיקע שטילקייט אין שטאָט. — א מיינונג פון אן אי-
בערגעשראָקענעם קרעמער. — דער טעם פון שלאָפן רואיק 27

# קאַפּיטל IV

די צענטראַלע ראַדע און די דייטשן. — די דייטשישע מלוכה־פירער און די דייטשישע מלחמה־פירער. — דער מצב פון דייטשלאַנד. — אַן אויבצוג פון גראַף טשערנינס מעמוארן. — די קאָמבינאַציעס פון די דייטשישע מלחמה־פירער. — די דייטשישע פּאָליטיק אין וואָלין און אוקראַינע. — די רעקוויזיציעס אין דאָרף. — קעגנזייטיקע אויסראָטונג. — דער העטמאַן סקאָראָפּאַדסקי. — די באַציִונג פון דער אויקראַינישער ראַדיקאַלער אינטעליגענץ צו די דייטשן. — אין די שטעט איז שטיל. — וויפל דאַרף האָבן אַ מענטש, אַז ער זאָל פאַרגעסן די יסורים. — די מורא טאָמער גייט אַוועק דער דייטש. — אַ פרעמדע אָנגעוואָרפענע מאַכט, וואָס ברענגט מיט זיך אָרדענונג. — ווידעראַמאָל די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע. — די צוציונגסקראַפט פון ארץ־ישראל. — באַלפורס דעקלאַראַציע. — חלומות ביי די אַלטע, ענערגיע און היילן ביי די יונגע. — די מפלות פון די דייטשן אויפן מערב־פראָנט . . . . . . . . . . . . . . . . . 36

# קאַפּיטל V

די לעצטע ידיעות און די ציטונגען. — מיט די

דייטשן האַלט שלעכט. — דער ראָזנער סטראַטעגיקער. — עס גלויבט זיך נישט, אַז מען קען באַזיגן דעם דייטש. — פון תפלות צו אומרוען. — עס ברעכט זיך די דייטשישע דיסציפלין. — אויף די בערלינער גאַסן. — די רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד. — דער רושם אין וואַלין. — דער רושם אויפן דייטשישן מיליטער. — אַ גלייכגילטיקע מאַכט. — פונדאַסניי באַנדיטיזם. — דער געוואַלדיקער מאָרד קעגן דער משניות־שול. — מען באַוויינט די טויטע און מען באַחיינט זיך.—דייטשישע זעלנער קעגן די אייגענע אָפיצירן. — אויסצוגן פון דעם דייטשישן קרוינפּרינצס מעמואַרן. — ווילסאָן און פאָש. — אַ מוסטער פון אומגעהאָרכזאַמקייט. — „לעשט דאָס פייער!“ — אַ קריגערישער אָנהייב און אַ טרויעריק־וואַכעדיקער סוף . . . . . . . . . . . . 45

## קאַפּיטל VI

דער פאַרגלייך צווישן רוסלאַנד און דייטשלאַנד. — אין רוסלאַנד מוז זיך אַלץ ענדיקן מיט בלוט.—זשיליאַר. — נקמה איז נישט קיין יידישע זאַך. — ווילהעלמס גורל. — אַ זיצונג פון גענעראַלן. — גענעראַל גרענער. — די רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד. — פּסקאָוו און ספּאַ. — די אָפּטע

ידיעות פון בערלין. — מען פאָדערט, אז הילהעלם זאָל אבּ-
דיקירן. — אויך הינדענבורג איז פאַר הילהעלמס אבדי-
קאַציע. — וואָס זאָגן די אַרמעע-קאָמאַנדירן. — דער וועדט
פון דער שבועה. — די סצענע אין פּאַרק. — די שווייגנדיקע
סעודה. — אנגסט און פאַרצווייפלונג. — א ממשלה האָט
פּינט לאַטעס. — דער מושל פון דייטשלאַנד מאַכט פּליטה 57

## קאַפּיטל VII

דער לאַנגזאַמער צוריקצוג פון די דייטשן אין וואָלין
און אוקראַינע. — פּעטליורע ווערט מפורסם. — סקאָראָפּאַד-
סקים ממשלה וואַקלט זיך. — דער קניפּל ווערט אויפגע-
בונדן. — דער אוקראַינישער פּויער ראַנגלט זיך מיט די
דייטשן. — די אייזנבאַן-ליניעס זענען נישט זיכער. — ווי
האָט אויסגעזען קיעוו אין יענע טעג. — מען הוליעט, אָבער
מען פילט, אז א שלעכטער סוף איז נאָענט. — די אָרעמע
קוואַרטאַלן זעען אויס פאַרדעכטיק. — דער יקרות. — די
קאָמישע מלחמה צווישן די אָנהענגער פון העטמאַן און פּעט-
ליוראַוועצעס. — ווי אזוי אַן אַלטער גענעראַל פירט זיך אין
אזא מין קריג. — א שטאָב פון שיכורים. — דער העטמאַן
צאָלט גוט געלט „זיין“ מיליטער. — א פּראָגנאָז פון פּורים-

שפּילער. — אַ קאָמאַנדיר, וואָס גייט אַרום מיט אַ פּלאַש
שנאַפּס אין קעשענע. – דער טרויעריקער סוף פונם פּורים-
שפּיל. — מען מאַכט פּליטה.—פריילעכע זאַטע דייטשן. —
אַ מעשה מיט אַ פאָטאָגראַפיע. — סקאָראָפּאַדסקי פאַלט
אַראָפּ פון בענקל . . . . . . . . . . . . . . 69

## קאַפּיטל VIII

דער באַנפּאַרקער בײַ די דײַטשן. — די דײַטשישע
אָפּגעשוואַכטקייט אין וואָלין און אוקראַינע. — אַ דײַטשישער
אָפיציר זיצט אויפן טראָטואַר און וויינט. — ראָזנע איז נאָך
פעסט בײַ די דײַטשן. — מען וויל זיך נישט שיידן מיט זיי
צוליבן פּחד פאַר באַנדיטן און אומרוען. — די אומגעריכטע
פּליטה פון די דײַטשן אין ראָזנע.—דער רושם אין שטאָט.—
אַן אוצר פון פּראָוויאַנט און אַמוניציע אויף הפקר. — אַ יום-
טוב פון פויערים און קבצנים. — ראָזנע הערט פאַרפּלייצ-
פון אומרואיקע פויערים. — די נײַע אוקראַינישע מאַכט. —
דער קאָמענדאַנט ראַטשוני. — פּעטלורע און קאָמעניעץ-פּאָ-
דאָלסק. — די מאָביליזאַציע. — די לאַגע פון די פּריצים.—
די ברידער פּלאַטער. — די דאָמבראָוויצער רעפּובליק. —
יידן זיפצן שוין באַצײַטנס . . . . . . . . . . . . 85

## קאַפּיטל IX

מען לעבט אין אין שרעק. — רציחות אין מיטן העלן טאָג. — דער נייער קאָמענדאַנט. — דער סוף פון יידישע סוחרים, האָס האָבן זיך א ביסל צוגעאיילט. — מען דאַרף זיין א מבין אויף דזאיקיט. — דערשאָסן און צעראַבירט צוויי און צוואַנציק יידן אין באַבמאַטש. — רציחה און מלוכה. — די אוקראַינישע שפּראַך און די אוקראַינישע אינטעליגענץ. — דער נייער באַפעל וועגן טוישן דאָס געלט.— א פאַרשווין, האָס גיט זיך אָן פאַר א גענעראַל און נעמט צו אַ סך געלט. — די מלוכה-באַנק מאַכט ניטע געשעפטן. — דעם פויערס שאַנס. — באַנעס אַנשטאָט קליינגעלט. — פּריוואַטע באַנעס.—די באַנעס פון דער ביר-פירמע „בערגשלאָס". — מען לעבט מיט געמאָלטע פאַפּירלעך. — באַנדעס רוצחים אַנשטאָט מיליטער. — די פּאָגראָמען אויף יידן אין אוקראַינע . . . . . . . . . . . . 97

## קאַפּיטל X

אַנשטאָט א מלחמה-פראָנט א רציחה-פראָנט. — א באַנדיטן-אָנפאַל אויף דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג אין אוקראַינע און האָלין. — דער באַנדיטישער נאַליוואַיקאָ-

פֿילק. — מען פֿירט אַרויס צווײ פֿורן ביר און מען זאָגט אַפֿילו נישט אַ „גוטן טאָג“. — אַ רואיקע חלוקה אויפֿן וואָקזאַל פֿון אַראָפּגעצויגענע פּוטערס און זייגערס. — מען זוכט בײַ מיר אַ פּוילישן גוטבאַזיצער, וועלבן מען „דאַרף“ דערשיסן. — די באַדײַטונג פֿונם וואָרט „אַרעסטירן“. — מײַן פֿרויס דרײַסטקייט. — פּעטליורעס בסדרדיקע מפּלות.— ראָווגע פֿאַרהאַנדלט זיך אין אַ רעזידענצשטאָט. — אַ פֿאַר־פֿלייצונג פֿון קאָזאַקן. — גענעראַל קאַהענקאָ. — אָרדענונג אין שטאָט מיט אַ געמיש פֿון קליינע פּחדימלעך. — קבצנית אַלס שוצמיטל . . . . . . . . . . . . . . . . . 106

## קאַפּיטל XI

קאָזאַקן אין פּאַטרולן אין די גאַסן. — די גאַנצע שטאָט ווערט פֿאַרהאַנדלט אין אַ תּפֿיסה. — די „שרעק־פּאָסט“. — אַ פּאָגראָם אָן געשרייען. — אַ לאַנגער שווע־רער ווינטער. — דער מוראדיקער רושם פֿון דעם פּראָסקו־ראָווער פּאָגראָם. — דער דיוויזיע־שעף און זײַן ייִדל אַלס דענשטשיק. — דער גענעראַל פֿאָדערט אונזער פֿרײַלן צו זיך אין ציטער, ווײַל ער וויל אַ ביסל פֿאַרברענגען מיט איר. — עס שמעקט מיט מיטלאַלטער. — אַ דרייסטע

מײדל. — מײן הײבס עצה. — אַן אומדערװאַרטער סוף. — אַן אײדעמל אױף קעסט.—אַ בהלה אין מיטן דער נאַכט. — מען נעמט ערזבניקעס. — אַ שמועס צװישן אַן ערזבניק און פּעטליורעס אַן אָפּיציר. — זיך קלוג אױסגעטענהט. — דער אָטעם פֿון פּאָגראָמען . . . . . . . . . . . . . . 115

## קאַפּיטל XII

אָסקולקאָ הײט אָפּ די שטאָט פֿון פּאָגראָמען. — די גאַליציאַנער סיטשעװיקעס.—יעדער פּאָגראָם קאָסט אַ שטיק טעריטאָריע. — װעלנער שהערן אָסקולקאָן. — פּעטליורעס מליצה װערט אַלץ מער אײנגעשרומפּן. — דער אַטאַמאַן־פּאָגראָמשטשיק פּאַליענקאָ. — מײן נײער שכן, װאָס פֿירט אַרײַן צו זיך אין צימער אָנגעראַבעװעטע זאַכן. — די נײַע מהומה אין שטאָט. — באָלשעװיקעס גײען. — פּאַניק צװישן װעלנער. — אַן אָפּיציר װיל זיך ראַטעװען דערמיט, װאָס ער שנײַדט זיך אָפּ דעם קאָזאַקן־טשוב. — די בהלה בײַ אונדז אין הױז. — די טענות אין קאָמיסאַריאַט. — אָפּיצירן־פּחדנים. — צי װײסט איר, װאָס אַזױנס איז שרעק? — גוט איז נאָר דעם פֿרומען מענטשן. — דער צער פֿון די יונגע. — פּחד מאַכט פֿון אַלץ אַ תּל . . . . . . . . . . . . . 126

## קאַפּיטל XIII

א פּסח מיט מצה און קניידלעך, אָבער אָן פרייד.— פּיער מיט וואַסער. — דער ערשטער קרבן אין ראָהנע. — פאַראַן צייטן, ווען מען טאָר נישט זיין קיין גביר. — צער און אַנגסט פון עשירות. — טריומפירנדיקע בליקן. — די מחלוקת צווישן פּעטליורען און אָסקולקאָן. — ראָהנע עוואַקוי-אירט זיך. — צווישן צוויי פלאַמען. — פּאָליאַקן נישט ווייט פון ראָהנע. — א פּלאַן אַרויסצופאָרן קיין וואַרשע. — א קאַמף אויף לעבן און טויט צווישן צוויי „מלחמה-פעלדער“.— ראָהנע זאָל הערן א שלאַכטפעלד. — דער פּאָגראָמשטשיק פּאַליענקאָ. — אַן אָהנט-שמועס מיטן פּאָגראָמשטשיק. — מלחמה געבונדן מיט פּאָגראָמען און פּאָגראָמען געבונדן מיט מלחמה. — אין דערוואַרטונג אויף א שלאַכט און אויף א פּאָגראָם.—מיטן געהער און מיט די אויגן אויף דער גאַס.— דער נאַכט-אַרעסט פון דעם פּאָגראָמשטשיק. — זיינע זאָרגן וועגן די אָנגעראַבירטע זאַכן. — עס ווערט אונז לייכטער אויף דער נשמה . . . . . . . . . . . . . . . . 136

## קאַפּיטל XIV

א נצחון, וואָס פאַרלייכטערט נישט די לאַגע. — מען

מוז זיך ארויסשעקלען פון ראָמנע. — בלויז איין וועג. — מען פארקויפט דעם פּראָוויאַנט. — וואָס ייִדן רעדן צווישן זיך. — א רשימה פון הימלשרייענדיקע פארברעכנס. — קללות, וואָס רייסן זיך אומגערן ארויס פון טיפן הארצן. — ווי מען פילט זיך אין א באַשטימטער מאכט. — א יידישע שמירה. — מנוחה פאר אלעמען גלייך. — די ריין יידישע איינגעשאפט. — א קליינטשקע זעלבשטענדיקע רעפּובליק.— פון דריי זייטן. — אן אינזעלע אין א מיטן רוישיקן ים. — וואָס מען פרעגט ביי איינאנדער אינדערפרי, ביטאָג און ביי נאכט. — דער לשון פון ביקסן און דער לשון פון הארמאטן. — פחד פאר די רעשטלעך פון די פעטליוראָווצעס . 149

## קאפּיטל XV

די באָלשעוויקעס וועלן דאך אריין אין ראָמנע. — אָן אן אויסוועג. — מען קוויטשעט מיט די שטערנס און מען ישובט זיך. — א באהעלטעניש ביי אן ארבעטער. — א הייל א קבר און שווערע גאָון פון זומפּן. — דער ארבעטער אליין קען ארויסגעבן. — א פאנצערצוג מיט הייראמאקן. — די ריכטיקע פּאַגראָמשטשיקעס. — מען פאָדערט א הויכע קאָנטריבוציע.—וואָס מען שמועסט צווישן זיך. — התלהבות-

דיקע יונגעליים און לייבטגלוביקע עלטערע מענטשן. — נישט דער ערשטער קרבן, נאָר אַ קרבן גלייך מיט אַלע־מען. — דער תענוג פון אַן אייגן ווינקל. — חלומות און פאַנטאַזיעס אין אַ צייט, ווען מען שטייט אויפן ראַנד פון אָפּגרונט . . . . . . . . . . . . . . . . . 159

## קאַפּיטל XVI

די היידאַמאַקן האַלטן וואָרט. — מען זעט דעם טויט פאַר די אויגן. — אַ שיסעריי פון האַרמאַטן. — אַ גאַנצע שטאָט שרייט געוואַלד. — מען דאַרף זיך ראַטעווען. — מיין פרוי מיטן קראַנקן קינד פאַרלאָזן דאָס הויז.—מען פאָדערט געלט און ביזשוטעריע. — אויפן הויף פון זאַוואָד.—קריסטן שפּאַצירן אַרום פראַנק און פריי איבער די גאַסן. — איך זוך אַ באַהעלטעניש. — אין די קעלערס און אויף די בוי־דעמער. — אין קאַלבגרוב. — ווידעראַמאָל אויפן הויף. — אַ קורצער שמועס מיט די אַרבעטער. — וואָס איז די בע־סטע רפואה אין אַ פּאַניק. — געהאַלדן פון טויטשרעק און האַרמאַטן . . . . . . . . . . . . . . . . . . 167

## קאַפּיטל XVII

איך הער, ווי מען שעכט מענטשן.—אלץ איז פּיינט־
לעך און פּיינלעך. — איך קריך אריין אין קעלער. — אין
א 500־עמערדיקן פּאַס. — איך דערמאָן זיך אין דיאָגענען.—
דער פּיין פון הארטן. — שעהן, וואָס ציען זיך ווי יאָרן. —
מען שמועסט זיך דורך פון פּעסער. — יעקב אבינוס מע־
טאָרע. — פּחדנות. — א נאַכט אין פּאַס. — די בשורות
אינדערפרי. — מען קען נישט טראַכטן. — דער וויזיט פון
די באַנדיטן ביי מיר אין הויז. — פינף און צוואַנציק הרוגים
אין דער ערשטער נאַכט. — יעקב שטרייכמאַן. — מען
דאַרף ווידער קריכן אין פּאַס . . . . . . . . . . . 176

## קאַפּיטל XVIII

א יידישע דעלעגאַציע.—ביים גענעראַל קאָזענקאָ. —
מען קריכט ארויס פון די קעלערס. — מען מאַכט אָרדע־
נונג אין שטאָט, אָבער מען איז נישט זיכער מיטן מאָרגן. —
פּאָגראָמטשיקעס־אַגיטאַטאָרן און אונטערהעצער. — מען
היילט דערהרגענען דעם גענעראַל קאָזענקאָ. — ער מאַכט
פּליטה. — די שטאָט ווידער אויף הפקר. — פּאָרשטייער
פון דער שטאָט ביי די באָלשעוויקעס. — א שמחה אויף א

חײלע. — איך זיץ צוריק אין פּאַס. — אַ שיסערײַ פון האַר·
מאַטן צווישן די באָלשעװיקעס און די פּאָגראָמשטשיקעס.—
פאַרשײדענע מינים פּחדים. — די גערינכטע באַפּעלקערונג
פון אונזערע קעלערס. — מײַן פרוי מאַכט שבת אונטער אַ
שיסערײַ פון האַרמאַטן. — צעשעדיקטע הײַזער. — דער
סוף פונם קאַמף צווישן די באָלשעװיקעס און די פּאָגראָמ·
שטשיקעס. — װידער אַ נאַכט אין קעלער. — פרײד און
געװײן צוזאַמען. — ייִדן און באָלשעװיקעס . . . . . 185

## קאַפּיטל XIX

װידעראַמאָל דאָס ייִדל פון דיװיזיע·שטאַב. — מען
פאַרנעמט מײַן זאַלאַל. — װאָס זע איך, װען איך קריך אַרױס
פון קעלער. — אַ שמועס צווישן מײַן הײַזמײַסטער און אַ
באָלשעװיסטישן רײַטער. — דײַנס איז מײַנס. — די אידע·
אַלע ברידערלעך. — די װעלט איז אַ גן·עדן מיט אַ פּאָר
פעלערלעך, װעלכע מען מוז באַזײַטיקן. — די שמחה פאַר·
ענדיקט זיך מיט צװײ פּאָר נײַע שטיװל, פאַר װעלכע מען
באַקומט אַלטע און צעריסענע. — ס'איז װײער אָנגענעם צו
זײַן אַ צושױער פונם דײַנס·מײַנס·שפּיל. — דער מענטש און
זײַן אײגנטום. — פּאַר גבירים און פאַבריקאַנטן דער עולם·
האמת. — אַ צו פריע נסיעה פאַר מיר . . . . . . . . 195

## קאַפּיטל XX

א גוטער און נאַיווער מענטש. — נישט אַלע לעבן גוט און ווויל. — סוחרים טראַכטן פון וועקסעלעך, קבצנים פון א מיטאָג. — אפילו דעם גרויסן עושר איז טיילמאָל אויך נישט אזוי פייגלדיק.—עס הייבט זיך אָן א נייַ לעבן.— מען מאָר נישט געבן קיין לאַפּוּאַזקע. — די מלוכה דאַרף זאָרגן פאַר דער באַפעלקערונג. — די באָלשעוויקעס און די נביאים. — די ערשטע פאָדערונג פון די צעיושעטע באָל-שעוויסטישע זעלנער. — דער גוטער פאַבריקאַנט כאַפּט קלעפּ, אָבער שלינגט זיי רואיק אראָפּ. — די צווייטע פאָ-דערונג. — הידעראַמאַל קלעפּ, פון וועלכע מען פאַלט אריין אין יאוש. — פאַרלאָרן דעם בטחון.—פון א באָלשעוויק ביז משיח איז נאָך זייער ווייט . . . . . . . . . . . . . 201

## קאַפּיטל XXI

דער ויברח פון ראָוונע. — מיינע באַגלייטער און באַשיצער. — אויסערלעך אָן אומגעפערלעכע אונטערנע-מונג. — דער איבערגעפּאַקטער וואָגן. — די ריכטיקע בנילזפינדיקע רויטאַרמעער.—מען נעמט אונז אָן פאַר פּעט-לוראָהצעס. — איך שאַר מיך אוועק. — ביי קאַסיאַנען אין

באַטקע.—איך גיי צוריק קיין ראָהנע הורך וויטיקע הענן. — מיין נייע באַהעלטעניש. — א שטיל הייזל און אַ פרובט־גאָרטן. — א ווינקל פון באַהאַלטענע צאַרישע אָפיצירן. — דער טעם פון אויסבאַהאַלטן זיך. — נאַכט־קאָשמאַרן. — געדולט דאָס איינציקע רעטונגסמיטל. — דאָס דאַרף מען זיך זאָגן, בעת מען באַהאַלט זיך אויס. — מיינע באַגלייטער האָט אָפּגעגליקט . . . . . . . . . . . . . . . 210

## קאַפּיטל XXII

די געהיימע פאַרבינדונג מיט מיינע נאָענטע. — די רעגיסטראַציע אין דער קאָמענדאַנטור. — מען וויל דער־הרגענען צוויי האָזן מיט איין קלאַפּ. — וואו בין איך — אין ראָהנע, צי אין לוצק? — א קליינטשיק פלאָנטערל. — דער פאָרזיצער פון ראָהנער רעווקאָם. — די גרויסע קאָנ־טריבוציע, וואָס הערט אַרויפגעלייגט אויף דער באַפעלקע־רונג. — מיין פרוי ביי דער שהיגער פונם רעווקאָם־פאָרזי־צער. — א כאַראַקטעריסטישער שמועס מיטן פאָרזיצער.— „מיר צעשטערן דאָס אַלטע און בויען דאָס נייע אויפן צע־שטערטן. — צהעלף א וויגער ביינאַכט מיט א האַליזע געלט. — די רציחה אין דער משעבישער קאָלאָניע. —

דער יחסן איז דער ארבעטער. — וואָס יידן שמועסן
צווישן זיך . . . . . . . . . . . . . . . . 220

## קאַפּיטל XXIII

דער דוחק אין שפּיזפּראָדוקטן. — דער פּויער פירט
אויס די שטאָט.—די קרעמער פארגראָבן זייערע סחורות.—
ראָטנע באַקומט מיטאַמאָל א מראה פון א קבצנישער
שטאָט. — מענטשן גייען אין שמאַטעס. — ווי מען האָט זיך
באַגעגנט אַמאָל און ווי מען באַגעגנט זיך היינט. -- מען באַ-
רימט זיך מיט אָרעמקייט. — א בידנער הערינג איז מחיה
דאָס אויג אין דעם אַפּעטיט. — דער בונט פון די אָרעמיקע
פּויערים. — א שטאָט אין גרויסע סכנות. — א מוראדיקע
קעגנזייטיקע שיסעריי. — אָפּגעטריבן די פּויערים. — ראָטי-
נער יידן מעגן גומל בענטשן. — די בלוטיקע געשעענישן
אין וואָהלין. — יידישע קינדער הערן באַגראָבן לעבעדיקער-
הייט.—ווען דער פּויער הייבט אויף א האַק אָדער א ביקס.—
צוויי זעק מיט קאָמינע . . . . . . . . . . . . . 228

## קאַפּיטל XXIV

אין קאַמף מיט די נערוון. — די טרייסט אין מיין
איינזאַמקייט. — די פעטער פירט מיך אַרויס אויפן העג·פון

זכרונות. — איך פאַרגראָב מיך אין עבר. — אַ באַהעלטע־
ניש אין אַ באַהעלטעניש. — באַראָן פאָן קעק. — צוועלף
אַ זייגער ביינאַכט דאַרף אויסבראַכן אַ פאָגראָם אויף יידן.—
געוואַלדן און שיסערייען. — אומבאַקאַנטע מענטשן אונטער
אַגרעסן־קוסטעס. — אומזיסטע פחדים. — ווי עס ווערט
געשאַפן אַן אוצר־לעגענדע. — דער גרויסער מיטינג מיט
דיסקוסיעס. — יוסף ק. — פּויערשע פראַגן און באָלשע־
וויסטישע תשובות אַלץ וועגן יידן. — ווער זענען אייגנטלעך
די רויטאַרמעער. — יוסף ק.ס טראַגישער טויט. — צוויי
וועגן: לעבן אָדער טויט . . . . . . . . . . . . . . . 235

## קאַפּיטל XXV

נאָך אַלץ נישטאָ קיין מנוחה און אָרדענונג. — די
רויטאַרמעער ווילן אַ הייליגע טאָן. — האָס הייסט אַ זעלנע־
רישע הייליגקייט. — אַ קאַלטער מביל ראַטעוועט אַ שטאָט.—
אַ פאַרשטערטער שביעית. — אַ קאַמף פון די האַלערטשי־
קעס מיט די באָלשעוויקעס. — די סימפּאַניע פון ביקסן,
קוילנוואַרפער און האַרמאַטן. — די האַלערטשיקעס אָפּגע־
טרעטן. — אַ טייערע סגולה צו איבערגעוועטיקטקייט און
אַפּאַטיע. — דער פּויער ווערט בסדר געהעצעט קעגן יידן.—

מיען צעהאַקט אַ ייִדן אויף שטיקער. — די טראַגעדיע און קאַסטאָפאָל. — מען ברענגט יידישע קינדער שבת צו דער קבורה און מען שפּילט שאַפּענס טרויערמאַרש. — וואָס ייִדן שמייעסן צווישן זיך. — נישטאָ מיט וועמען צו גיין, מיט וועמען זיך צו באַהעפטן . . . . . . . . . . . . . 243

## קאַפּיטל XXVI

צוויי חדשים אונטער דער באָלשעוויסטישער ממשלה. — איך בין נאָך אַלץ אַן אומלעגאַלער מענטש. — די נגישות פון די באָלשעוויקעס ביי מיר אין הויז. — דאָס לעבן פאַר די האָרעפּאָשניקעס, דער טויט פאַר די בורזשוי-יעס. — קיריל און זיינע סטראַשונקעס. — געזוכט פאַר יע-נעם אַ ביטערן סוף און אַליין אים באַקומען. — דער תענוג פון עבר. — זיועראַמאָל דער וועג פון מיין לעבן. — פון לייפּציג ביז ראָזינע. — ביז דער וועלט-מלחמה עבר, פון דער וועלט-מלחמה זוירקלעבקייט. — פּחד דער איינציקער באַגלייטער אין לעבן. — פראַגן, וואָס שווימען אַרויס פאַר מיר הונדערט מאָל אַ טאָג . . . . . . . . . . . . 250

